מ. ווינער

# עטיודנ וועגנ מענדעלענ

## אינ די זעכציקער אונ זיבעציקער יאָרנ




פארלאג „עמעס“, מאָסקווע 1935

רעדאקטער — מ. ליטוואקאָוו.

Редактор — М. Литваков· Техред — М .Погостер. Корректор — М. Иткович. Сдано в произв. 3/XI 35 г· Подписано к печати 29/Ш 35 г. ф .б. 82X100$^{1}/_{32}$. 12$^{1}/_{2}$ п.л.
Уполномоч. Главлита Б—2372
„Эмес" № 101. Тираж 2000.
Тип. „Эмес", Москва,
Покровка д. № 9.
Закак № 812,

# 1

די ייִדישע פּראָלעטארישע געזעלשאפטלעכקײַט אינ ראטנפארבאנד באציט זיכ מיט א באזונדערער אופמערקזאמקײַט צו דער ליטערארישער יערושע פונ מענדעלע מויכער-ספאָרים. דאָס האָט באוויזנ דער ברייטער געזעלשאפטלעכער פארנעמ פונ די פײַערונגענ בא אונדז אינ לאנד אינ צוזאמענהאנג מיט מענדעלעס צענטנ יאָרצײַט (1927), אונ אויכ דער רײַכער צושטראָמ פונ נײַער ליטעראטור וועגנ מענדעלענ אינ אונדזער סאָוועטישער ליטעראטור-וויסנשאפט.

אָבער דער קלאָרסטער באווײַז פארנ אינטערעס פונ די ברייטסטע קרײַזנ פּראָלעטארישע לייענער אינ ראטנפארבאנד צו מענדעלעס ליטערארישער יערושע איז איר פארשפּרייטקײַט, וואָס האָט אינ די לעצטע יאָרנ נייטיק געמאכט (לעהייפּעכ צו דעמ, וואָס מיר זעענ אינעמ קאפּיטאליסטישנ אויסלאנד) איבערצודרוקנ א גאנצע רײ ווערק מענדעלעס („מאסאָעס“, „פישקע“, „ווינטשפינגערל“ אאַ.) אונ בא הײַנטיקנ טאָג — א נײַע אויסגאבע פונ מענדעלעס געזאמלטע ווערק, וואָס ווערט צוגעגרייט פונ סאָוועטישע ליטעראטור-פאָרשער. אזא אויסגאבע וואָלט אינ קאפּיטאליסטישנ אויסלאנד, וואָס ווערט צעפרעסנ פונ קריזיסנ, ניט מעגלעכ געווענ. ניט בלויז איבער עקאָנאָמישע סיבעס, נאָר טאקע אויכ איבער דעמ, וואָס די בורזשואזע, פאשיסטישע אונ סאָציאל-פאשיסטישע ייִדישיסטנ, אינ ווּעמעס הענט סע ליגנ אינ קאפּיטאליסטישנ אויסלאנד די פארלעגערישע מעגלעכקײַטנ בענעגייע ייִדישע ביכער, באווײַזנ זײַט א היפּשער צײַט גאָר א קנאפּנ אינטערעס צו מענדעלעס שאפנ.

דאָס איז ניט קײנ צופאל. ניט די פארינטערעסירטקײַט פונעמ פּראָלעטארישנ סאָוועטישנ לייענער פאר מענדעלענ אונ אויכ ניט דער פאקט, וואָס מענדעלעס ליטערארישע יערושע ווערט פארנ ייִדישיסט אלצ מער אונ מער אָפּגעפרעמדט אונ גלײַכגילטיק. אונ ניט בלויז גלײַכגילטיק. אינ די לעצטע יאָרנ לאָזט זיכ אָפּט פעסטשטעלנ באמ ייִדישנ בירגערלעכנ לייענער אונ

קריטיקער א באשטימטע מער אָדער ווייניקער דײַטלעכ-אויסגעדריקטע נעגאטיווע באציִונג צו מענדעלעס שאפנ. —

עס האָט עפּעס וואָס צו זאָגנ, אויב א ניו־יאָרקער אָרטאָדאָקסיש „יִדישעס טאגעבלאט” האָט בא דער געלעגנהײַט פונ די מענדעלע-פײַערונגענ אינ ראטנפארבאנד קאָנסטאטירט א געוויסע „קרויוועשאפט” צווישנ דער פּראָלעטארישער געזעלשאפטלעכקײַט — אונ מענדעלענ, „דעם טענדענציעזנ באקעמפער פונ היסטאָרישנ יִדנטום, דעם סוינע פונ טראדיציִאָנעלנ לעבנשטייגער” [1]. דער אינטערעס פונ אונדזער פּראָלעטארישנ לייענער צו מענדעלענ ליגט טאקע אינ דער ריכטונג, וואָס די אָרטאָדאָקסישע צײַטונג ווײַזט אפ איר אָנ מיט גרימצאָרנ: — אינ מענדעלעס סינע צום טראדיציִאָנעלנ לעבנשטייגער, אינ זײַנ באקעמפנ דאָס „ה י ס ט אָ ר י ש ע י ִ ד נ ט ו ם”. אפ וויפל דאָס אלצ קומט צום אויסדרוק אינ די קינסטלערישע געשטאלטנ אונ בילדער, וואָס מענדעלע האָט געשאפנ, טאקע אפ אזויפיל איז די פּראָלעטארישע געזעלשאפטלעכקײַט פארינטערעסירט אינ זײַנ „יערושע”.

דער סאָציִאל־פאשיסטישער רעדלפירער אייב קאהאנ איז סאָפ 1924 יאָר אינ זײַנ „פאָרווערטס” ארויסגעטראָטנ מיט א ריי ארטיקלענ קעגנ מענדעלענ. דעם אינהאלט פונ די דאָזיקע ארטיקלענ כאזערט ער איבער אויכ אינ זײַנע „בלעטער פונ מײַנ לעבנ” [2]. „איכ האָב שוינ בא מערערע געלעגנהײַטנ אויסגעדריקט די מיינונג, אז מענדעלעס באדײַטונג פאר דער געשיכטע פונ דער יִדישער ליטעראטור באשטייט נאָר אינ דעם, וואָס ער איז געוועזנ פילײַכט דער ערשטער, וואָס האָט גענומענ שלײַפנ די שפּראכ אונ צופּאסנ איר (זי—מ. וו.) צו ליטעראַרישע מאנירנ. וואָס אָנבאטרעפט אָבער דעם עמעסנ ווערט פונ זײַנע זאכנ, גלייב איכ, אז פונ א ריכטיקער אָפּשאצונג האָט מענ זיכ צוריקגעהאלטנ אויס רעספּעקט אונ דאנקבארקײַט צו אים אונ אויכ אויס נאציִאָנאליסטישנ געפיל. איכ גלייב, אז זײַנ „מאסאָעס ביניאָמינ האשלישי” אונ אפילע „פישקע דער קרומער” וואָלט הײַנט געוועזנ אונטער דער ווירדע פונ אירגענד װעלכנ (א „געשליפענע” שפּראכ פונ שאָמערס שונד־ראָמאנענ! — מ. וו.) מער אָדער ווייניקער אנערקענטנ שריפטשטעלער”.

דער רעדאקטער פונ דעם געלנ „פאָרווערטס” איז דאָ אינ זײַנ אָפּשאצונג מענדעלעס לאכלוטנ ניט אָריגינעל. דער ניוואָ פונ דער דאָזיקער ליטעראטור־קריטישער ארויסטרעטונג זײַנער דערמאָנט אינ אלע פּראָטים זייער שטארק אינ די נאריש־מעטורעפע „קריטיקעס” פונעמ קלעריקאל־רעאק־

---

1 איינ אנ ארטיקל: „מענדעלע אונ די יעווסעקנ” פונ 19־טנ פעווראל 1928.

2 ניו־יאָרק, 1926, באנד III, זז. 196 אונ ווײַטער.

ציאָנערן צײַטונג־טאַטראַפּ י. לעווי, דעם רעדאַקטער פונעם „ייִדישעס פאָלקס־בלאַט" (סאָפּ אכציקער יאָרן), וואָס פלעג אַפּ אזא און ענלעכן אויפן אָפּשאצן שאָלעם־אַלייכעמען און אויך מענדעלען. אזויפיל — וועגן דעם „קולטור־רעדן" ניווא פון אייב קאַהאנס אָפּשאצונג. וואָס איז שייַעך דעם טאָכ אירן, איז דאָ אין דעם פראט פאראנ א „רײַכע" טראַדיציע.

י. לערנער איז באזונדערס ארום די 90־ער יאָרן, ווען ער איז געוואָרן א נאציאָנאל־ליבעראל און א ייִדישיסט, זייער שארפ ארויסגעטראָטן קעגן מענדעלעס שאפן, — פון א נאציאָנאליסטישן שטאנדפונקט, כאָטש ער ארגומענטירט זײַן קעגנערשאפט מיט קלוימערשט „לינקער" פראזעאָלאָגיע. דער מענשעוויק א. ווײַטער האָט מענדעלעס שאפן בעפיירעש פײַנט געהאַט, כאָטש ער האָט זײַן באציִונג — טאקע צוליב ייִדישיזם—גענוג אײַנגעהאלטן ארויסגעזאָגט. דער איצטיקער ווײַסער עמיגראנט טשעריקאָווער — מיט מיש־טיינסגעזאָגט סאָציאָלאָגישע האמצאָעס (מענדעלע איז א מעשטשאנישער פעליעטאָניסטישער שטייגער־באשרײַבער!) און דער ייִדישער שווארצמייעניק הילעל צייטלינ מיט מאגידישע האמצאָעס (מענדעלע איז אנ אנטיסעמיט!) פאררייניקן זיך אינ א נעגאטיוון אורטייל איבער מענדעלען. דער בורזשוא־זער קריטיקער דאָוויד פרישמאַנ זעט אינ מענדעלען א „מײַסטער" פונ שטיי־גער-שילדערונג — אָבער ניט קיינ אייגנטלעכנ קינסטלער. פונקט אזוי האלט אויך דער בירגערלעכער וולגאר-קריטיקער י. ענטינ און א סאכ א סאכ ענלע־כע, וואָס ס'איז זיי דאָ ניט קעדײַ צו דערמאָנען, אז אינ מענדעלעס שאפנ איז איבער דער „טענדענציִעזקײַט" זײַנער ניטאָ קיינ קינסטלערישקײַט.

פארשטיים זיך, די דאָזיקע פארשיידענע קעגנערישע באציִונגען צו מענדעלען, וואָס מיר באגעגענען זיי אלצ אָפטער אינ דער בירגערלעכער און קליינבירגערלעכער קריטיק זײַט די לעצטע יאָרצענדליקן, האָבנ פארשיי־דענע ניואנסן און קאָנען קאָנקרעטער דיפערענצירט ווערן. אינ טאָכ אָבער באווײַזט זיך אינ דער דאָזיקער נעגאטיווער באציִונג צום גע־זעלשאפט-קריטישן שרײַבער מענדעלע — דער פראָטעסט פונעם בורזשוא אָדער קליינבירגער אינעם פעריאָד פונעם שטארבנדיקן קאפיטאליזם קעגנ דער פארניכטנדיקער אָפּשאצונג פונעם ייִדישנ בורזשוא אָדער קעגנ דער בייזער זעלבסט־אָפּשאצונג פונעם ייִדישנ קליינבירגער, וואָס סע באקומט זיך אינ מענדעלעס שאפן.

## 2

דערמיט איז לאכלוטנ ניט געזאָגט, אז יעדע נעגאטיווע באציִונג צו מענדעלען איז ענלעך צו אייב קאַהאנס. מיר ווייסן פון א גאנצער ריי (דעריקער עלטערע) שארפע ארויסטרעטונגען קעגן מענדעלען, וואָס זײַנען

געווענ מער אָדער ווייניקער גערעכט. פונקט אזוי וואָלט עס געווענ פאלש ניט צו דיפערענצירנ די פארשיידענע פאָזיטיווע באציִונגענ צו מענדעלענ — לויט זייערע אָנצ־לונגענ. אונ טאקע: אויב אייב קאהאנ זאָגט אויס דעם סאָד, פארוואָס א טייל הייַנטיקע בירגערלעכע קריטיקער אונ ייִדישיסטנ האלטנ זיכ אָפּ ארויסצוזאָגנ זייער אופריכטיקע (נעגאטיווע) מיינונג וועגנ מענדעלענ — צוליב „רעספעקט אונ דאנקבארקייַט", „אויס נאציִאָנאליסטישנ געפיל" — דעקט ער דערמיט גלייַכצייַטיק אופ, אז סאָפּקאָלסאָפּ, אינ לעצטנ סאכאקל, שטאמט סייַ די ייִדישיסטישע אָנהענגערשאפט סייַ די הייַנטיקע בורזשואזע אנטיפאטיע צו מענדעלענ, אינ טאָכ, זייער אָפט פונ די זעלבע סאָציִאלע מאָטיוונ.

וועגנ מענדעלענ דעם געזעלשאפט־קריטיקער, דעם „טענדענציִעזנ באקעמפער פונ היסטאָרישנ ייִדנטום, דעם סוינע פונ טראדיציִאָנעלנ לעבנשטייגער" (אינ „דאָס קליינע מענטשעלע", „די טאקסע", „מאסאָעס", „פישקע" אונ אינ א היפשנ טייל פונ זייַנע אנדערע ווערק) וואָלטנ ביאליק, ראווניצקי, פרישמאנ, בענ־אמי גאָר אנדערש גערעדט — ווענ ניט די ענדערונגענ אינ זייַנ וועלטאָנשויונג זייַט די 80-ער יאָרנ, ווענ ניט די באוווסטע פארשארפונג פונ זייַנע נאציִאָנאליסטישע אונ קלעריקאלע נעטיִעס אינ זייַנ שאפנ זייַט יענער צייַט, ווענ ניט זייַנ צוריק-ווענדנ זיכ צו העברעיִש זייַט יענעם פעריִאָד, ווענ ניט זייַנע אופטועג אינ די דאָזיקע אלע פראָטים. אינ מענדעלעס לעבנס-ווערק זייַנענ פאראנ אויכ רעאקציִאָנערע זייַטנ. אונ טאקע דערפאר זייַנענ אים ביאליק, ראווניצקי, בענ־אמי אונ אנדערע העברעיִסטיש־קלעריקאלע רעאקציִאָנערנ „דאנקבאר". ער האָט זיי דאָכ געשאפנ דאָס קוואזי־פאָלקסטימלעכע, „מאָדערנע" העברעיִש פאר זייער ליטעראטור. נאָכגייענדיק נאָכ עלטערע טראדיציעס, האָט מענדעלע אינ זייַנע העברעיִשע שריפטנ פארביטנ די ביבלישע מעליצע אפ די מער בייגעוודיקע, מער „שטייגערישע" מישנע־מעליצע, האָט, אזויארום, פארגרינגערט אָדער גאָר ערשט מעגלעכ געמאכט דאָס ברייטע אנטלייַענ פארשיידענע עלעמענטנ פונ דער ייִדישער לעבעדיקער שטייגער-שפראכ, אונ די העברעיִשע שפראכ דורכ דעם ביז א געוויסער מאָס ארויסגעפירט פונ דער אבסאָליוטער פארגליווערונג. דערבייַ אָבער האָט מענדעלעס געזעלשאפט־קריטיק דורכ זייַנע ציִעניסטישע פארערער געקאָנט אויסגעטייַטשט ווערנ — כאָטש טאקע אינ ווידערשפרוכ צו איר אָנצילונג — אפ א ציִעניסטישנ אויפנ אלס קריטיק פונ „גאָלעס-לעבנ", אלס אנ אופרופ צו בויענ א ציִעניסטישע צוקונפט, וואָס זאָל אנטשפרעכנ צו דער אוראלטער ראָמאנטיזירטער פארגאנגענהייַט. דאָס זייַנענ די סיבעס, פארוואָס די דערמאָנטע ציִעניסטנ אונ העברעיִסטנ פארשווייַגנ זייער אנטיפאטיע צו דעם, וואָס איז אינ מענדעלעס שאפנ געווענ עמעסדיק ווערטפול

און באַדײַטנדיק. שלינגענ זיי אראָפּ זייערע טארומעס קעגנ יענעמ מענדעלע, וואָס איז געווענ א צעשטערער פונ „היסטאָרישנ ייִדנטומ", פונ טראדיציאָנעלנ לעבנשטייגער.

דער ייִדישיסטישער ליטעראטור־היסטאָריקער מ. ווײַנרײַכ נעמט זיכ אָנ קעגנ אייב קאהאנ פאר מענדעלעס קריוודע און טרעט ארויס קעגנ זײַנ אָפּשאצונג מיט א ריי ארטיקלענ אינ „פאָרווערטס" [1].

דאָס איז אָבער לאכלוטנ ניט פונ אינטערעס צומ דעמאסקירער פונ „היסטאָרישנ ייִדנטומ", נאָר, פארקערט, פונ זײַנ, ווײַנרײַכס, פארינטערעסירטקײַט אינ „היסטאָרישנ ייִדנטומ" לויטנ ייִדישיסטישנ וואריאַנט. ער טוט דאָס ניט פונ סימפאטיע צומ סאָציאַלנ קריטיקער, וואָס איז מיט סינע, טעמפעראמענט און גרויסנ טאלאנט ארויסגעטראָטנ קעגנ די פעאָדאלישע רעשטנ אינ דער געזעלשאפט פונ זײַנ צײַט, ניט פונ אינטערעס צומ אופקלערער, וואָס האָט זיכ מיט גרויסער לײַדנשאפט אָנגענומענ פאר דער אונטערדריקטער, עקספּלואטירטער און פאראָרעמטער קליינשטעטלדיקער מאסע — נאָר פּאָשעט אלס קעמפערישער ייִדישיסט.

דער ייִדישיסטישער וואריאַנט פונעמ ייִדישנ נאציאָנאליזמ קאָנ פארנ סאָציאַל־פאשיזמ אינ אמעריקע ניט האָבנ אזא באטײַט און צוציִונג־מעגלעכקײַט, ווי פארנ סאָציאַל־פאשיזמ אינ פוילנ, לעמאָשל. ער האָט דאָרט ווייניקער אויסזיכטנ אפ רעזאָנאנס. אייב קאהאנ איז ניט „איינזײַטיק". ער אָריענטירט זיכ מיט א ברייט הארצ אפ מער פארשיידנארטיקע פאָרמעס פונ נאציאָנאליזמ, — דעמ קלעריקאלנ, ציִעניסטישנ, העברייִסטישנ, ייִדישיסטישנ אא., וואָס זײַנענ אייגנטימלעכ פארנ אמעריקאנישנ באלעבעסל און אָלרײַטניק. און וויבאלד סע פאלט אוועק דער ייִדישיסטישער מאָטיוו, קאָנ זיכ שוינ אפ אנ אנטבלויזטנ אויפנ באווײַזנ די עמעסע באציִונג צו אזא שרײַבער ווי מענדעלע.

## 3

עס איז בא דער רעאקציאָנער־געוואָרענער בורזשואזיע פונ שטענדיק אָנ געווענ א טאקטיק, צו מאכנ א שווײַג וועגנ דער רעוואָלוציאָנערישקײַט פונ אירע שרײַבער אינ יענעמ פעריאָד, ווענ די בורזשואזיע איז נאָכ געווענ רעוואָלוציאָנער, און פונקט אזוי אויכ צו איגנאָרירנ די פאָרשריטלעכע און בונטארישע עלעמענטנ אינ דער געזעלשאפט־קריטיק פונ אירע קלאסיקער ביכלאל. זי מאכט דאָ א טאמעוואטע אָנשטעל, ווי די אופקלערער און ביכלאל די מער פאָרשריטלעכע בירגערלעכע קלאסיקער וואָלטנ פונקט

1 פונ 8־טנ און 15־טנ פעווראל 1925 י.

און געגוי דאָס אייגענע אויסן געווען, וואָס די בורזשואזיע אין איר טיפ רעאַקציאָנערן צעפוילונג־פעריאָד. דאָס עמעסדיק נייע און ווערטפולע בא יענע שרייבער פארשווייגן די רעאַקציאָנערע קריטיקער, דיסקרעדיטירן זיי — קלוימערשט פון א „קונסט צוליב קונסט"־שטאנדפונקט, און יענע עלע־מענטן בא די דאָזיקע קלאַסיקער, וואָס לאָזן זיך אויסניצן פאר דער רעאַקציאָנער געוואָרענער בורזשואזער וועלט־אַנשויונג, שטרייכן זיי באַזונ־דערס אונטער, פארגרעסערן גוזמעדיק זייער וואָג און ראָליע אינעם שאפן פון די קלאַסיקער, און אויך זייער ווערט און באטייט. דורך אזא „עסטעטיש־קריטישער" אָפעראַציע באקומען זיך בא די קלאַסיקער גאָר אנדערע פיזיאָ־נאָמיעס — אינעמעסן ליגנעריש פארגרימירטע מאסקעס. די בורזשואזע קרי־טיקער פארקריפּלען די קלאַסיקער, באַזונדערס די אופקלערערישע און מער פאָרשריטלעכע, ווייל זיי שיידן פון זיי אראָפּ זייער עמעסדיקן גלאַנץ, חייל זיי ווארפן ארויס פון די קלאַסיקערס שאפן גראָד דאָס, צוליב וואָס זיי האָבן געשריבן, דאָס, וואָס די קלאַסיקער זיינען דעריקער אויסן געווען, זיי ווארפן ארויס דעם קערן פון זייער שאפן. די רעאַקציאָנערע קריטיקער שאפן פאַלשע פאָרשטעלונגען וועגן די דאָזיקע שרייבער, לע־גענדעס. די בורזשואזיע איז א שעדיקערישע, פארקריפּלענדיקע פארוואַלטערן פון דער יערושע פון די גרויסע שרייבער אין דער פארגאנגענהייט.

אנדערש אָבער די ליטעראַטור־וויסנשאַפט, וואָס שטייט אפן שטאנדפונקט פון רעוואָליוציאָנערן פראָלעטאריאַט. זי האָט ניט קיין שום אינטערעס צו פארמינערן די וואָג און דעם ווערט פונעם צענטראַלן קערן אין דער לי־טעראַטור פון דער יערושע, פונקט ווי זי קאָן ניט און טאָר ניט לויט איר אָנפּשאָרעסדיקן אנטי־אָפּאָרטוניסטישן כאַראַקטער פארשמירן אָדער פארמי־נערן דעם באטייט פון די רעאַקציאָנערע עלעמענטן בא די קלאַסיקער פון דער פארגאנגענהייט. טאקע דערפאַר, ווייל די דאָזיקע וויסנשאַפט איז באָל־שעוויסטיש־פארטייאיש, טאקע דערפאַר איז זי אָביעקטיוו. דאָס באָלשעוויס־טישע שטרעבן בויט זיך אף דערווירקלעכקייט, האָט דעריבער די באָל־שעוויסטישע וויסנשאַפט ניט קיין מוירע פאר דער ווירקלעכקייט. זי דאַרף ניט און טאָר ניט פארשמירן אָדער פארמינערן קיין שום זייט פון דער ווירקלעכקייט, סיי פון דער היסטאָרישער סיי פון דער איצטיקער. דעריבער איז דער פראָלעטאריאַט דער אייגנטלעכער און ריכטיקער יורשע און פאר־וואַלטער פונעם בעסטן, וואָס עס האָט ביז איצט געשאפן די מענטשלעכע קולטור.

די בירגערלעכע אָפּשאצערס האָבן מיט מענדעלען אָפּגעטאָן א קליינילקייט. דאָס, צוליב וואָס מענדעלע איז מענדעלע, דעם איקער, צוליב וואָס מענ־דעלע האָט ביכלאַל געשריבן, דאָס, צוליב וואָס מענדעלעס ווערק האָבן אין

זייער צײַט געפֿונענע אזא שטארקן רעזאָנאנס בא די ברייטסטע דעמאָקראַ־טישע מאסן (אין די 60־ער און 70-ער יאָרן), דאָס, וואָס סע איז אין מענדעלען צוקונפֿט-רײַך, באַדײַטנדיק, אופֿטועריש, „ווירקלעך״, קורץ: „זײַן פֿארשטאנד״ האָבן זיי צונישט געמאכט, צעריבן, פֿארשוויגן, פֿארשמירט אָדער „איבערפֿארטײַטשט״. און דאָס, וואָס סע איז אין אים „אומ-ווירקלעך״, זײַן „פּ אָ ר ו ר ט י י ל״, דער פּאָרורטייל פֿונעם קליינבירגער, דאָס, וואָס סע איז אין אים עפּיגאָניש, רעאקציאָנער נעכטיק און אפּאנעמעסנ „אלטווארג״ — האָבן זיי ארויסגעהויבן, אונטערגעשטראָכן און געלויבט אין הימל אריין. דאָס האָבן געטאָן באַלמאכשאָוועס, ניגער און די קאָלעגלייך ווײַנרײַכס. „פֿישקע״ און „דאָס קליינע מענטשעלע״ זײַנען, לויט ווײַנרײַכן, „אומהארמאָניש״, ווײַל „אויסגעמישט מיט פּובליציסטיק״; „די טאקסע״ איז „אלטווארג״ — דערפֿאר אָבער איז אזא ווערק ווי „שלומע רעב כאַיִמס״, כאָטש ס׳איז ניט ווייניקער אויסגעמישט מיט „פּובליציסטיק״, ווי „די טאקסע״, נאָר איצט שוין מיט א רעאקציאָנערער „פּובליציסטיק״ — „קימאט פֿולקומע״ קונסט.

4

מענדעלע האָט אמאָליקע יאָרן געהאט אנדערע קעגנער, אנדערע קרי-טיקער, כאָטש טאקע קליינבירגערלעכע, וואָס האָבן אים אויסגעוואָרפֿן דאָס-קע זײַן צומאָליקע באמיִונג צו „שרײַבן לשמה״.

קאָוונערס ארויסטרעטונגען קעגן מענדעלען אין אָנהייב־פּעריאָד פֿון זײַן שאפֿן זײַנען געווען גערעכטע און ווערטפֿולע. אפֿ וויפֿל מענדעלע האָט זײַנע טײַנעס אָנגענומען — קאָוונערס קריטיק האָט דעמלט אפֿ אים אָן סאָפֿעק געהאט א גרויסע ווירקונג — זײַנען זיי פֿאר זײַן שאפֿן ביז גאָר פֿרוכטבאר געוואָרן.

א. קאָוונער, וואָס איז צו יענער צײַט לויט זײַן סאָציאַלער אײַנשטע-לונג גאָרניט אזוי אומענלעך געווען צו מענדעלען, ווי סע קאָן זיך דוכטן, האָט מענדעלען קריטיקירט פֿון א שטאנדפּונקט, וואָס האָט קאָנסעקווענטער פֿארבאוווסטזיניקט דעם פּאָזיטיוויסטישן „רעאליזם״ פֿון יענער צײַט. לי-נעצקי ווידער קריטיקירט מענדעלען אויך ניט פֿון סאָציאַל־קעגנזעצלעכע פּאָזיציעס, נאָר פֿון זײַן דירעקטערער „פֿלעבייִשער״—כאָטש טאקע מער אינ-סטינקטיווער איידער פֿארבאוווסטזיניקטער — פֿארבונדנקײַט מיט דער קליינביר־גערלעכער דעמאָקראטישער מאסע. לינעצקי האָט זײַט די 80־ער יאָרן אליינ מיטגעמאכט דעם וועג צו רעאקציע, צו אפּאָלאָגיע פֿון „געלײַטערטן״ קלע-ריקאליזם, פֿון כאסידיזם, וועלכן ער האָט פֿריִער באקעמפֿט, ער האָט מיט־געמאכט דעם וועג צו ציִעניזם, צו רעליגיע (יידישע איבערזעצונגען פֿון טפֿי־

לעס) אאוו. אָבער אינ יאָר 1876 האָט ער נאָכ אפּ א געזונטנ אופקלערערישנ אויפנ געקאָנט שטעלנ טײַנעס צו מענדעלענ [1] פאר זײַנע רעאקציאָנערע „זמירעס“ אונ „פיירעק שירע“, פאר זײַנ פּאָעמע „ייִדל“. ער זידלט זיי זייער שארפּ: „אומגעלומפּערטע שטוסים“. „...מיר ברעכנ מיט דער גרינער גאל באם ערשטנ בלעטל איבערלעזנ, אונ ער (מענדעלע—מ.וו.) האלט זיכ שטאָל אונ אײַזנ, אז מיט די טערקישע ײַלע-וועיאָוועס מאכט ער גליקלעכ די וועלט אונ באַרײַכט (באַרײַכערט — מ.וו.) די זשארגאָנישע ליטעראטור !.. אונ פּרווו, פרעג אים: ס'טײַטש, גאזלענ, וועלכנ קלאס ייִדנ טויג דײַנע צוגעלעגערטע גראמ-זמירעס מיט דײַנ פיירעק-שירע? צו וואָס פאר א צוועק? — וועלכע פּאָלגע (רעזולטאט — מ.וו.)? צי וואָס פאר א פארגעניגנ אפילע וועט אייַנער פונ א מיליאָנ לעזער געפינענ אינ די צוויי אלטע אזיִאטישע טכינעס, נאָכ מיט לאָשנקוידעש־טאלמודישע העאָרעס אונטערגעשלאָגנ? וואָס וועלנ זיי דאָרט לעזנ? פארדרייטע סוקעוואטע גראמענ? טויטע געלײמטע פראזנ?... הײַנט וואָס ווילסטו מיט „ייִדלענ“ (לינעצקי מיינט מענדעלעס רעאקציאָנערע פּאָעמע „דאָס ייִדל“ — מ.וו.)? וואָס קײַעסטו די קליאָטשע, וואָס דערציילסטו דעם ייִדנ? — אז ער (דאָס „ייִדישע פּאָלק“ — מ.וו.) איז געוועג אמאָל אינ מיצראַיִמ א לאָשעק, דערנאָכ א כאָסנ פאר דער קאלע, דער טוירע, דערנאָכ א זײַדנ איידעמל, דערנאָכ א יוסט באלעבעסל, דערנאָכ אנ אזעס-פּאָנעמ, דערנאָכ א שלעפּער? — ווער ווייסט דאָס ניט (דאָ האָבנ מיר א ליבעראל־קאָנסערוואטיווע ארגומענטאציע — מ.וו.)? ווער דארפ דאָס ויסנ? וואָס קומט יעצט דערפונ ארויס צו די נײַע עפּידעמישע קראנקײַטנ, צו פּארנאָסע? צו גוטע אוראָזשאיענ? צו קינדער-דערציִונג?.. מימאָנעפשעכ: ווילסטו דערציילנ, אז דער ייִד איז אמאָל געווענ א ווילער — טאָ דערצייל עס פאר קריסטנ; דעמ ייִדנ דארפסטו עס גאָר ניט דערציילנ; ער האלט זיכ נאָכ אדײַעמ פאר אייג ווילנ אינ דער וועלט... מיינסטו ווידער דערציילנ, אז ער איז הײַנט א שלעכטער — וואָס זשע דארפסטו אָנהייבנ א מײַסע פונ טערעכס צײַטנ? — זאָג אים פּאָשעט קורצ אונ שארפּ: ייִדל, דו ביסט הײַנט א גרויסער שווינדלער, א פּאנאטישער, א באַרײַסער, א קאָטערזשנע פּראַצענטניק, א אונזיטלעכער, א פּראהלער (בארימער — מ.וו.), א יעזויִט, א גאָרניט!.. וואָס טויג דיר אונטערשיסעלעכ, מיט כימענע־קורעס, מיט העאָרעס פונעם טאלמוד, מיט נארישע גראמענ, מיט טויטע פארעלטערטע אידייענ? ביפראט, אז דו (מענדעלע — מ.וו.) ביסט גאָר ניט פּייִק צו דעמ פאכ גראמ!“

די דאָזיקע קריטיק פונ מענדעלעס רעאקציאָנערע געגראמטע ביכער אינ

[1] לינעצקיס כתבים (דאָס ערשטע העפט), „דער פריטשעפּע“, אָדעס, 1876, זז. 14 א. וו.

די 70־ער יאָרנ איז סאָפּקאָלסאָפּ א דעמאָקראַטיש-ליבעראַלע. ס׳גייט דאָ וועגנ דער *נית-צוועקמעסיקײַט* אונ *אומקינסטלערישקײַט* פונ די דאָזיקע שריפטנ. די קריטיק האָט אָבער אינ זיך אויך שאַרפע אופּקלערערישע עלעמענטנ. אונ דאָס איז אינ איר דאָס ווערטפולע, דאָס טיילט זי פּאָרט אויס פונ דער „עסטעטישער״ קריטיק פונ ש. ניגער,[1] וואָס קאָנ טאַקע אינ די דאָזיקע ביכער נית געפינענ „קײנ אײנ פּאָעטיש בילד, קײנ אײנ פונק פונ עמעס לירישער שטימונג״, נאָר בלויז „שווערע געמאַטערטע שורעס״ — אונ פונדעסטוועגנ האַלט ער זײ פּאָרט פאַר „אינטערעסאַנט״. טאַקע „נית מיט זײער אינהאַלט אונ נית מיט זײער פּערז-קונסט, נאָר מיט דער רײנקײַט אונ געלײַטערטקײַט פונ זײער ייִדיש״. דער ייִדישיסט מוז אַפילע די דאָזיקע נישטיקע דורכפאַלנ מענדעלעס פּאָרט ליבנ.—

5

אינ מענדעלעס שאַפנ — באַזונדערס אינ זײַנ לעצטנ שאַפונג-פּעריאָד — זײַנענ געווענ אויך רעאַקציאָנערע עלעמענטנ. די מאַרקסיסטישע געשיכטע פונ דער ייִדישער ליטעראַטור פאַרהילט נית מענדעלעס פעלערנ אונ שוואַכע זײַטנ, זי וויל זײ נית איבערפאַרטײַטשנ. זי דעקט אופ זײַנע עמעסדיקע כעסרוינעס אונ וואַרפט זײ אָפּ. זי דעקט אופ זײַנע עמעסדיקע מײַלעס אונ פאַרײגנט זײ זיך אַלס „ירושע״. דעם *איקער* אינ זײַנ שאַפנ, זײַנ *אופטו* — ווײַל דאָס איז אידענטיש מיט דעם, וואָס איז אינ זײַנ שאַפנ געבליבנ לעבעדיק אונ ווערטפול פונ שטאַנדפּונקט פונ פּראָלעטאַריאַט.

די ייִדישיסטנ באַטאָנענ פונ אָנהײב אָנ מענדעלעס הויפּט-ווערט אַלס *ערשטער* בויער פונ דער ייִדישער ליטעראַרישער שפּראַך פאַר „רײנע קולטור־ווערטנ״. צי איז דאָס געווענ דער איקער, דער מײנ, דער צוועק פונ זײַנ שרײַבנ, די סיבע פונ דער פּאָפּולערקײַט פונ א דרײ ווערק זײַנע? אונ אַפילע, ווענ דאָס וואָלט אַזוי געווענ — וואָלט זײַנ שאַפנ דאַנ בלויז געהאַט נית מער, ווי דעם באַטײַט פונ אַנ אינטערעסאַנטער דאַטע אינ דער ייִדישער ליטעראַטור. די דאָזיקע אָפּשאַצונג איז אָבער פּונקט אַזוי פאַלש, ווי די לעגענדע, אַז מענדעלע האָט געהאַט א ייִדישיסטישע באַציִונג צו ייִדיש. קעגנ דעם פּרינציפּ פונ „קונסט צוליב קונסט״, פונ „רײנע קולטור-ווערטנ״, איז ער נית נאָר אינ די 60־ער אונ 70־ער יאָרנ, נאָר אויך שפּעטער גענוג אָפט אונ דײַטלעך אַרויסגעטראָטנ. דאָס

1 אינ אַמעריקאַנישנ „דער טאָג״, 1926 י. נומער 4383.

איז אויך קלאָר פון זײַן שאפן גופא. ער האָט געשריבן און גע־שריבן ייִדיש צוליב א באשטימטער סאָציאַלער אויפגאבע, וואָס ער האָט זיך געשטעלט. דאָ, אין זײַנע סאָציאַלע געווענדטקייט, ליגט זײַן אויפטו, זײַן באטײַט, די סיבעס פון זײַן פּאָפּולערקייט צווישן די מאסן אין זײַן צײַט. און אט וויפל זײַנע בעסטע ווערק שפּיגלען אָפּ אין ווערטפולע קינסטלערישע בילדער די סאָציאַלע ווידערשפּרוכן און קאמפן פון א וויכ־טיקן היסטאָרישן איבערגאנג־פּעריאָד, — אט אזוי ווײַט גייט אונדזער אינ־טערעס פאר מענדעלען.

בא הײַנטיקן טאָג זײַנען דער ייִדישער בורזשואַ און דער קלײנבירגער, וואָס גייט אט זײַן בוקסיר, פארינטערעסירט צו העכערן זייער נאציאָנאלן, היסטאָרישן ייִכעס. פון איין זײַט — קעדיי זיך אויסצופּוצן און אנטקעגנ־צושטעלן קעגן דעם היטלערישן „ראסיזם" אן אייגענעם, ייִדישן ראסע־ייִכעס, פון דער אנדערער זײַט, קעדיי צו ווירקן אפן „אייגענעם" פּראָלעטאריאַט אי־נעם גײַסט פון א קאָל־ייִסראָעלדיקער פּשאָרע. מיט אלע מיטלען ווערט פארשטארקט דער שאָוויניזם און נאציאָנאליזם, ס׳בושעווען די שווארצע קויכעס פון קלעריקאליזם. אין דער ייִדישער בירגערלעכער ליטעראטור בא־ווײַזט זיך דאָס אויך אינעם פארשטארקטן באשטרעבן צו אידעאליזירן די היס־טאָרישע, „נאציאָנאלע" פארגאנגענהײַט אין א קלעריקאלער, ראָמאנטישער, שאָוויניסטישער שײַן. די סאמע באוווסטע און ווייניקער באוווסטע ייִדי־שיסטישע שרײַבער (י. זינגער, שאָלעם אש, לייוויק, ד. איגנאטאָוו, לייעלעס, הירשקאן, ארן צייטלין, א. קאציזנע, פּ. האלפּערן אא.) ווענדן זיך צו היסטאָרישע טעמעס. געוויס איז אין דעם דאָזיקן קער צו „גע־שיכטע" פאראן אן עלעמענט פון סאָציאַלער פארצווייפלונג, א רעאקציאָנע־רער אויפן צו אנטלויפן פון דער טרויעריקער ווירקלעכקייט — אָבער אָן שום ספק אויך א ווילן אופצובויען א היסטאָריש־פונדאמענטירטן נאציָ־אָנאלן ייִכעס־בריוו. און אזויארום צו ווערן מיט לײַטן גלײַך.

אונדזער קריטיק מוז אופדעקן און קלאָר מאכן דעם באטײַט פון דעם מין קלוימערשט „אומשולדיקן" אידעאָלאָגישן אָנגריף. אכוץ אלע אנדערע וויכ־טיקסטע און אקטועלסטע אופגאבעס, וואָס שטייען פאר אונדזער סאָוועט־ישער ליטעראטור, זײַנען אומבאדינגט נייטיק אויך עמעסדיק אָביעקטיווע בילדער פון „היסטאָרישן ייִדנטום", אזוי ווי מיר זעען עס פון מארקס־לענינישן שטאנדפונקט — אלס קעגנווירקונג צום קלעריקאל־נא־ציָאָנאליסטישן היסטאָריציסטישן „אָפּיום פארן פאָלק".

באגלײַך דערמיט דארפן מיר אָבער אויך באטאָנען און אָנווײַזן אט די היסטאָרישע דעמאסקירער פון די לעגענדעס וועגן דעם „היסטאָרישן ייִדנטום". מענדעלעס „דאָס קליינע מענטשעלע", „די טאקסע", „מאסאָעס",

„דאָס ווינטשפינגערל“, „פישקע“ אא. ווערק גיבנ עמעסדיקערע ביל-
דער פונ דערווירקלעכקײַט אינעם באהאנדלטנ פעריאָד איידער, לעמאָשל,
אפילע אָפּאטאָשוס „פוילישע וועלדער“. קעגנ דער ראָמאנטיזירנדיקער
„אָביעקטיווקײַט“ האָבנ מיר אינ מענדעלעס גרויסער קינסטלערישער שא-
פונג א לעבעדיקנ איידעס. אקעגנ אש, זינגער אא. איז ער א קוואל פונ
עמעס אונ היסטאָרישער דערקענטעניש. זײַנע ווערק זײַנענ, דעריבער, ביז
גאָר אקטועל.

6

מיט בײַסיקער אונ טרעפלעכער איראָניע האָט מענדעלע אָפּגעשפּעט
פונ אלע „געלערנטע“ פרווונ דורכ ראָמאנטיש-היסטאָרישע כקירעס
ייכעסדיק צו באשײַנענ אונ אויסצופּײַנענ די „גלופּסקער בלאָטע“. ער כוי-
זעקט שארפ פונ די אלטע „אגאדטעס“ (לעגענדעס — מ.וו.) אונ פונ די
„כויקריי קאדמוינויס“ (ארכעאָלאָגנ — מ.וו.), „וואָס קאָנענ מיט זייער
גרויס כאָכמע מאכנ פונ א גאָרנישט א מושקאטקויל“ אונ וואָס האָבנ פונ
עפּעס איינער א נארישער לעגענדע „אויסגעדרונגענ מיט טויזנטער
שארפע שפיצלעכ, ווי זייער שטייגער איז, אז דערינענ ליגט א שטיק
עמעס“.

ער דערציילט פאראָדיסטיש וועגנ א לעגענדע, אז די גלופּסקער ייִדנ
שטאמענ פונ יענע אוראלטע ייִדנ, וואָס „שלוימע האמעלעכ האָט געשיקט
קיינ אויפיר (אינדיע — מ.וו.) נאָכ גאָלד אונ אנדערע מינע אויסלענדישע
סכוירעס“, אונ וועלכע זײַנענ נאָכ פארשיידענע פאסירונגענ פארוואלגערט
געוואָרנ אפנ טײַכ פיאטיגניליעווקע, „וואָס איז אינ יענער צײַט ארײַנגעפאלנ
גלײַכ אינ יאמ ארײַנ“ אונ האָבנ זיכ לעסאָף באזעצט אינ דער שטאָט
גלופּסק. מענדעלע ברענגט דאָ אפ א פאראָדיסטישנ אויפנ א ריי „באווײַזנ“
פונ די „געלערנטע“ ארכעאָלאָגנ, אז די דאָזיקע לעגענדע איז אנ עמעס.
אלס פערטנ באווײַז שילדערט מענדעלע „די מאטבייע, וואָס מענ האָט אמאָל,
בעשאס גראָבנדיק די גרעבליע, דאָרט געפונענ. פונ איינ זײַט איז זי גע-
ווענ שטארק אָפּגעריבנ, קוים-קוים וואָס מענ האָט ארויסגעזענ עפּעס ווי א
שטיקל פארטעכ צוגעטשעפּעט צו א שטעקנ, אונטנ עפּעס פאָכאָזשע אפ א
מולטערל, פונוואנענ עס האָבנ ארויסגעשטעקט שטיקלעכ קעפּ. פונ דער
אנדערער זײַט איז די מאטבייע געווענ קימאט גלאט, נאָר אז מענ האָט
זיכ גוט צוגעקוקט, האָט מענ דערקענט אלטמאָדישע קסיוועטע אויסיעס.
„יאשלג וענפּ“. די געלערנטע האָבנ אפ דער דאָזיקער אופשריפט זיכ געב-
ראָכנ די קעפּ אונ ארײַנגעלייגט דרינענ פשאָטים, איטלעכער אפ זײַנ גאנג.
א טייל האָבנ געהאלטנ אינ דער סוואָרע, אז די „י“ אונ די „ג“ באמ אָנהייב

און סאָפ וואָרט י א ש ל ג זײַנענ גאָרנישט קײנ אויסיעס, נאָר שטיקלעכ פונ טשאטשקעלעכ, וואָס זײַנענ פונ דער צײַט אָפגעריבנ געוואָרנ, בעכײנ מאכט עס „א ש ל", א בוימ, „וענפ", אונ א צװײַג, אונ דאָס איז דער שפעקנ מיט דעמ פארטעכ. ווידער א טײל האָבנ עס דערקלערט גאָר אנדערש אונ די געלערנטע האָבנ דערמיט מאריש־אוילעמ געוועג[1], ביז דערנאָכ איז גע־קומענ אײנער מיט אָפענע אויגנ אונ האָט דערינענ דערזענ נאָר ראָשע־טײוועס[2], וואָס זײ מאכנ: „יהודי אופיר (אָדער אינדיאה) שבאו לכאן (אָדער לק"ק) גלופסק ונתישבו על נהר פיאטיגנילעווקע"[3].

דער שפעקנ מיט דעמ פארטעכ אונ מולטערל מיט די קעפ, דאָס באטײַט אנ אָקרענט מיטנ זעגל אונ מיט פארשוינענ. דער דאָזיקער געלערנטער האָט איבער דעמ געמאכט זײער א דיקנ סײפער אונ ווענדט זיכ דאָרט צומ אוילעמ מיט א באקאָשע, אז מענ זאָל רײניקנ דעמ טײַכ, וועט מענ דאָרט זיכער געפינענ א סאכ אלטע זאכנ, וואָס וואָלטנ געעפנט די אויגנ אינ דער כקירע מיקויעכ גלופסקער ייִדנ. נאָר די דאָרטיקע אײַנוווינער שײַענ זיכ[4] אָבער אויסצורײניקנ די בלאָטע אונ זאָגנ: דאָס, וואָס מענ האָט פונ אלטע צײַטנ אָנגעמאכט, דאָס מוז בלײַבנ, קײנ מענטשנס אויג טאָר אינ דער פארבאָרגעניש ניט ארײַנקוקנ..." („מאסאָעס", ווילנע, 1878, זז. 68—71).

מיט דער דאָזיקער אויסגעצײכנטער פאראָדיע שלאָגט מענדעלע ניט נאָר די „כאכמי-האיאהאדוסניקעס" מיט זײערע פארשימלטע גריבלעניש אונ פאנטאזיעפולע אויסטײַטשעניש, נאָר אויכ אזעלכע געלערנטע בעלעט־ריסטישע באשרײַבערס פונ „היסטאָרישנ ייִדנטומ", ווי אש, לײוויק, איגנאטאָוו אא. ער מאכט כויזעק פונ די נאציִאָנאליסטישע געשיכטע-אפאָלאָגעטנ, וואָס באמיִענ זיכ אויסצומאָלנ „אלע כאכאָמימ, וואָס זײַנענ בא ייִדנ געוועענ פונ אָדעמ-האָרישנ אָנ ביז אצינד, ביכדיי צו באווײַזנ, וואָס פאר א קלוג פאָלק ייִדנ זײַנענ" („מאסאָעס", ז. 4).

דער קויעכ פונ זײַנ סאטירע באווײַזט זיכ גראָד אויכ אינ דעמ, וואָס זי טרעפט ניט נאָר די פארגאנגענהײַט-לאָקירערס פונ זײַנ צײַט, נאָר אויכ פונ אונדזער קעגנוואַרט. ראווניצקי האָט צוריק מיט עטלעכע צענדליק יאָר געשריבנ וועגנ מענדעלענ: „זײַנע פײַלנ צילנ קלוימערשט אלצ דעמ אלטנ דאָר אונ מיטנ יונגנ דאָר האָט ער, דאכט זיכ, גאָר קײנ

---

1 אופגעטרײסלט די וועלט.

2 איניציִאלנ, אָנהײב־אויסיעס פונ ווערטער.

3 „אויפירער (אָדער אינדישע) ייִדנ, וואָס זײַנענ געקומענ אהערצו (אָדער אינ דער הײליקע קעהילע) קײנ גלופסק, אונ האָבנ זיכ באזעצט באמ טײַכ פיאטיגנילעווקע".

4 היטנ זיכ אָפ, האָבנ מוירע.

שײַכעס ניט; נאָר טרעפן טרעפט ער עפּעס אי דעם אלטנ אי דעם יונגנ (פונ מיר אונטערגעשטראָכנ — מ.וו.). עפּעס קומט דאָס אויס, דאכט זיכ, גאָר אנ אלט ספּאָדיקל, נאָר פּאסנ פּאסט עס אפ אלע־מענ, אפ איטלעכנ באזונדער, ווי אָנגעמאָסטנ, אונ, קוקנדיק אפנ ספּאָדיקל, קוועלט דער אוילעם, ער לאכט אונ קײַכט פאר געלעכטער"[1].

דאָס האָט ראַווניצקי דעמלט ריכטיק באמערקט, כאָטש סע „לאכט אונ קײַכט פאר געלעכטער" אונ „קוועלט" גאָר אנ אנדער אוילעם, ווי ראוו־ניצקי האָט אינ זײַנ נאציאָנאליסטישער באגרענעצטקײַט געקאָנט פאָרויסזענ. דאָס „אלטע ספּאָדיקל" פאסט טאקע דורכויס אויכ אפ די הײַנטיקע „גלו־פאָ-טרוסאָ־בעזיאזיקאָ־קאבצאנער". דאָס איז טאקע איינע פונ די הויפּט־סיבעס פונ אונדזער אינטערעס פאר מענדעלען, א הויפּט־ווערט פונ זײַנע ווערק, אז יענע עלעמענטנ אינ זײַנ שאפנ, וואָס האָבנ לויט זײַנ דעמלטיקער אָנצײלונג בעווירקט פּראָגרעסיוו צו זײער צײַט — האָבנ נאָכ אויכ בא הײַנ־טיקנ טאָג א טרעפלעכע שלאָג־קראפט.

---

[1] רבי קצין (ראווניצקי) אינ שאָלעם-אלייכעמס „יִדישע פאָלקס־ביבליאָטעק", צווייטעס בוכ, 1889, ז. 276.

## 1

מענדעלע איז א „מאסקיל“, ער איז געוואָקסנ אפֿ די טראדיציעס פֿונ דער אופֿקלערונג. דאָס באטײַט אָבער ניט, אז זײַנ אופֿקלערערײַ איז פֿונ סאמע אָנהייב אָנ אונ באזונדערס אינ פֿארלויפֿ פֿונ זײַנ אנטוויקלונג געבליבנ ריינ פֿונ יעדנ צומיש. דאָס באטײַט אויכ ניט, אז דערפֿאר, וואָס באדײַטנדיקע שטריכנ אינ מענדעלעס האסקאָלע-פּראָגראם ביז צום סאָפֿ 70-ער יאָרנ זײַנענ ענלעכ צו דער פּראָגראם פֿונ דער אופֿקלערונג — אז דערפֿאר קאָנ מענ שוינ מענדעלענ צורעכענענ צו דער קאטעגאָריע רעוואָליוציאָנערע אופֿקלערער, וואָס לענינ רעדט וועגנ זיי אינ זײַנ ארבעט „פֿונ וואָסער ירושה זאָגנ מיר זיכ אָפּ“ אונ גיט זיי, לעהייפּעכ צו די פֿאָלקיסטנ פֿונ דעמ דעגראדירטנ עפּיגאָנישנ פּעריאָד, א פּראָגרעסיווג רעוואָליוציאָנערנ באטײַט.

מיר טאָרנ ניט פֿארגעסנ, אז לענינ האָט מיט דעמ באגריפֿ „אופֿקלערער“ בעפֿיירעש געמיינט דעמ רעוואָליוציאָנערנ אופֿקלערער אינ די 60־ער יאָרנ פֿונ טיפּ טשערנישעווסקי, וואָס ער האָט אימ דעמלט, צוליב צענזור-סיבעס, ניט געקאָנט אָנרופֿנ באמ נאָמענ. דעריבער באטײַט דאָס אויכ ניט, אז מענדעלע, דער „אופֿקלערער“, האָט געזאָלט זײַנ פּראָגרעסיווער איידער, לעמאָשל, דער מער ראדיקאלער פֿאָרשטייער פֿונעמ קליינבירגערטומ קאָוונער אונ אפילע לינעצקי, אָדער גאָר איידער די שפּעטערדיקע ייִדישע פֿאָלקיסטישע סאָציאליסטנ, בלויז דערפֿאר, וואָס א טייל גרונט־שטריכנ פֿונ זײַנ פּראָגראם (ביז סאָפֿ 70־ער יאָרנ) זײַנענ אינ א געוויסער מאָס ענלעכ צו די גרונט־שטריכנ, וואָס לענינ צייכנט אָנ בא די רעוואָליוציאָנערע אופֿקלערער. דאָ האָבנ זיכ שוינ אָנגעקליבנ א ריי מיספֿארשטייענישנ אונ טאָעסנ אינ דער סאָוועטישער פֿאָרשונג פֿונ דער ייִדישער ליטעראטור־געשיכטע. —

קוידעמקאָל דארפֿ מענ פֿעסטשטעלנ די ריכטיקײַט פֿונ דער האנאָכע, אז זײַט 1864, ווענ מענדעלעס קליינבירגערלעכע אופֿקלערערײַ פֿאָר־

מירט זיך אויס און באַקומט קלאָרע קאָנטורן, ביז צו די 80־ער יאָרן (ווען ס'ווערן דײַטלעך אין זײַנע קליינבירגערלעכער וועלטאָנשויונג ענלעכע שטריכן, ווי באַם דעגראַדירנדיקן פּאָלקיזם, און ער ווערט אַלץ מער באַווירקט פון בורזשואַזע נאַציאָנאַליסטיש־ליבעראַלע אָנשויונגען) — אַז אין דעם דאָזיקן פּעריאָד פון 1864 ביז 1879 זעען מיר אין מענדעלעס אידעאָלאָגיע אין אַ היפּשער מאָס כאַראַקטער־שטריכן פון דער אויפקלערונג. פאַרשטייט זיך, דעריקער פון דער יידישער האַסקאָלע, וואָס איז אַ וואַריאַנט און אין וויכטיקע פּראָטים אַ נידעריקערער טיפּ פון דער אייראָפּייִשער און רוסישער אויפקלערונג. —

דערבײַ מוז מען געדענקען, אַז די יידישע האַסקאָלע אין רוסלאַנד *בכלל* איז פון סאַמע איר אָנהייבן אָן געווען אַ באַדײַטנדיק נידעריקערער און באַגרענעצטערער טיפּ אויפקלערונג איידער די רוסישע אויפקלערונג אין יענער צײַט. קיין פּאָליטיש־רעוואָלוציאָנערע, דעמאָקראַטיש־רעפּובליקאַנישע געדאַנקען און טאַטן קאָנען מיר בײַ די אייגנטלעכע מאַסקילים (זײַט סאָף XVIII ביז נאָך דער העלפט XIX יאָרהונדערט) ניט פעסטשטעלן.

דאָס נעמט זיך דערפון, וואָס אין אַזעלכע וויכטיקע פּראָטים, ווי: גיכער טעמפּ אינעם וווקס פון רײַכקײַט און האַנדל, *אינעם אײַנפירן פאָרשריטלעכע און מאָדערנע פּראָדוציר־אויפנים אין דער אינדוסטריע*, דער וווקס פון קאָנצענטרירטקײַט, קאָנסאָלידאַציע און צענטראַליזאַציע פון די קויכעס, און בכלל וואָס שײַעך דעם וווקס פון זייער באַדײַטונג פאַר דער עקאָנאָמיק פונעם לאַנד — זײַנען צו יענער צײַט די יידישע שיכטן בירגערטום געווען באַדײַטנדיק אָפּגעשטאַנענער איידער דאָס אַלגעמיינע רוסישע בירגערטום. דעריבער זײַנען די דאָזיקע יידישע שיכטן בירגערטום — *דעמלט* (ביז צו די 60־ער און 70־ער יאָרן) די אייגנטלעכע טאָנגעבער[1] פון דער האַסקאָלע — געווען אויך אָפּגעשטאַנענער, ווי דאָס אַלגעמיינע רוסישע בירגערטום, אינעם דײַטלעכן דערזען און באַנעמען די מעניִעס, וואָס שטעלט די פעאָדאַלישע *פּאָליטישע* אָרדענונג, אַלס אַזעלכע, פאַר דער אַנטוויקלונג פון זייערע וועזנטלעכע אינטערעסן, אָפּגעשטאַנענער אינעם דײַטלעכן דערפילן די נויטווענדיקײַט קעגן דער דאָזיקער אָרדענונג קאָנסעקווענט צו קעמפן, אָפּגעשטאַנענער אויך וואָס שײַעך דעם נייטיקן מוט פאַר דעם דאָזיקן קאַמף. דער פּראָגרעסיווער טייל פון דער בורזשואַזיע זײַנען אין אַזאַ צײַט די אינדוסטריִעלער, וואָס אַרבעטן מיט מאָדער־

[1] דערמיט וויל ניט געזאָגט ווערן, אַז די האַסקאָלע האָט ניט געהאַט אויך פאָרשטייער פון קליינבירגערלעכן קלאַס, נאָר בלויז, אַז ביז צום דערמאָנטן פּעריאָד זײַנען אין דער יידישער האַסקאָלע אין רוסלאַנד געווען טאָנגעבנדיק דעריקער די העכערע שיכטן אינעם בירגערטום (מיטלבירגער און גרויס בורזשואַ).

נע פּראָדוציר־אויפֿאַנים, און פּונקט אזוי פאַרקערט — דאָס „אַלגעמיינע פעלנ
פון מאָדערנע לעבנ־פאַרהעלטענישן, פון מאָדערנע פּראָדוציר־אויפֿאַנים
ווערט, פאַרשטייט זיך, באַלייט פון פּונקט אזא מאַנגל אין מאָדערנע אי־
דייענ" (זע ע נ ג ע ל ס: „רעוואָלוציע און קאָנטררעוואָלוציע אין דײַטשלאַנד",
דאָס ערשטע קאַפּיטל). אַפּ וויפל די דאָזיקע ייִדישע שיכטנ בירגער־
טום זײַנענ דעמלט דערווײַל אין געזעלשאַפטלעך־פּאָליטישנ פראַט איבער
פאַרשיידענע סיבעס געווענ ווייניק פאַרבונדנ מיטנ רוסישנ בירגערטום און
גענומענ א שוואַכנ אָנטייל אין דער אַלגעמיינער פּאָליטישער באַוועגונג
פונעם בירגערלעכנ קלאַס, אַפּ אַזויפיל זײַנענ זיי און אויך זייערע טאָנגעבנ־
דיקע פאָרשטייער אין דער האַסקאָלע געווענ קורצזיכטיקער און פּאַכדאָני־
שער אין נעדאַנק און טאַט. דער זעלבשטענדיקער פּאָליטישער באַטײַט
פון די דאָזיקע גענוג אָפּגעזונדערטע ייִדישע שיכטנ בירגערטום האָט גע־
מוזט בלײַבנ א נישטיקער. די באַזע פון דער האַסקאָלע איז באַזונדערס
צו יענער צײַט געווענ אַנ אומגעוויינלעך באַגרענעצטע, ווײַל זי האָט ניט
גענומענ קיינ פ ו ל נ אָנטייל אין דער פּראָגרעסיווקײַט פונעם רוסישנ ביר־
גערטומס אופקלערונג. די פּאָליטישע אָפּגעשטאַנענקײַט האָט מעמײלע
געווירקט אויך אַפּ אַלע איבעריקע טײלנ פון דער מאַסקילישער וועלט־
אָנשױונג. —

## 2

עס איז דער גרעסטער טאָעס צו מיינענ, אַז די „האַסקאָלע" האָשטײט
פון איינ גוס, אַז זײַט „מענדעלסאָנ ביז מענדעלע" האָבנ מיר צו טאָנ
מיט איינ גלײַכמעסיקער, גלײַכאַראַקטעריקער „האַסקאָלע". וועגנ דער אופקלערונג
ביכלאַל האָט לענינ געשריבנ: „...צו באַטראַכטנ (די „יערושע" פון דער
אופקלערונג — מ.וו.) פאַר עפּעס איינהײַטלעכס איז א שלעכטע טראַדיציע
פון די שלעכטע (80־ער) יאָרנ" (בד. XXVIII, ז. 23; אַלע ציטאַטעס פון
לענינענ — לויט דער דריטער אופלאַגע).

לענינס פּאָזיטיווע אָרויסזאָגונגענ וועגנ דער אופקלערונג און איר „יערושע"
האָבנ, ווי לענינ האָט בעפּיירעש אונטערגעשטראָכנ, א שײַכעס נ אָ ר צו
יענער קאַטעגאָריע רעוואָלוציאָנערע אופקלערער, צו וועלכע סע האָבנ גע־
הערט אַזעלכע קעמפּפערס, ווי טשערנישעווסקי (זע לענינס ווערק, בד. II,
זז. 314—315, העאָרע, און באַזונדערס בד. XXVII, זז. 23—24). צו דער
יערושע פון אזא מינ טיפּ אופקלערער, ווי דער ליבעראַלקאָנסערוואַטיווער
ס ק אַ ל ד י נ, לעמאָשל, באַציט זיך לענינ לאַכלוטנ ניט פּאָזיטיוו, כאָטש
ער געפינט אינ אים טיפּישע שטריכנ פון אופקלערונג. פון דעם איז
קלאָר, אַז די כאַראַקטעריזירונג, וואָס לענינ גיט פון דער „אופּר

קלערונג״, באטײַט לאַכלוטנ ניט, אַז אויב מיר באַגעגענענ בא איי־נעם פונ די פאַרשיידנערליי מינימ אופקלערער ענלעכע שטריכנ, קאָנ מענ שוינ מעכאַניש דרינגענ, אַז מיר האָבנ צו טאָנ מיט יענעמ מינ רעוואָליוציאָנערע אופקלערער, וואָס לעניג גיט זיי אַזאַ פּאָזיטיווע אָפּשאַצונג.

רייִנ זײַנ פונ די הויפּט־שטריכנ פונ פאָלקיזמ, וועלכע לענינ רעכנט אויס, און אַפּ אַ געוויסנ אויפנ אַנטשפּרעכנ צו די הויפּט־שטריכנ פונ דער אופקלערונג — באַטײַט נאָכ ווײַט ניט זײַנ אַ טיפּישער פאָרשטייער פונ דער רעוואָליוציאָנערער אופקלערונג. מענדעלעס שאַפנ איז אינ די 60־ער און 70־ער יאָרנ מיט אַ ריי שטריכנ ענלעכ צו דער אופקלערונג. ער קעמפט קעגנ די רעשטנ פונ פעאָדאַליזמ אינ דער ייִדישער סוויווע, קעגנ זייערע עקאָנאָמישע, סאָציאַלע און יורידישע רעזולטאַטנ, ער פאַרטיידיקט הייס די בילדונג, די פאָדערונגענ נאָכ בירגערלעכער פרײַהײַט, נאָכ אייראָפּייִשע לעבנספאָרמעס, נאָכ אַלזײַטיקער אייראָפּעיִזאַציע, ער פאַרטיידיקט די אינ־טערעסנ פונ די פאָלקמאַסנ, און גלייבט אופריכטיק, אַז דאָס אָפּשאַפנ אַלע רעשטנ פונ פעאָדאַליזמ וועט ברענגענ אַלגעמיינעמ וווילשטאַנד. ער זעט אָבער ניט קיינ אַבסאָליוטנ ווידערשפּרוכ צווישנ די דאָזיקע פאָדערונגענ זײַנע און דער לאָיאַליטעט צו דער מעלוכע. בא אַלע זײַנע אופקלערערישע פאָדערונגענ בלײַבט מענדעלע דעמלט מער אָדער ווייניקער קאָנסעקווענט ליבעראַל, כאָטש דער ליבעראַליזמ זײַנער האָט דעמלט ניט קיינ בורזשואַזנ, נאָר אַ קליינבירגערלעכנ, „פאָלקיסטיש״ באַפאַרבטנ כאַראַקטער. —

אינ דעמ, אינ זײַנ אַנטשיידענעמ קער צומ פאַראָרעמטנ עקספּלואַטירטנ, אונטערדריקטנ און ביז גאָר פּאופּעריזירטנ שטעטלדיקנ קליינבירגערטומ, באַשטייט זײַנ אייגנאַרטיקײַט, פונדאַנענ קומענ זײַנע מײַלעס: די פאַר־שאַרפטע קלאַסעווע געזעלשאַפט־קריטיק, זײַנ „פאַרשטאַנד״; און באַגלײַכ דערמיט אויכ זײַנע כעסרוינעס: די באַגרענעצטקײַט פונ זײַנע פּאָזיטיווע פאָרשלאַגנ, זײַנ „אַפּאָלאָגיע״ פונ דער געזעלשאַפט, זײַנ „פאָרורטייל״. ביידע שטאַמענ פונעמ קליינבירגערלעכנ קלאַס.

מענדעלעס אידעאָלאָגיע אינעמ אַנטשיידנדיקנ פּעריִאָד פונ זײַנ שאַפנ איז אַ קליינבירגערלעכע, „פאָלקיסטיש״ באַפאַרבטע מאָדיפיקאַציע פונעמ ליבעראַליזמ אינ די 60־ער און 70־ער יאָרנ מימ וועזנטלעכע שטריכנ פונ דער אופקלערונג, אָבער באַגרענעצטע לויט דעמ קלאַסעוונ מעהוס פונ־נעמ אָפּגעשטאַנענעמ פּאופּעריזירטנ שטעטלדיקנ ייִדישנ קליינבירגערטומ אינעמ איבערגאַנג־פּעריִאָד פונ פעאָדאַליזמ צו קאַפּיטאַליזמ.

3

וועלכע זײַנען עס פּאַר א שטריכן, וואָס מאַכן מענדעלען ענלעך צו די אופקלערער און וואָס מאַכן אים צו זײ אומענלעך?

לענין זאָגט, אז ס'איז „...א טיפּישער שטאַנדפּונקט פון די „עקאָנאָמיסטן“ און „אופקלערער“ פונעם XVIII יאָרהונדערט, וואָס זײ האָבן געגלױבט, אז דאָס אָפּשאַפן דאָס לײַבײגנטום־רעכט און אַלע זײַנע רעשטן שאַפט מעמײלע דאָס קיניגרײַך פון אַלגעמײנעם וווילשטאַנד“ (ב. II, ז. 313). גענוי דאָס אײגענע שטעלט לענין פעסט אויך בא די רוסישע „אופקלערער“ פון די 60־ער יאָרן אין XIX יאָרהונדערט (זע לענין, ווערק, ב. II ז. 313).

די דאָזיקע פאָרמולירונג לענינס פּאַסט אויך אף אַזא אופקלערערישן דעמאָקראַטיש־ליבעראַלן פאָרשטײער פון קלײנבירגערטום, ווי מענדעלע. די מעלוכע דאַרף בלויז אָפּשאַפן די רעכט־באַגרענעצונגען בנוגע די ייִדישע פאָלקמאַסן, אָפּשאַפן די שטערונגען אף זײער וועג—אַגעוו: טאַקע נאָר צו א קאַפּיטאַליסטישער אַנטוויקלונג — און אַלץ וועט שוין גײן א גוטן גאַנג צום אַלגעמײנעם וווילשטאַנד. אז גראָד אין דער אַנטוויקלונג פון קאַפּיטאַליזם, אז גראָד אין דער אָרדענונג גופע פון די נײַע סאָציאַל־עקאָנאָמישע פאַרהעלטענישן קאָנען זײַן אײַנגעשלאָסן גאָר נײַע סיבעס פון פאַופּעריזאַציע — דאָס קאָן, פאַרשטײט זיך, מענדעלע נאָך ניט זען.

א טיפּישער שטריך פונעם אופקלערער איז „...די אויסגעצײכנטע ניכטערקײַט פון זײַנע אָנשויונגען, די פּראָסטע און דירעקטע כאַראַקטעריסטיק פון דער ווירקלעכקײַט, דאָס אָנראַכמאָנעסדיקע אופדעקן אַלע נעגאַטיווע אײגנשאַפטן פון די „גרונט־זײַלן“ ביכלאַל און פון פּויערטום ביפּראַט, -- פון די דאָזיקע זעלבע „גרונט־זײַלן“, וואָס זײער פאַלשע אידעאַליזאַציע און צופּוצונג איז אן אומפאַרמײַדלעכער באַשטאַנד־טײל פון פאָלקיזם“ (לענין, דאָרט, ז. 316).

און דאָ טאַקע, בא דעם דאָזיקן שטריך, באַווײַזט זיך שוין דײַטלעכער, ווו מענדעלעס דעמאָקראַטישער ליבעראַליזם אונטערשײדט זיך פון דער אופקלערונג.

בא מענדעלען איז טאַקע דאָ (אינעם פּעריאָד 1864—1879) סײַ אויסגעצײכנטע ניכטערקײַט פון זײַנע אָנשויונגען און סײַ פּראָסטע און דירעקטע כאַראַקטעריסטיק פון דער ווירקלעכקײַט. ער דעקט אָנראַכמאָנעסדיק אוף באַשטימטע נעגאַטיווע אײגנשאַפטן פון די גרונט־זײַלן[1] ביכלאַל און

1 פאַרשטײט זיך, אז די אַנאַלאָגיע צווישן די „גרונט־זײַלן“ פון די ייִדישע שטעטלדיקע מאַסן און די פּויערשע „גרונט־זײַלן“ (וואָס זײַנען פאַרבונדן מיט דער דאָרף־געמײנדע) דאַרף מען אָנעמען װערן בלויז mutatis mutandis, לויט די אַנטשפּרעכנדיק מאָדיפיצירטע אומשטענדן.

פון דער קלײנבירגערלעכער אָפּגעשטאַנענער מאַסע ביפּראַט. אָבער קלאָר איז, אַז ער דעקט ניט אָנראַכמאָנעסדיק אוף אַלע נעגאַטיװע אײגנשאַפטן פון די „גרונט־זײַלן“ ביכלאַל, ניט אַלע נעגאַטיװע אײגנשאַפטן פון דער אָפּגעשטאַנענער מאַסע ביפּראַט. אַפילע אין סאַמע ראַדיקאַלסטן פּעריאָד זײַנעם (אָפּגערעדט פונעם פּעריאָד זײַט די 80־ער יאָרן) זײַנען שױן בא אים פאַראַן אַכוץ דער שאַרפער געזעלשאַפט־קריטיק — אױך עלעמענטן פון געזעלשאַפטלעכער אַפּאָלאָגיע, עלעמענטן, װאָס פּוצן צו גראָד די זעלבע „גרונט־זײַלן“ און אױך גראָד די פעלערן פון דער זעלבער אָפּגעשטאַנענער מאַסע, װאָס ער קריטיקירט און דעמאַסקירט אַזױ שאַרף אין דער אײגענער צײַט אַף אַ סטירעדיקן אופן. די װאָרצלען דערפון ליגן אינעם „פאָרורטײל“ פונעם קלאַס, װאָס מענדעלע רעפּרעזענטירס מיט זײַן שאַפן.

פאַרן ראַדיקאַלסטן פּעריאָד אין מענדעלעס שאַפן איז אװאַדע ניט כאַראַקטעריסטיש די אידעאַליזאַציע און צופוצונג פון די „גרונט־זײַלן“ ביכלאַל און פון דער אָפּגעשטאַנענער קלײנבירגערלעכער שטעטלדיקער מאַסע ביפּראַט. געװיס ניט. אָבער פונקט אַזױ פעסט שטײט דער פאַקט, אַז אַפילע אין דעם דאָזיקן פּעריאָד גײט ער אין זײַן צעשטערן די „גרונט־זײַלן“ ביכלאַל און די „גרונט־זײַלן“ פון דער אָפּגעשטאַנענער קלײנבירגערלעכער שטעטלדיקער מאַסע ביפּראַט לאַכלוטן ניט ביז צום סאָף. ליבעראַל אין זײַן דעמלטיקער װעלט־אָנשױונג איז דאָס, װאָס באַגלײַכט מיטן אונטערײַסן די „גרונט־זײַלן“, מיטן דעמאַסקירן די פעלערן פון דער געזעלשאַפטלעכער אָרדענונג און פון דער אָפּגעשטאַנענער פּאַופּעריזירטער מאַסע זײַנען אַפילע אין יענעם פּעריאָד שױן פאַראַן בא אים װידערשפּרעכלעכע טענדענצן אױך אונטערצושפּאַרן די „גרונט־זײַלן“ (לאָיאַלקײַט צו דער מעלוכע, עלעמענטן פון נאַציאָנאַליזם און קלעריקאַליזם אאַװ.), צו אַפּאָלאָגיזירן די פּעאָדאַלישע שטעטלדיקע אָרעמשאַפט־מאַסן. באַזונדערס בולעט האָט זיך דאָס באַװיזן זײַט די 80־ער יאָרן, װען דער הױפּט־טראָפּ פון זײַנע אידעאָלאָגישע באַמיִונגען גײט שױן אַף אופשטעלן די „גרונט־זײַלן“, אַף אַפּאָלאָגיזירן אַ גרױסן טײל פון די פריער קריטיקירטע געזעלשאַפטלעכע פאַקטן — כאָטש טאַקע סטירעדיק צו די אונטערײַסערישע עלעמענטן, װאָס זײַנען בא אים — מיט אָדער קעגן זײַן װילן — ביז צום סאָף פון זײַן לעבן און שאַפן געבליבן, און װאָס גיבן מענדעלען דעם באַטײַט פון אַ גרױסן שרײַבער.

## 4

דער װערטפולסטער שטריך איז בא מענדעלען זײַן טיפסטע פאַרבונדנקײַט מיט די אונטערדריקטע, פאַראָרעמטע און האָרעפּאַשנע מאַסן, דאָס, װאָס

דער גוירל פונ די דאָזיקע מאסנ איז פאר אים דאָס סאמע וויכטיקסטע, ניט א וויכטיקע נעבנ־פראגע (ווי טאָפּקאָלטאָפּ אפילע בא די בעסטע פאָרשטייער פונעם בורזשואזנ ליבעראליזמ), נאָר דער איקער פונ זײַנע געזעלשאפטלעכע אינטערעסנ, דאָס, וואָס ער לייגט דעמ הויפּט־טראָפּ פונ זײַנ לײַדנשאפטלעכער געזעלשאפטלעכקײַט אפ פארבעסערנ די לאגע גראָד פונ די דאָזיקע מאסנ אונ איז סוביעקטיוו דעריקער זיי אויסנ. אָבער גראָד אינ דער דאָזיקער קלאסנ־באזע ליגג אויכ די הויפּט־וואָרצלענ פונ זײַנ באגרענעצונג.

אזעלכע פראגעס, וואָס קומענ אופ בענעגייע דער פאראָרעמטער דעקלאסירטער אונ האָרעפּאשנער קליינבירגערלעכער מאסע אינ צוזאמענהאנג מיט דער אנטוויקלונג פונ קאפּיטאליזמ אונ אלע אירע פּאָליטישע, סאָציאל־עקאָנאָמישע, יורידישע, שטייגערישע אא. רעזולטאטנ, האָט מענדעלע קיינמאָל ניט געשטעלט צומ לייזנ, כאָטש ער האָט דאָכ געלעבט אונ געשאפנ ביז טיפ אינ פעריאָד פונ אימפּעריאליזמ.

מענדעלע שטעלט ביכלאל ניט אופ קיינ קאָנקרעטע פּאָליטישע אָדער עקאָנאָמישע פּראָגראמ, ניט קיינ קאָנקרעטע עקאָנאָמישע פראגעס אונ ניט קיינ קאָנקרעטע עקאָנאָמישע לייזונגענ. ווי די אופקלערער, גלייבט ער אינעמ קאפּיטאליזמ, באמיט ער זיכ אָפּצוראמענ פאר אימ דעמ וועג פונ אלע רעשטנ פעאָדאליזמ אונ האָפט, אז דאָס וועט פארנ קלאָס, וועלכנ ער שטעלט פאָר, ברענגענ וווילשטאנד אונ אלדאָס גוטס. דער דאָזיקער אופקלערערישער גלויבנ זײַנער הייבט זיכ אָנ צו וואקלענ אונ ווערט צעשטערט ערשט זײַט די 80-ער יאָרנ.

דער פּאָלקיזמ האָט געקעמפט פאר א דעמאָקראטישנ קאפּיטאליזמ אינ דער אנטוויקלונג פונ דער לאנדווירטשאפט, האָבנדיק אלס באזע די גרויסע פויערשע מאסע. ווײַט ניט דאָס אייגענע, אָבער פּאָרט עפּעס אזוינס, וואָס דערמאָנט אָנעמ פּאָלקיסטישנ שטרעבנ, קאָנ מענ אויכ זאָגנ וועגנ דעמ היסטאָריש־רעאלנ אינהאלט פונ מענדעלעס שטאנדפּונקט. כאָטש זייער ווייניק באוווסטזיניק, האָט אויכ מענדעלע געהאָפט אפ א דעמאָקראטישנ קאפּיטאליזמ — דערמיט איז געווענ פארבונדנ זײַנ קאמפּ קעגנ דער פעאָדאליש-קאפּיטאליסטישער פּלוטאָקראטיע — אָבער לויט די זייער באגרענעצטע האסאָגעס פונ זײַנ געזעלשאפטלעכער באזע, וואָס זײַנענ ניט געגאנגענ ווײַטער פאר דער שטרעבונג צו באזאָרגנ דעמ שטעטלדיקנ פּאופּעריזירטנ קליינבירגער מיט אנ אייגענעמ כיילעק אינעמ קאפּיטאליזמ, אָנ שומ עמעסדיקנ פּאָליטישנ קאמפּ קעגנ די מעניִעס, וואָס שטייענ פאר זײַנ אנטוויקלונג. די קליינבירגערלעכע פּאָדערונגענ טרעטנ בא מענדעלענ ארויס ניט אפ א רעוואָליוציִאָנערנ, נאָר אפ א ליבעראלנ שטייגער. אָט פארוואָס דער היסטאָריש־רעאלער אינהאלט פונ

מענדעלעס שטאנדפּונקט איז אין פארגלײַך מיט דעם „פּראָגרעסיוו-היסטאָרישן אינהאלט“ פון פאָלקיזם א ביז גאָר באגרענעצטער.

דער פּאָזיטיווער טייל פון זײַן פּראָגראם איז לאכלוטן ניט קיין קעמפערישער, נאָר א ריין ליבעראלער. אינערלעכע אופקלערונג, בילדונג און האָפענונגען אף דער צארישער מעלוכע דורך אויסוויינקסטער, אפּאָלאָגעטישער אופקלערונג און א ליבעראל-שטאדלאָנישן דרוק אף איר. דעריבער כאראקטעריזירן מיר מענדעלען אלס קלײנבירגערלעכן ליבעראל. די נעבעכדיקײַט פונעם פּאָזיטיוון טייל אין זײַן פּראָגראם איז פארבונדן מיט דער נישטיקײַט פון רעוואָליוציאָנערע פּאָטענצן אין די סאָציאַלע פּאָדערונגען פון פעאָדאליש-אָפּגעשטאנענעם שטעטלדיקן קלײנבירגערטום. אומזיסט וועלן מיר בא מענדעלען זוכן זאָל זײַן כאָטש שפּורן, א מינדסטע אָנצוהערעניש אף עפּעס א קלײנבירגערלעכן סאָציאַליזם, שפּורן אָדער עפּעס אן אָנצוהערעניש אף א פּאָדערונג זאָל זײַן כאָטש פון אן אוטאָפּישער „גלײַכהײַט“, פון א פאָלקיסטישער עקאָנאָמישער „אויסגלײַכערײַ“.

ווי באגרענעצט די פאָלקיסטישע גלײַכהײַט-אידײ פון קלײנע פּראָדוצירער זאָל ניט זײַן, איז זי אָבער פאָרט דער „סאמע פולער, קאָנסעקווענטער און אנטשלאָסענער אויסדרוק פון די בורזשואז-דעמאָקראטישע אופגאבעס“ אין א באשטימטן היסטאָרישן פּעריאָד. זי „דריקט אויס אמײנסטן פארגאנצט דעם קאמף קעגן אלע רעשטן פון לײַבײגנטימערײַ, דעם קאמף פאר דער סאמע ברייטער און רײנער אנטוויקלונג פון דער סכוירעדיקער פּראָדוקציע“ (לענין, ב. XI, ז. 187). ווי אוטאָפּיש און אָפּגעשטאנען די דאָזיקע „אויסגלײַכערישע“ פּראָיעקטן פון די פאָלקיסטן זאָלן ניט זײַן, זײַנען זיי אָבער צו זייער צײַט פאָרט געווען דער „היסטאָריש-רעאַלער, היסטאָריש-געזעצמעסיקער אינהאלט אינעם קאמף קעגן דעם לײַבײגנטום-רעכט“, די דאָזיקע טעאָריעס האָבן צו זייער צײַט אויסגעדריקט „דעם פּאָרשריטלעכן, רעוואָליוציאָנערן, קלײנבירגערלעכן דעמאָקראטיזם“, זיי האָבן געדינט „אלס פאָן פון דעם סאמע אנטשלאָסענעם קאמף קעגן דעם אלטן לײַבײגנטימערישן רוסלאנד“. „די אידײ פון גלײַכהײַט — איז די סאמע רעוואָליוציאָנערע אידײ אינעם קאמף קעגן דער אלטער אָרדענונג פון אבסאָליוטיזם ביכלאל“... (לענין, ב. XI, ז. 347).

מענדעלעס שטאנדפּונקט ווײַזט א באשטימטע נאָענטקײַט צום פאָלקיזם, ער איז — אנטשפּרעכנדיק צו א געוויסער ענלעכקײַט אין דער באזיס (לויט די אלגעמײנסטע סימאָנים) — פאָלקיסטיש באפארבט. מיר זעען דאָס אין זײַן טיפער פארבונדנקײַט מיט די אונטערדריקטע, פאראָרעמטע און האָרעפּאשנע מאסן, אין דער לײַדנשאפטלעכקײַט פון זײַן אינטערעס פארן „קלענערן ברודער“, פארן פארבעסערן די לאגע פון די דאָזיקע מאסן. אָבער קײן

שום שפּורנ פונ דער פּאָליטישער רעוואָליוציאָנערישקײַט אינעם פאָלקיזמ וועלנ מיר בא מענדעלענ ניט געפינענ, ווײַל ער האָט אויסגעדריקט ניט די רעוואָליוציאָנערע שטויס-קראַפט פונ די שווער-אונטערדריקטע ריזיקע פויערשע מאסנ, וואָס מיט זייער באפרײַונג איז אומפארמײַדלעכ צונויפגעבונדנ דער קראַכ פונ דער אַלטער אָרדענונג און פונ אבסאָליוטיזמ ביכלאַל, נאָר די שוואַכע בונטארישקײַט פונ פאופעריזירטע, דעקלאַסירטע, צום גרויסנ טייל ניט פּראָדוקטיווע פּאראזיטישע קלײנבירגערלעכע מאסנ. און דאָס איז די אנטשיידנדיקע גרענעצ צווישנ אזא שטאנדפּונקט, ווי מענדעלעס, און דעמ שטאנדפּונקט פונ רעוואָליוציאָנערנ פאָלקיזמ.

5

באזונדערס בולעט קומט צומ אויסדרוק די באגרענעצטקײַט פונ שטעטלדיקנ קלײנבירגערטומ, די נישטיקײַט פונ זײַנע אופרײַסערישע קויכעס אינ מענדעלעס אידעאָלאָגיע זײַט דער רעאקציע פונ די 80-ער יאָרנ, ווענ מענדעלע ווערט אנטוישט אינ זײַנ האָפענונג אפ די גליקנ פונ א קאפּיטאליסטישער אנטוויקלונג פאר דער פעאָדאליש־פארקריפּלטער און דורכנ וואקסנדיקנ קאפּיטאליזמ נאָכ מער פאראָרעמטער קלײנבירגערלעכער שטעטלדיקער מאסע. דעמלט פארקערעוועט זיכ מענדעלע צו דער פארגאנגענהײַט: ס׳גייט ניט אפ פאָרויס — מוז מענ דעמ וואָגנ פארקערעוועננ אפ צוריק. ער זאָגט זיכ אויכ דעמלט ניט אָפ פונ די אויסזיכטנ, וואָס קאָנענ פירנ זײַנע אָרעמע „הערשעלעכ” צו דער סיטואציע פונ די מיטלבירגערלעכע פארמעגלעכע „רעפּאָעלס” (אינ גרויסנ וואריאנט „ווינטשפינגערל”), ער זאָגט זיכ ניט פּ ו ל ש ט ע נ ד י ק אָפ פונ זײַנע האָפענונגענ אפ א „דעמאָקראטיש”-קלײנבירגערלעכער אנטוויקלונג פונ קאפּיטאליזמ. אָבער די דאָזיקע האָפענונגענ האָבנ שוינ א שווערנ ריס, זיי זײַנענ געבראָכנ. קוקט ער זיכ אומ צוריק אינ דער פארגאנגענהײַט: עפּשער איז פאָרט טאקע נאָר אמאָליקע יאָרנ געווענ בעסער? דער קלײנבירגער אינ אימ הייבט אָנ בענקענ נאָכ יענע צײַטנ, ווענ דער דאָזיקער קלאס האָט, ווי סע דוכט זיכ אימ איצט, פאָרט געשפּילט גאָר אנ אנדער ראָליע אינ דער געזעלשאפט;— אידעאליזירט ער די דאָזיקע אלטע צײַטנ, זייער אָפּט איניינעמ מיט די גווירימ, מיט די קלויז־יידנ (אווראָמ, אינ „ווינטשפינגערל”), מיט די באלטאקסעס (אינ „פּריזיוו”) אאוו. דעמלט איבערוועגנ שוינ אינ זײַנ אידעאָלאָגיע די אפּאָלאָגיזיר-טענדענצנ, ענלעכ צו די „סאנטימענטאלע און רעאקציאָנערע ראָמענטאציעס”, ווי מיר געפינענ זיי אינעמ עפּיגאָנישנ פאָלקיזמ, וואָס דעגראדירט זייט די אכציקער און באזונדערס זייט די נײַנציקער יאָרנ (רויט לענינס א כאראקטעריזירונג) „אינ פיליסטערישנ אָפּאָרטוניזמ”, „פארוואנדלט זיכ אינ א קולטורטרעגערישנ אָפּאָרטוניזמ”.

פארנ אופקלערער איז כאראקטעריסטיש, אז ער זעט ניט די ווידערשפרוכנ, וואָס זײַנענ אייגנטימלעכ פאר דער נײַער געזעלשאפטלעכער אנטוויקלונג, צו וועלכער ער שטרעבט אונ חאָס האלט זיכ אינ פאָרמירנ. ער זעט ניט די ווידערשפרוכנ, וואָס אנטשטייענ אונ וואקסנ אלצ מער אונ מער איינעם מיטנ וווּקס אונ דער אנטוויקלונג פונ דער בורזשואזער קאפיטאליסטישער אָרדענונג. ער איז פול מיט האָפערדיקײַט אונ מיט גלויבנ אינ דער דאָזיקער נײַער אָרדענונג. דעריבער זעענ מיר באמ אופקלערער אלס גרונט־שטימונג א היסטאָרישנ געזעלשאפטלעכנ אָ פ ט י מ י ז מ. דער דאָזיקער אָפטימיזמ איז צו זײַנ צײַט אָנ סאָפעק א פראָגרעסיווע דערשײַנונג. אונ מיר זעענ טאקע, אז אויכ מענדעלע איז אינ זײַנ מער אופקלערערישנ פעריאָד (1864 — 1879) — טראָצ זײַנ שארפער געזעלשאפט־קריטיק אונ ניט געקוקט אפ איינצלנע פעסימיסטישע דורכרײַסנ — אינ זײַנ גרונט־שטימונג אָפטימיסטיש.

דער פאָלקיסט פילט שוינ קלאָרער די ווידערשפרוכנ פונ דער געגעבענער נײַער געזעלשאפטלעכער אָרדענונג, סע דריקט אפ אים א פאָרגעפיל, באוווסטזיניק צי ניט, פונ זייער אומלייזבארקײַט — באקומט ער לעסאָפ מוירע פאר דער דאָזיקער אינעמעסנ אומפארמײַדלעכער אנטוויקלונג. אלס רעזולטאט דערפונ זעענ מיר באמ עפיגאָנישנ פאָלקיסט אלס גרונט-שטימונג א היסטאָריש־געזעלשאפטלעכנ פ ע ס י מ י ז מ. דער דאָזיקער פעסימיזמ איז אָנ סאָפעק א רעאקציאָנערע דערשײַנונג. אונ דאָ ליגט דער צוזאמענהאנג פאר דעם פאקט, וואָס די מער פאָלקיסטיש (עפיגאָניש־פאָלקיסטיש) באארבעטע אידעאָלאָגיע מענדעלעס זײַט די 80־ער יאָרנ איז — טראָצ דער געמיטלעכער עפישקײַט — אינ דער גרונט־שטימונג פעסימיסטיש.

אלס רעזולטאט דערפונ זעענ מיר, אז מענדעלע איז אינ זײַנ פראָגרעסיווערנ פעריאָד רעאליסטיש, קוקט גראָד, פרײַ אונ מוטיק אפ דער געזעלשאפטלעכער ווירקלעכקײַט, אונ אינ זײַנ שפעטערדיקנ פעריאָד — דורכ ראָמאנטישע ברילנ. זײַנ קוק ווענדט זיכ בענקענדיק אפ צוריק, אינ דער פארגאנגענהײַט.

אינ זײַנ ניט קאָנענ זענ אונ באנעמענ די קעגנווארט ווײַזט זיכ ארויס די באגרענעצטקײַט פונ זײַנ באזע, איבער וועלכער ער הייבט זיכ שוינ איצט ניט מער ארויס ווי אמאָל. מענדעלע איז פארגליווערט געוואָרנ אינעם אָפשפיגלענ דעם איבערגאנג פונ איינ עפאָכע צו אנ אנדערער. אונ בא דעם פונקט איז ער שטיינ געבליבנ. ער אונ זײַנ שאפנ ווערנ פונ דענסטמאָל אָנ א סימבאָל אונ רעליקוויע פונ דעם דאָזיקנ איבערגאנג, אפילע זײַנ געזעלשאפט־קריטיק ווענדט זיכ קעגנ נעגאטיווע געזעלשאפטלעכע פאקטנ פונ אמאָל אונ ניט פונ איצט. זי ווערט אינ א געוויסער

מאָט „ראָמאנטיש". סע דערגייט דערצו, אז דער באקעמפער פונ טרא־
דיציִאָנעלנ לעבנשטייגער הייבט אָנ דעמ דאָזיקנ זעלבנ לעבנשטייגער צו
אידעאליזירנ, כאָטש מע דארפ פעסטשטעלנ, אז „דורכרײַסנ", אונ אָפט
טאקע ביז גאָר באדײַטנדיקע, אינ דער ריכטונג פונ זײַנ פראָגרעסיווער
אויפקלערערישער פארגאנגענהײַט, וועלנ מיר אינ מענדעלעס שאפנ גע־
פינענ ביז צומ סאָפ. אינ אלגעמיינ אָבער איז זײַנ שטאנדפונקט אינ
די לעצטע צענדליקער יאָרנ פונ זײַנ שאפנ גענוג ענלעכ צו דעמ פונ
די קלוימערשטע „פאָלקיסטנ" פונ סאָפ XIX אָנהייב XX יאָרהונדערט,
וואָס אונטערשיידנ זיכ שוינ זייער ווייניק פונ די בורזשואזע ליבעראלנ
לויט דער מאָדערנער פאָרמאציע. דאָס איז די הויפט־סיבע פונעמ פאקט,
וואָס מענדעלע האָט זײַט די 80־ער יאָרנ אויפגעהערט זיכ אָפצורופנ
אפ די אקטועלע צײַט־פראגעס, וואָס ער באריט ניט מער — אכוצ אויס־
נאמעס אונ אפ א ווייניק קאָנסעקווענטנ שטייגער — די טעמעס פונ דער
צײַט, וואָס ער באמיט זיכ זיי צו פארענטפערנ מיט זײַנ
קינסטלערישנ אָנווײַז אפ דער פארגאנגענהײַט, קורצ, די הויפט־סיבע פארנ
מעמואריסטישנ גרונט־כאראקטער פונ זײַנ שאפנ זײַט יענער צײַט.

מענדעלע אנטוויקלט אונ פארברייטערט זײַט דעמלט זײַנע אלטע טע־
מעס אונ מאָטיווג, ער פארפולקומט אונ שלײַפט אויס די פאָרמ פונ זײַנע
ווערק מיט געניטער אלטמײַסטערישער גערײַפטקײַט. דאָס דערגייט דעמלט
בא אימ גענוג אָפט ביז צו צעשלײַפנ אונ אָפשלײַפנ די הארטע קאנטנ,
וואָס האָבנ אמאָל זײַנ שאפנ געגעבנ די כאראקטעריסטישע קאָנטורנ פונ
זײַנ געזעלשאפטלעכער פיזיִאָגנאָמיע. אָבער אינ טאָכ טראָגט שוינ מענדע־
לעס שאפנ זײַט די 80־ער יאָרנ אנ איבערכאזערנדיקנ כאראקטער אונ א
מעמואריסטישנ גרונט־טאָנ.



מענדעלע אין יאָר 1862

## 1

א פּינקטלעכע פּעריאָדיזאציע אינ מענדעלעס שאפנ איז זייער שווער דורכצופירנ. מענדעלע האָט די אייגנטימלעכקײַט, אז ער קערט זיכ אומ צו זײַנע עלטערע פארטיקע ווערק אונ ארבעט זיי מער אָדער ווייניקער גרונטלעכ איבער („האָבות והבנים", 1858 — איז אנ איבערארבעטונג פונ „למדו היטב", 1862; „דאָס קליינע מענטשעלע", 1864—1879; „דאָס ווינטשפינגערל", 1866—1888 אונ שפּעטער; „פישקע דער קרומער", 1869—1888). מאכט זיכ, אז א ווערק, וואָס ער האָט פארטראכט אונ אויסגעבויט אינ א פריערדיקנ פּעריאָד, רוקט זיכ ארײַנ, אלס באדײַטנדיק נײַ־באארבעטער אונ פארענדערטער וואריאנט, אינ אנ אנדערנ פּעריאָד, אונ סטארטשעט דאָרט ארויס אינעמ „קאָנטעקסט" פונ די צײַט־נאָענטע ווערק אומענלעכ אונ אָפט אינ סטירע צו זיי. פונעמ פּעריאָד זײַט 1864, אינ וועלכנ מענדעלעס אָריענטאציע אפנ קליינבירגערטומ ווערט דײַטלעכער אונ באוווסטזיניקער, סטארטשעט ארויס די נײַע איבערארבעטונג פונ „למדו היטב", וואָס הייסט דערנאָכ „האָבות והבנים" (1868) אונ שטייט נאָכ שטארק אונטער דער ווירקונג פונ דער טראדיציאָנעלער בירגערלעכער האסקאָלע. שוינ אינ די 70־ער יאָרנ הייבנ זיכ אָנ בא אימ דײַטלעכער ארויסצובאווײַזנ די באשטימטע אפּאָלאָגעטישע טענדענצנ („דאָס יידל", „זמירעס", „פּיירעק שירע", געוויסע מאָמענטנ אינ „די קליאטשע") — אונ פלוצעמ קומט אינ יאָר 1878 זײַנ „מאסאָעס", וואָס שמײַסט אמשארפסטנ פונ אלע ווערק מענדעלעס די מיטלאלטערלעכע אָפּגעשטאנענקײַט אינ דער שטעטלדיקער יידישער סוויווע, וואָס באקעמפט אפנ סאמע שלאָגקרעפטיקסטנ אויפנ „דאָס היסטאָרישע יידנטומ", „דעמ טראדיציאָנעלנ לעבנשטייגער", אונ אינ 1879 דערשײַנט די נײַע גרויסע איבערארבעטונג פונ זײַנ „דאָס קליינע מענטשעלע", א ווערק, מיט וועלכנס ערשטנ וואריאנט ס'האָט זיכ אָנגעהויבנ דער פּאָרשריטלעכסטער צײַט־אָפּשניט אינ זײַנ שאפנ (זײַט

1864) אונ וואָס געהערט צו די באַדײַטנדיקערע געזעלשאַפט־קריטישע ווערק מענדעלעס.

אינעמ פעריאָד זײַט די 80־ער יאָרנ זעענ מיר צווישנ אזעלכע יערידישע זאכנ, ווי „דער פריזיוו" אונ די העברייִשע איבערזעצונגענ פונ זײַנע יידישע ווערק — פלוצעמ נײַע באַארבעטונגענ, קימאט נײַע ווערק, פונ זײַנ אמאָליקנ „ווינטשפינגערל" (1888) אונ פונ „פישקע" (1888). די טיפּישע קלײנבירגערלעכע וואקלדיקײַט, וואָס באַווײַזט זיכ אינ די דאָזיקע זיגזאגנ, פארשוועריקט א פינקטלעכע פעריאָדיזאציע פונ מענדעלעס לעבנס-ווערק.

פונ דער אנדערער זײַט, דערלויבט אימ גראָד די דאָזיקע זיגזאגארטיקע וואקלדיקײַט פונ זײַנ אידעאָלאָגיע, דער פאקט, וואָס ער איז אינ זײַנ רעאקציאָנערישקײַט ניט קאָנסעקווענט, ביז צו א געוויסער מאָס אָפּ א סטירעדיקנ אויפנ אָפּצוהיטנ אינ די נײַע איבעראַרבעטונגענ, ניט געקוקט אָפּ באַשטימטע צוגאָבנ אונ ענדערונגענ לויט דער נײַער אײַנשטעלונג, אויכ די עלטערע שיכטונגענ — לויט דער פריערדיקער אײַנשטעלונג [1]. באַקומט זיכ טאקע אינ זײַנע נײַע איבעראַרבעטונגענ א אידעאָלאָגישע איבערפּאַרטײַטשונג פונ די פריערדיקע ווערק — אָבער ביז צו א געוויסער מאָס אויכ א קאָמענטאר אונ צעוויקלונג פונ די געדאנקענ אונ בילדער, וואָס זײַנענ אינ א פריערדיקנ פעריאָד אונ לויט א פריערדיקער אײַנשטעלונג פארטראכט געוואָרנ.

די דאָזיקע אומקאָנסעקווענטקײַט אינ זײַנ וועלטאָנשויונג איז באַמערקט אונ אונטערגעשטראָכנ געוואָרנ אפילע פונ זײַנע רעאקציאָנערע פרײַנט אונ צײַט־כאווײרימ. בענ־אמי דערקלערט: „ר' מענדעלע איז ניט קײנ סיסטעמאטישער שטרענג-לאָגישער דענקער. ער האָט אויכ עפּשער ניט קײנ אָפּגעשטעלטע גענויע וועלטאָנשויונגענ. דענקענ דענקט ער טאָמעד, אונ יעדע זאכ, וואָס ער זעט, וועקט אינ אימ טאָמעד אופ א געדאנק, א באַמערקונג. ער לאָזט קימאט אײנ זאכ ניט דורכ אומבאַמערקט. אָבער די אלע געדאנקענ שטײענ זיכ באַזונדער אײנער פונ דעמ אנדערנ — זײ זײַנענ אײַנפאלנ, בליצנ אונ דעריבער זײַנענ זײ אָפּט סויסער (ווידערשפּרעכנ — מ.וו.) אײנער דעמ אנדערנ. [2]

די סיבע, וואָס בענ-אמי גיט אָנ פאר דער דאָזיקער אײגנארט — די אימפּרעסיאָניסטישקײַט מענדעלעס — דערקלערט דאָ גאָרניט. די עמעסע סי־

1 לעמאָשל, אינ אזא ווערק, ווי „דאָס ווינטשפינגערל" (זײַט 1888 אונ שפּעטער) היט מענדעלע אָפּ אינ א באַדײַטנדיקער מאָס פריערדיקע אויפקלערערישע געזעלשאפט-קריטישע מאָמענטנ (קריטיק פונ די פעאָדאלישע אינסטיטוציעס אינ דער יידישער סוויווע, פונ דער פרומאקישער צוויִעסדיקײַט אאוו.).

2 בענ-אמי, „מענדעלע שעבאל־פע", „פנקס", ווילנע, 1913.

בע איז דער טיפּיש־קליינבירגערלעכער, עקלעקטישער, וואקלדיקער מעהוס פון א שרייבער, וואָס אין זיין שאפן קומען צום אויסדרוק די פּאראָרעמ־טע און עקספּלואטירטע שטעלדיקע שיכטן קליינבירגערטום אין א שווערן איבערגאנג־פּעריאָד. אָבער בען-אמיס פעסטשטעלונג גופא איז דורכויס ריכטיק. זי ווערט אויך באשטעטיקט אין זיכרוינעס פון דובנאָוו. די דאָ־זיקע בורזשואזע נאציאָנאליסטישע אָנהענגער מענדעלעס וואָלט זיך געוויס בעסער געלוינט צו מאכן פון מענדעלען א קאָנסעקווענטן רעאקציאָנער — ווען די פאקטן סיי אינעם שאפן סיי אינעם לעבן מענדעלעס וואָלטן זיך ניט צו דיילעך קעגן דעם ארויסגעזאָגט. בען־אמי און דובנאָוו זאָגן דאָ דעם עמעס.

די קליינבירגערלעכע וואקלדיקע אומקאָנסעקווענטקייט מענדעלעס פאר־לייכטערט, פון איין זייט, — ווייל זי דערלויבט מענדעלען ציען עלטערע ליניעס אינעם אידעאָלאָגיש־געענדערטן פעריאָד, און, אזויארום, אויסצו־קלאָרן פריערדיקע קאוואָנעס, — און פארשווערט, פון דער אנדערער זייט, נאָך מער א פּינקטלעכע פעריאָדיזאציע.

## 2

מיר מוזן פעסטשטעלן, אז אפילו אינעם סאמע ראדיקאלסטן צייט־אָפּ־שניט פון זיין שאפן, דעם רעלאטיוו אויסגעהאלטנסטן, פון 1864 — 1869 („דאָס קליינע מענטשעלע", ערשטער וואריאנט, 1864; „ווינטשפינגערל", ערשטער וואריאנט, 1866; „די טאקסע" און „פישקע דער קרומער", ערשטער וואריאנט, 1869), באגעגענען מיר בא אים אויך אזעלכע ארויסזאָגונגען, וואָס אנטיציפּירן אין א געוויסער מאָס באשטימטע איינשטעלונגען זיינע פונעם פעריאָד זייט די 80־ער יאָרן (לעמאָשל: אין „האָבות והבנים", 1868, באטאָנט ער זיין קעגנערשאפט סיי צו „איבעריקער פרומ־קייט" — „חסידות יתרה" — און סיי צו גאָטלייקענונג — „כפירה" — אפ אן אלציינעם אויפן; אין זיין בראָשור „עין משפט", 1867, שטרייכט ער אונטער, אז ער איז אויסן מיט זיין קריטיק בלויז די שטייגערישע טרא־דיציע און ניט די רעליגיעזע, אפּאָלאָגיזירט דעם טאלמוד, העברייאיש אאוו.). אין געוויסע איינצלנע פּראָטים איז מענדעלע אפילו אין דעם דאָזיקן פאָרגעשריטנסטן פעריאָד זיינעם געמעסיקטער איידער א טייל פריערדיקע מאסקילים, כאָטש אין אנדערע וועזנטלעכע פּראָטים איז ער א סאך פאָרשריטלעכער. באשטימטע רעגרעסיווע מאָטיוון (פון נאציאָנאליזם, געמעסיקטקייט אין די ארויסטרעטונגען קעגן קלעריקאליזם אאא.), וואָס ווערן דייטלעכער ערשט זייט די 80־ער יאָרן, געפינען מיר בא מענדעלען

אינ א מער אָדער ווייניקער עמבריִאָנאַלנ צושטאַנד אויכ שוינ אינ די 60-ער יאָרנ.

מענדעלע איז זײַט די 60־ער יאָרנ געווענ אונ געבליבנ אינ טאָכ א פאָרשטייער פונ די ייִדישע פאַופּעריזירטע אונ עקספּלואַטירטע שטעטלדיקע שיכטנ קליינבירגערטום — אינעם איבערגאַנג-פּעריִאָד פונ פעאָדאַלישע צו קאַפּיטאַליסטישע געזעלשאַפטלעכע פאָרמעס. אַנטשפּרעכנדיק צומ דעמ דאָזיקנ היסטאָרישנ איבערגאַנג־כאַראַקטער בילדעט זיכ אויס דאָס ווערטפולסטע אינ זײַנ אידעאָלאָגיע: די סינע צומ אַלטנ פעאָדאַלישנ שטייגער, צו דער פעאָדאַלישער גווירימשאַפט, צו די פעאָדאַלישע רעשטנ, וואָס פאַרהאַלטנ די אַנטוויקלונג פונ דער געזעלשאַפט אינ דער קאַפּיטאַליסטישער ריכטונג. גלײַכצײַטיק אָבער שפּיגלט מענדעלע אָפּ ניט נאָר דאָס בעסטע שטרעבנ פונ דעמ דאָזיקנ פאַופּעריזירטנ קליינבירגערטום, נאָר אויכ די רעאַקציִאָנערע עלעמענטנ פונ דעמ דאָזיקנ קליינבירגערטומס שטרעבנ, די אָפּגעשטאַנענקײַט פונ דער דאָזיקער מאַסע, וואָס באַשטייט אינ היפּשע טיילנ אירע אויכ פונ דעקלאַסירטע, קליינקרעמערישע פּאַראַזיטישע שיכטנ. די דאָזיקע מאַסע טראָגט אינ זיכ פאַרגליווערטע רעאַקציִאָנערע עלעמענטנ; די בונטאַרישקײַט פונ דער דאָזיקער מאַסע, איר „רעוואָליוציִאָנערער קויעכ" איז נישטיק אונ ווייניק אויסגעהאַלטנ. אינעמ לעצטנ פינפטל פונ XIX יאָרהונדערט אַנטוויקלט זיכ דער קאַפּיטאַליזמ אינ רוסלאַנד אַפּ אַנ אינטענסיווערנ אונ ברייטערנ אופנ — אונ א גרויסער טייל אידעאָלאָגישע פאָרשטייער פונ די פאַופּעריזירטע אונ עקספּלואַטירטע שטעטלדיקע קליינבירגערלעכע שיכטנ פאַלט אַלצ מער אונ מער אַרונטער אונטערנ דרוק פונ דער דאָזיקער אַנטוויקלונג — אונ אונטער דער אָנפירונג פונ דער בורזשואַזער רעאַקציע.

די סטירעס אינ מענדעלעס אידעאָלאָגיע אונ שאַפנ פונ סאַמע אָנהייב אָנ ווערנ בלויז מיט דער צײַט בולעטער אונ אַנטוויקלטער: ווײַל די שטרעבונגענ פונ קליינבירגערלעכע שיכטנ, ווי די, וואָס קומענ צומ אויסדרוק אינ מענדעלעס שאַפנ, נעגירנ לויט זייער מעווע ניט אינ טאָכ, רײַסנ אינ טאָכ ניט אונטער די וואָרצלענ פונ אַזעלכע פעאָדאַלישע רעשטנ, ווי קלעריקאַליזמ, רעליגיעז־נאַציִאָנאַליסטישע אַטאָ-בעכאַרטאָנישקײַט אאַוו. אונ אַוואַדע ניט די בורזשואַזע עקספּלואַטאַציע.

3

אינ די 60-ער אונ אינ די 70־ער יאָרנ איז אינ מענדעלעס שאַפנ געקומענ צומ אויסדרוק דער ווערטפולער פּראָגרעסיווער טייל שטרעבנ פונ די דאָזיקע שיכטנ קליינבירגערטום, ער לייגט דעמלט דעריקער דעמ

טראָפּ אפּנ נעגאטיוויסטישנ טייל אינ זײַנ פּראָגראם, אפּנ צעשטערישנ;
אונ אינ אזא סיטואציע איז בא דעם מינ קליינבירגער בלויז דאָס נעגא-
טיוויסטישע — עמעסדיק ווערטפול. דאָרט, ווו ער קומט מיט פּאָזיטיווע פּאָר-
שלאָגנ, איז ער שוינ אויכ אינ יענעם פּעריאָד צום טייל ביז גאָר באגרע-
נעצט אונ צום טייל אפּילע רעאקציאָנער. די פּאָזיטיווע לייזונג־פּאָרשלאָגנ
זײַנענ בא אזא מינ קליינבירגער אינ טאָכ אונ אינ לעצטנ רעזולטאט
שטענדיק באגרענעצט. זײַט די 80-ער יאָרנ לייגט שוינ מענדעלע דעריקער
דעם טראָפּ אפּנ פּאָזיטיוונ טייל פונ זײַנ פּראָגראם, באווײַזט זיכ באזונ־
דערס בוילעט די באָרנירטקײַט פונעם אינהאלט אינ די שטעטלדיק־קליינ־
בירגערלעכע פּאָדערונגענ אונ די גענייגטקײַט פונ די דאָזיקע צום טייל אומ־
פּראָדוקטיווע פּאראזיטישע שיכטנ קלייבנבירגערטום צו גיינ אונטער דער
אָנפירונג פונ דער בורזשואזיע.

וואָרעמ מע טאָר ניט פארגעסנ דעם כילעק צווישנ די דאָזיקע שיכטנ
יידישנ קליינבירגערטום אונ, לעמאָשל, דעם פויערישנ קליינבירגערטום אינ
יענער צײַט. באם פויערטום גייט עס וועגנ אונטערדריקטע, עקספּלואטיר-
טע, אָבער האָרעפּאשנע קליינפּראָדוצירער, די אידעאָלאָגישע פאָרשטיי-
ער פונ דער דאָזיקער פויערים־מאסע האָבנ געשטרעבט צו דער באפרײַונג
פונ רעשטנ לײַבייגנטום-רעכט אונ פארשקלאפנדיקע פריצישע פּאָרטלענ. עמעס:
זיי האָבנ געקאָנט דערגיינ נאָר בלויז צו א פויערשנ סאָציאליזם, וואָס איז
אוטאָפּיש אונ אינ טאָכ סאָפּקאָלסאָפּ רעאקציאָנער. די דאָזיקע פּאָדערונגענ
האָבנ אָבער לויט זייער טעווע פּאָרט אינ זיכ געהאט א גוואלדיקנ רעוואָ-
ליוציאָנערנ קויעכ, ווײַל זיי האָבנ אָנגערירט ביז צום ביינ די גרונט-זײַלנ
פונעם זעלבסטהערשעריש־גוטבאזיצערישנ רעזשים. די אויספירונג פונ זיי-
ערע פּאָדערונגענ האָט געהאט אלס פּאָרהאנאָכע די צעשמעטערונג פונ
זעלבסטהערשאפט, פונ אלע רעשטנ לײַבייגנטימערישקײַט. דעריבער האָט
דאָס פויערטום, די באוועגונג פונ פויערטום פארמאָגט א באדײַטנדיקנ רע-
וואָליוציאָנערנ קויעכ. זעענ מיר טאקע, אז די אידעאָלאָגישע פאָרשטייער
אונ קעמפער פונ פויערטום זײַנענ געווענ אָנ אנ ערעכ פאָרשריטלעכער אונ
שטאנדהאפטיקער אינ זייער אופרײַסערישקײַט, איידער די פאָרשטייער פונ
אזעלכע שטעטלדיקע קליינבירגערלעכע מאסנ, וואָס זײַנענ צום גאָר גרויסנ
טייל באשטאנענ פונ פּאופּעריזירטע קליינ-קרעמער, דעקלאסירטע, לופט-
מענטשנ (פונ א ביז-קאפּיטאליסטישנ מינ), פאראָרעמטע באלמעלאָכעס אאוו.
אונ וואָס דער אינווייניקסטער טאָכ פונ זייערע פּאָזיטיווע סאָציאלע פּאָ-
דערונגענ (קאָנצענטרירט אינ דער פאָרמולירונג: „עמאנסיפּאציע") האָט
כאָפּקאָלסאָפּ געקאָנט באטײַטנ נאָר דאָס איינע: דאָס רעכט פארנ קליינ-
הענדלער, קליינ-פּראָדוצירער, קליינ־וווכערניק אא. צו האנדלענ, צו פאראזי־

טירן אָדער „האַרפּאַשנע" צו עקספּלואַטירן אומעטום און אָן שום באַגרע־נעצונגען, קורץ: ניט געמענדיק קיין אָנטייל אין די פּאָליטישע קאַמפּן פון דער בורזשואַזיע קעגן דעם פעאָדאַליזם, פּאַרט צו באַקומען א שטיקל כיילעק פון דער קאַפּיטאַליסטישער אַנטוויקלונג.

דאָס איז דער באָדן פון די אידעאָלאָגישע ווידערשפּרוכן אין מענדעלעס שאַפן אפילו אין זיין בעסטער צייט. פונדאַנען נעמען זיך זיינע זיגזאַגן, סיי אַף דער זייט פון פּאָרשריט סיי אַף דער זייט פון רעאַקציע. דאָס אַלץ פאַרשווערט דירעקט דורכצופירן א פּינקטלעכע פּעריאָדיזאַציע אין מענדעלעס שאַפונג. דאָס אַלץ באַטייט אָבער ניט, אַז ס'איז ניט פאַראַן קיין דייטלעכע אַנטוויקלונג אין מענדעלעס וועלטאָנשויונג, אַז מיר קאָנען ניט אָנצייכענען קיין דייטלעכע קאָנטורן פון זיין אידעאָלאָגישער אַנטוויקלונג, אַף פאָרויס און אַף צוריק.

4

אין אַלגעמיין דאַרפן פעסטגעשטעלט ווערן דריי הויפּט־פּעריאָדן אין מענדעלעס אַנטוויקלונג:

אין ערשטן פּעריאָד, פון זיינע אָנהייבן אָן אין די 50-ער יאָרן ביז צום יאָר 1864, גייט ער נאָך דעריקער נאָך די בירגערלעכע אופקלערערישע טראַדיציעס.

אין צווייטן פּעריאָד, פונעם יאָר 1864 („דאָס קליינע מענטשעלע") ביז צום סאָף פון די 70־ער יאָרן, שטעלט ער זיך מער באַוווסטזיניק אַף די פּאָזיציעס פון פאַראָרעמטע און עקספּלואַטירטע שטעטלדיקע קליינבירגערטום. דער דאָזיקער פּעריאָד קאָן אויסגעטיילט ווערן אין צוויי צייט־אָפּשניטן:

א) 1864 ביז 1869 — דער סאַמע פּאָרשריטלעכסטער צייט־אָפּשניט אין דעם דאָזיקן פּעריאָד (אַרויסטרעטונגען קעגן דער פעאָדאַלישער גווירים־שאַפט);

ב) 1869 ביז 1879, אין וועלכן ס'הייבן זיך שוין אָן צו באַווייזן נעבן שטאַרקסטע אויסדרוקן פון געזעלשאַפט-קריטיק אויך דייטלעכע אַי־בערבראָך-סימאָנים פון געזעלשאַפט־אַפּאָלאָגיע.

אין דריטן פּעריאָד, זייט אָנהייב 80-ער יאָרן ביזן סאָף פון זיין לעבן, פאַלט ער וואָס שפּעטער אַלץ מער אַרונטער אונטערן דרוק פון דער בורזשואַזער רעאַקציע (רעטראָספּעקטיווע אַפּאָלאָגיע פון דער פאַרגאַנגענהייט — נעבן מער אָדער ווייניקער באַדייטנדיקע מאָמענטן פון געזעלשאַפט־קריטיק).

## 5

אינעם ערשטן פעריאָד, ד. ה. ביז צום יאָר 1864, זײַנען פון מענדעלען דערשינען אויסשליסלעך העברעיִש־געשריבענע ווערק. דער קלײנבירגערלעכער שרײַבער שטייט דעמלט נאָך זייער שטארק אונטער דער ווירקונג פון דער טראדיציאָנעלער בירגערלעכער האסקאָלע, אָבער פון אן עפּיגאָנישער און אָפּגעריסענער פון דער ווירקלעכקײַט. קעגן דער דאָזיקער אָפּגעריסנקײַט פונעם אקטועלן געזעלשאפטלעכן לעבן איז דאָס קאָוונער אזוי שארף ארויסגעטראָטן. מענדעלעס אידעאל איז דעמלט אין „למדו היטב“ — „האבות והבנים“ — אגעוו אויך נאָך אין „דאָס קליינע מענטשעלע“ און אין דער „טאקסע“ אנטשפּרעכנדיק צו דער מאסקילישער טראדיציע — דער אָרעמער, אזוי צו זאָגן „ראזנאָטשינישער“ אינטעליגענט. טראדיציאָנעל מאסקילישע, אָבער אײַנגעהאלטענע קריטיק פונעם כאסידישן קלעריקאליזם, פון צוויאקישקײַט, פון קאָהאָלשע מיסברויכן, פון אומגעבילדעטקײַט אאוו., פון איין זײַט, און בילדונג־פּראָפּאגאנדע, פון דער אנדערער זײַט — דאָס זײַנען די הויפּט־שטריכן פון מענדעלעס ערשטן פעריאָד. אין דער פארשפּרייטונג פון קענטעניש און נאטורוויסנשאפטן זעט ער דעמלט דאָס פּאָזיטיווע הויפּט־מיטל קעגן אלע נויטן. בילדונג און די נאטורוויסנשאפטן זײַנען דאָס „ווינטשפינגערל“, וואָס פון אים קאָן מען באקומען אלץ, וואָס מע קאָן זיך נאָר ווינטשן.

דאָס דאָזיקע אונטערשטרײַכן דעם ווערט פון דער וויסנשאפט — באטײַט דאָ אונטערשטרײַכן דעם באטײַט פונעם וויכטיקסטן וואפן קעגן דעם פעאָדאלישן קלעריקאליזם. פארשפּרייטן קענטעניש באטײַט אין אזא פעריאָד און אין אזעלכע אומשטענדן באוואָפענונג פון באוווסטזײַן קעגן פעאָדאלישער אָפּגעשטאנענקײַט.

מיר זעען אין דעם פּראט א געוויסע אנאלאָגיע צום געדאנקענגאנג פּיסאַרעווס נאָך זײַן אָפּגיין אפּ רעכטס פון זײַנע פריערדיקע רעוואָליוציאָנערע טראדיציעס (נאָך 1862). אויב מענדעלע האלט אין דעם דאָזיקן ערשטן פעריאָד זײַנעם, אז אלדאָס בייז אין דער געזעלשאפט קומט פונעם ניט־גענוגנדיקן ניוואָ פון מענטשלעכן וויסן, הערן מיר דערין אן אָפּהילך פון פּיסארעווס מיינונגען: „דאָס וויסן איז דער שליסל צו דער לייזונג פון די געזעלשאפטלעכע אופגאבעס“ (פּיסארעוו). ווי בא פּיסארעוון איז אויך בא מענדעלען דעמלט די וויסנשאפט און איר פארשפּרייטונג דער טאכאקל פון זײַן פּאָזיטיווער געזעלשאפטלעכער פּראָגראם. פּראָפּאגירט טאקע מענדעלע די נאטורוויסנשאפטן סײַ אין ארטיקלען סײַ אין קאָמפּיליאטיווע נאטורוויסנשאפטלעכע ווערק פון פארשיידנסטע געביטן („תולדות הטבע“,

טייל I, 1862; טייל II, 1867; טייל III, 1872) און סיי אין זיינע בעלע־
טריסטישע ווערק („למדו היטב", 1862. „האָבות והבנים", 1868; „דאָס
ווינטש-פינגערל", 1866 אאוו.). דאָס אנאלאָגישע צו פּיסארעוון איז ניט
קיין צופאל. אָן סאָפעק ווער א גענויערע אויספאָרשונג אין דעם פּראט,
ווי אויך אין אנדערע, קאָנען פעסטשטעלן א ווירקונג פּיסארעווס אף מענ־
דעלעס אידעאָלאָגיע. אנטשיידנדיק אָבער פאר דער אנאלאָגישקייט איז דאָ
די טאט־זאך, וואָס ביידע שרייבער דריקן אויס דעריקער שטאָטישע (מענ־
דעלע—שטעטלדיקע) קליינבירגערלעכע מאסן אינעם איבערגאנג־פּעריאָד צום
קאפּיטאליזם, דעריבער אויך איז באביידן דער אידעאל—דער אופגע־
קלערטער קליינבירגערלעכער (פון קאפּיטאליסטישן טיפּ) קולטורטרעגער.
ביידע דריקן אויס, כאָטש מיט דורכויס פארשיידענער מאָס פון אנטשלאָסנ־
קייט און קאָנסעקווענטקייט, דעם דראנג פונעם קליינבירגער אין יענער
צייט צו באקומען א ביילעק אין דער אנטוויקלונג פון קאפּיטאליזם. דאָס
איז אויך די סיבע, פארוואָס באשטימטע אָנשויונגען פונעם פּאָזיטיוויסט
קאָנט און פונעם ענגלישן קולטור־היסטאָריקער באָקל, וואָס זיינען דעמאָלט אין
קליינבירגערלעכע אינטעליגענץ-קרייזן אין רוסלאנד זייער פּאָפּולער געווען,
האָבן אף מענדעלען, דירעקט אָדער אומדירעקט (דורך דער פארמיטלונג פון
דער רוסישער פּובליציסטיק, דורך פּיסארעוון אאוו.), געהאט א ווירקונג.

מענדעלעס באזע איז אָבער געווען ניט בלויז א מער פּעאָדאליש
אָפּגעשטאנענע, נאָר אויך אן עקאָנאָמיש מער דעגראדירטע, א מער פּאור־
פּעריזירטע. אונטער דעם איינדרוק פונעם שארפן עקאָנאָמישן קריזיס אָנ־
הייב זעכציקער יאָרן, און באזונדערס פון זיינע רעזולטאטן פאר די שטע־
טלדיקע קליינבירגערלעכע מאסן, פאָרמירט זיך בא מענדעלען אויס א דייט־
לעכער אינטערעס פאר די פּאופּעריזירטע שיכטן אינעם שטעטלדיקן קליינ־
בירגערטום. עס איז כאראקטעריסטיש, אז מענדעלע האָט זיך אויך דירעקט
זייער אקטיוו אָפּגערופן אף די שווערע רעזולטאטן פון דעם קריזיס פאר
דער בערדיטשעווער באפעלקערונג און האָט זיך אף א געזעלשאפטלעכן —
כאָטש טאקע טיפּיש בירגערלעכן, פילאנטראָפּישן — אופן באמיט צו ברענ־
גען הילף די יאָרדישע, דעקלאסירטע און פּאופּעריזירטע קאָרבאָנעס פונעם
קריזיס. אין יאָר 1863 האָט מענדעלע געגרינדעט א פילאנטראָפּישע גע־
זעלשאפט אף צו ברענגען הילף די פּאראָרעמטע אונטערן נאָמען „משכיל
אל דל". דער דאָזיקער נאָמען האָט דעם באטייט פון א לאָזונג. „משכיל
אל דל" איז אף א מאסקילישן אופן צווייטייטיק. דער איינער באטייט
איז: „פארשטענדעניש פארן אָרעמאן", דער צווייטער טייטש — און דעם
איז מענדעלע דעריקער אויסן — איז: „דער מאסקיל — צום אָרעמאן!" דאָ
קומט צום אויסדרוק דער קער פונעם קליינבירגערלעכן אינטעליגענט צום

„פּאָלק“, צו דער „מאסע“, וואָס ער זעט פארקערפּערט אינעמ „אָרעמאנ“. זײַנ פילאנטראָפּישע טעטיקײַט ברענגט. מענדעלע ארײַנ אינ קאָנפליקט מיט די גוויריש-טאקיפישע רעדלפירער פונ דער שטאָט, פארשארפט מיט דער צײַט אלצ מער זײַנ קעגנערשאפט צו די דאָזיקע מיטלאלטערלעכע עקספּלואטאטערס, אזוי אז לעסאָפ נעמט זײַנ קעגנערשאפט אָנ אָפענע ווירק־זאמע פאָרמעס אינ זײַנע ליטעראַרישע ארויסטרעטונגענ. צו דעמ צוועק איז נייטיק געווענ, ער זאָל אָנהייבנ צו שרײַבנ אפ דער שפּראכ, וואָס איז צו יענער צײַט די איינציקע פארשטענדלעכ געווענ די ברייטסטע מאסנ פונ דער יידישער באפעלקערונג, ער זאָל אָנהייבנ צו שרײַבנ אפ יידיש.

## 6

דער אָנהייב פונעמ צווייטנ פעריאָד אינ מענדעלעס שאפנ דארפ באצייכנט ווערנ מיט זײַנ ווערק „דאָס קליינע מענטשעלע“ אָדער „איינ לעבנס-באשרײַבונג פונ ייצכאָק־אווראָמ טאקעפ“ (1864), אינ וועלכנ ס׳פאָרמירט זיכ אויס אונ ס׳קומט דײַטלעכ צומ אויסדרוק זײַנ קליינביר־גערלעכ-דעמאָקראטישע קעגנערשאפט צומ פעאָדאלישנ גוויר אונ צו דער פעאָדאליש־אָפּגעשטאנענער עקאָנאָמישער אָרדענונג.

מענדעלע גיט דאָ, אזוי צו זאָגנ, די נאטור־געשיכטע פונעמ פעאָדא־לישנ גוויר אונ טאקעפ. מענדעלע באווײַזט זײַנ ראָליע אונ לאגע צווישנ דעמ פעאָדאל, דעמ פּאָרעצ, פונ איינ זײַט, אונ די עקספּלואטירטע מאסנ, פונ דער אנדערער זײַט. דער טאקעפ איז — אָדער איז געווענ אונ ערשט אזויארומ געוואָרנ א טאקעפ — דער פאקטער כונעמ פּאָרעצ, אָדער דער פאקטער באמ פאקטער פונעמ פּאָרעצ. דער שטעטלדיקער פעאָדאלישער טאקעפ וועבט געבוירנ אפ דער באזע פונ פאראזיטישער פאקטערײַ צווישנ דעמ פעאָדאל אונ די עקספּלואטירטע מאסנ. דער פאקטער האָט אויכ פונ זײַנ זײַט א קלענערנ פאקטער, יעדעס „קליינ מענטשעלע“ האָט זיכ זײַנ נאָכ קלע־נער מענטשעלע אונ אזוי גייט דער לייטער ביז אראָפּ צו די, וואָס פירנ דירעקט דורכ די עקספּלואטאטערישע ארבעט. מענדעלע דעקט אופ וויכטיקע שטריכנ פונעמ אפאראט פאר דער פעאָדאלישער עקספּלואטאציע אונ אונטער־דריקונג אונ ווײַזט די ראָליע פונעמ גוויר אונ קאָהאָל־מענטש אינ דעמ דאָזיקנ אפאראט.

די מאכט פונעמ טאקעפ באזירט זיכ אפ זײַנ „קליינמענטשלדיקײַט“, אפ זײַנ פאקטערישקײַט, קורצ אפ דער מאכט פונעמ פּאָרעצ. די דאָזיקע מאכט קאָנ נאָר דערגרייכט ווערנ דורכ אכזאָריעסדיקע געוויסנלאָזיקײַט, וואָס רעכנט זיכ מיט גאָרנישט אינ דער וועלט אכוצ מיט זײַנע אייגענע עגאָ־

יִסטישע צילן. און מענדעלע באַווײַזט אין דעם ווערק — באַוווּסטזיניק צי ניט — אַז די אַכזאָריעסדיקע געוויסנלאָזיקײַט איז אַ נויטווענדיקער רעזולטאַט פֿונעם טאַקעפֿס צילן, אַפֿילו ווען דער טאַקעפֿע איז לויט זײַן אורשפּרינגלעכן כאַראַקטער ניט דאַפֿקע קיין האַרטער, שלעכטער מענטש.

די וויכטיקסטע זײַט אין דער ראָליע פֿונעם קליינעם מענטשעלע, זײַן באַטײַט אין דער עקספּלואַטאַציע פֿון פּויערטום, שילדערט מענדעלע ניט אין זײַן ווערק. דאָס איז אַ רעזולטאַט פֿון מענדעלעס נאַציאָנאַלער אײַנגעגרענעצטקײַט. ער שילדערט בלויז די עקספּלואַטאַטאָרישע ראָליע פֿונעם טאַקעפֿ אין דער יִדישער סוויווע, וואָס קומט פֿאָר ניט דירעקט אַף דער באַזע פֿון פּראָדוקציע, נאָר דעריקער דורך וווכערישער טעטיקײַט און דורך טאַקיפּישן טעראָר. אַף די דירעקטע צוזאַמענהאַנגען צווישן דער נויט פֿון די יִדישע מאַסן און דעם פֿעאָדאַליש-אַבסאָליוטיסטישן רעזשים באַקומט זיך, אַזוי־אַרום, בלויז אַן אָנצוהערעניש. די נאַציאָנאַלע אײַנגערענעצונג שטערט אים צו זען די אייגנטלעכע לעצטע סיבעס פֿון די געזעלשאַפֿטלעכע דערשײַנונגען, וואָס ער קריטיקירט, און קעגן זיי אַרויסצוטרעטן. ער זעט זיי — אין דער שלעכטער קינדער-דערציִונג און ניט אינעם פֿעאָדאַלישן רעזשים, וואָס האָט אַלס רעזולטאַט צווישן אַנדערע זאַכן אויך די שלעכטע קינדער-דערציִונג. דרייט ער זיך דעריבער אין אַ קרײַז, מיינט, אַז מיט זײַן פּראָגראַם וועגן פֿאַרבעסערן דאָס דערציִונג־וועזן קאָן טאַקע עפּעס וועזנטלעכס געענדערט ווערן אין דער געזעלשאַפֿט.

יִצכאָק־אַווראָם טאַקעפֿ, דאָס „קליינע מענטשעלע" ווערט געשילדערט אַלס מאָראַלישער באַל־טשוווע, אין טאָך איז דער שטריך ניט קיין שטייגערישע דערשײַנונג. דאָס איז בלויז געווען אַ ווונטש און אַ האָפֿענונג מענדעלעס צו יענער צײַט. דעריקער אָבער איז דער דאָזיקער ניט ווירקלעכער שטריך געווען אַ רעזולטאַט פֿון מענדעלעס ניט זען די אייגנטלעכע סיבעס פֿון די קריטיקירטע געזעלשאַפֿטלעכע דערשײַנונגען. יִצכאָק־אַווראָם איז אורשפּרינגלעך געווען ניט קיין שלעכטער מענטש בעטעווע, ער איז דאָס געוואָרן דורך דער שלעכטער דערציִונג אין זײַן אומגליקלעכער יוגנט. ווען ניט דאָס, וואָלט ער אויסגעוואָקסן אַ פֿײַנער גוטהאַרציקער פֿילאַנטראָפּ, אַשטייגער, ווי אַלץ וואָלט געווען אָפּהענגיק פֿון די נאַטירלעכע מענטשלעכע געפֿילן. דעריבער גיט מענדעלע אַזאַ לעצט־אַנטשיידיקע וואָג דער פֿראַגע פֿון דער דערציִונג. דאָ באַווײַזט זיך דער ראַציאָנאַליסטיש־סאַנטימענטאַלער עלעמענט אין זײַנע געזעלשאַפֿטלעכע אָנשויונגען.

איבער דער דאָזיקער אײַנשטעלונג ווערט יִצכאָק-אַווראָם באַוויזן ניט אַלס קינד פֿון רײַכע עלטערן, וואָס באַקומט געווינלעך אַ „בעסערע דערציִונג" און וואָס זײַן יוגנט פֿאַרלויפֿט אין גליקלעכערע אומשטענדן, נאָר

אלס קינד פון דער אָרעמשאַפט, וואָס ווערט פארקריפּלט דורך נויט, פּײַן און פאלשער דערציִונג. פון דער אנדערער זײַט, באַווײַזט זיך אין דעם דאָזיקן שטריך אויך מענדעלעס „פאָלקס־ליבע": א טאקע א באַל־כאראָקטע קאָן נאָר זײַן א מענטש, וואָס שטאמט אליין פונעם האמוין און וואָס האָט אליין דורכגעלעבט אלע נויטן פונעם האמוין — דאָס אלץ שטייט אין צוזאמענהאנג מיט די עלעמענטן פון סאנטימענטאליזם אין מענדעלעס סאָציאַלע אָנשויונגען און מיט די באגרענעצטע פּאָזיטיווע אויספירן פון זײַן געזעלשאפט־קריטיק.

אין דער אייגענער צײַט באמיט זיך אָבער מענדעלע איבערצוגעבן די עמעסדיקע ווירקלעכקײַט פון זײַן צײַט. ס'הערן זיך שוין דאָ אָנזאָגן און טענער פונעם שפּעטערדיקן גרויסן קינסטלער און רעאליסט (אָפּגערעדט פון דער איבערארבעטונג אין יאָר 1879, ווו ס'געפינען זיך אין א היפּשער צאָל מײַסטערהאפטע בילדער פונעם רײַפן מענדעלע). מענדעלע וויל אין דעם דאָזיקן ווערק אנטפּלעקן דעם מעהיס פונעם מאיאָפּעסניק, דעם פּעאָדאלישן אונטערלעקער פונעם פּאָרעץ, צו וועלכן ער שטעלט אנטקעגן דעם מאסקילישן פראָנדיאָר און פאָרשטייער פון דער מענטשלעכער ווערדע. דערבײַ דעקט ער אוף די פארקריפּלטקײַט און אָפּגעשטאנענקײַט פון א גאנצער ריי דערשײַנונגען אינעם שטייגער און לעבן. די בילדער, וואָס מענדעלע גיט דאָ פון דער ווירקלעכקײַט — וואקסן אריבער איבער זײַן קאָנצעפּציע, רײַסן זי אוף, און זײַנע פּראקטישע פּאָזיטיווע אויספירן ווערן אין פארגלײַך מיט זײַנע בילדער נישטיק און נעבעכדיק, א נאִיווע נאָכשלעפּעניש און באַלעסטיקנדיקע צוגאָב. ניט צוליב זיי איז די דאָזיקע קליינע דערציילונג צו איר צײַט אזוי ווארעם אופגענומען געוואָרן פון דער געזעלשאפטלעכקײַט, נאָר איבער איבער אָנקלאָג קעגן דעם פּעאָדאליש־אָפּגעשטאנענעם שטייגער ביכלאַל, איבער דעם פּראָטעסט קעגן זײַנע סיבעס, וואָס האָט זיך דאָ באקומען טראָץ די צוגעקלעפּטע פיליסטעריש־דידאקטישע אויספירן. —

אין די יאָרן פאר און נאָך דער פויערישער רעפאָרמע האָבן באַשטימטע רעכטלעכע פארגרינגערונגען פאר די פּריווילעגירטע ייִדישע בורזשואַ און געוויסע אומיטלבארע רעזולטאטן פון דער רעפאָרמע פאר דער עקאָנאָמיק געווירקט אופמונטערנדיק אויך אפ די ברייטערע ייִדישע קליינבירגערלעכע מאסן און זייער אינטעליגענץ. סע האָט זיך געהויבן זייער געזעלשאפטלעכע שטימונג. זיי האָבן דעם דאָזיקן פּעריִאָד געהאלטן פאר א „וועסנע־צײַט פון ייִדישן לעבן".

אין פארבינדונג מיט דער פויערישער רעפאָרמע האָבן די דאָזיקע מאסן געהאָפט אויך אפ רעפאָרמעס אין דער ייִדן־פראגע. וועגן יענער צײַט שרײַבט דאָס מענדעלע אין יאָר 1888 זײַנע ליריש־עלעגישע רעמי־

ניסצענצ (צו מ. מאַרגוליסנ אינ זײַנ ווידמונג פונ „פּישקע דער קרומער"): „...מיר בײדע, טײַערער פרײַנט, האָבנ אָנגעהויבנ אונדזער ארבעט אינ דער יידישער ליטעראַטור פּונקט אינ דער ווערסנע־צײַט פונעם יידישנ לעבנ דאָ בא אונדז אינ לאַנד. פונעם זעכציקסטנ יאָר אינ אונדזער צײַט הײבט זיכ פאר יידנ אָנ גאָר א נײַ לעבנ — א לעבנ שוינ מיט א גרינגער געמיט, פול מיט גוטע האָפענונגענ אפ שפּעטער. דענסטמאָל זײַנענ מיר געווענ בײדע נאָכ זײער יונג אונ האָבנ מיט א ברענ זיכ א נעם געטאָנ צו דער פענ, געארבעט געשמאַק, איטלעכער אפ זײַנ גאַנג..."

אָבער זײער גיכ האָט זיכ ארויסגעוויזנ, אז די האָפענונגענ אפ בירגערלעכער עמאַנסיפּאַציע בענעגײע די ברײטע יידישע פאָלקמאַסנ זײַנענ אומזיסטע. די שטעטלדיקע מאַסנ זײַנענ געבליבנ ווי פריער אײַנגעקלעמט אונ צונויפגעפּרעסט אינ די דערלויבטע טכומענ (וואָס זײַנענ אגעוו נאָכ דער רעפאָרם נאָכ מער פארמינערט געוואָרנ), אונ זײַנענ גראָד דורכ די נײַע באַדינגונגענ אפ אנ אײגנאַרטיקנ אויפנ נאָכ מער צוגעפּעסטיקט געוואָרנ צום שטעטל, נאָכ מער באַגרענעצט געוואָרנ אינ דער באַוועגונג־פרײַהײַט.

נאָכ דער קרימער קאַמפּאַניע האָט זיכ אָנגעהויבנ אינ רוסלאַנד אנ אינדוסטריעלע אופלעבונג. סאָפ 50־ער יאָרנ איז געקומענ דער קריזיס, דאָס האָט אָבער ניט אָפּגעהאַלטנ די ווײַטערדיקע קאַפּיטאַליסטישע אנטוויקלונג פונ דער ווירטשאַפט. טראָצ דעמ קריזיס האָט זיכ די אינדוסטריע אינ אלגעמײנ ווײַטער אנטוויקלט, ס'האָט זיכ פארגרעסערט די נעצ אײַזנבאַנענ, דער אינווײניקסטער מארק האָט זיכ פארברײטערט, אונ רוסלאַנד האָט אלצ מער אָנגעהויבנ ווערנ א קאַפּיטאַליסטיש לאַנד. האָבנ די שטעטלדיקע יידישע מאַסנ געהאַט צו לײַדנ סײַ פונ די פעאָדאַלישע רעכט־באַגרענעצונגענ, וואָס האַלטנ אופ די אנטוויקלונג פונ זײער עקאָנאָמיק אינ דער ריכטונג פונ קאַפּיטאַליזמ אונ גרענעצנ זײ קינסטלעכ אײַנ אינ אָפּגעשטאַנענע פעאָדאַלישע ראַמענ — אונ סײַ אויכ שוינ פונ די רעזולטאַטנ, וואָס די אנטוויקלונג פונ קאַפּיטאַליזמ גופע ברענגט פאר דער עקאָנאָמיק פונעם קלײנבירגער. דער שווערפּונקט פונ דער אנטוויקלונג האָט זיכ איבערגערוקט פונעם שטעטל אינ שטאָט. פונ אײנ זײַט, וואַקסט אונ אנטוויקלט זיכ דער יידישער קאַפּיטאַליסטישער בורזשוא, דעריקער אינ דער שטאָט, פונ דער אנדער זײַט, פארגרעסערט די אנטוויקלונג פונ קאַפּיטאַליזמ נאָכ מער די פאראָרעמטקײַט פונ ברײטסטע קלײנבירגערלעכע אונ האַרעפּאַשנע שיכטנ, וואָס לעבנ צונויפגעפּרעסט דורכ די רעכט-באַגרענעצונגענ אינעמ שטעטל. ס'צעוויקלט זיכ אינעמ שטעטל א מעויעמדיקע, מעשונעדיק-קלײנלעכע קאָנקורענצ אפנ באָדנ פונ די ביזקאַפּיטאַליסטישע פארנאָסעס, ווײַל די נאָכרעפאָרמישע נײַע סאָציאַל־עקאָנאָמישע אָרדענונג האָט פאר די דאָזיקע שטעטלדיקע מאַסנ

ניט געבראַכט קיין נײַע עקאָנאָמישע מעגלעכקײַטן, בײַס די אַלטע האָבן אַלץ מער און מער געמוזט דעגענערירן. דער קאַפּיטאַליזם פאַרניכטעט אַלץ מער און מער די אַלטע ביז־קאַפּיטאַליסטישע פאַרנאָסעס, ער ברענגט אָבער דעם שטעטלדיקן קליינבירגער ניט — אָדער ווײַט ניט אין דער נייטיקער אַנטשפּרעכיקער מאָס — קיין נײַע עקאָנאָמישע מעגלעכקײַטן. אויב די יידישע בורזשואַ האָבן אין די 60־ער יאָרן באַקומען אין די שטעט באַשטימטע רעכט, איז פאַר די יידישע קליינבירגערלעכע מאַסן אינעם שטעטל אַלץ געבליבן באַם אַלטן — און ס'איז בלויז צוגעקומען דער נײַער דרוק פון וואַקסנדיקן קאַפּיטאַליזם.

אין די 70־ער יאָרן קומט פאַר אַ ווײַטערדיקע אַנטוויקלונג פון קאַפּיטאַליזם, אָבער באַגלײַך דערמיט אַ שטאַרקע דעפּרעסיע, אַ לאַנגדויערנדיקער עקאָנאָמישער קריזיס, דער בוילעט-געוואָרענער רעזולטאַט פון דער נײַער פאַר־קנעכטונג, וואָס די רעפאָרם האָט געבראַכט דעם פּויערטום: פאַרמינערטע קויף־פעיִקײַט פונעם פּויער, באַגלײַך מיטן וווּקס פון דער אינדוסטריע. דאָס האָט זיך באַזונדערס שטאַרק אָפּגערופן אַף דער עקאָנאָמישער לאַגע פון די קליינבירגערלעכע, האָרעפּאַשנע און קליינהענדלערישע מאַסן אין שטעטל, ווײַל זייער עקאָנאָמיק איז באַזונדערס געווען ענג פאַרבונדן מיט דער פּויערשער ווירטשאַפט און אָפּהענגיק פון איר. דער גאַנג צו פּראָדוקטיווער פּראָלעטאַריזאַציע איז פאַר די שיכטן פּאַופּעריזירטן קליינבירגערטום געווען זייער פאַרשווערט איבער דער אומעגלעכקײַט צו קאָנקורירן מיט דער גאָר ביליק געוואָרענער פּויערשער אַרבעט, איבער די רעכטלעכע באַגרענעצונגען פון דער אינערלעכער עמיגראַציע פאַר יידן און, אין זייער אַ גרויסער מאָס, אויך איבער דעם פעלן פון סוביעקטיווע פאָרהאַנאָכעס. דעם געוויינלעכן ברייטן אויסוועג, די פּראָלעטאַריזאַציע, האָבן, הייסט עס, די פּאַופּעריזירטע קליינבירגערלעכע יידישע מאַסן דערפילט קימאַט ווי ניט געהאַט. צו די אַלע צאָרעס איז נאָך צוגעקומען אַן אומגעוויינלעכער דרוק פון דער „אינערלעכער" יידישער פעאָדאַלישער „אָרדענונג", פון קאָהאָל, קליי־קוידעש, רעקרוטן־טעראָר, פאַרשיידנערליי טאַקסעס אאַוו., וואָס האָט אויפגעהאַלטן די מאַסן פאַרגליווערט אין אַ פעאָדאַלישן צושטאַנד. דאָס אַלץ האָט אין דער שטעטלדיקער סוויווע נאָך מער פאַרשאַרפט די ווירקונג פונעם קריזיס.

7

די דאָזיקע מאַסן זײַנען אַף אַן אומנאַטירלעכן אופן אײַנגעקלעמט געוואָרן צווישן פעאָדאַליזם און קאַפּיטאַליזם. דער אײַזנבאַן־פאַרקער, די אינדוסטריע אאַוו. פאַרניכטן אינעם שטעטל די קליינע קרעמערלעך, די אַלטע

פארמיטלערײַ, דאָס קלײנ־געשעפט מיטנ פאָרעצ, זײ שעדיקנ די אָרטיקע מעלאָכע אאוו. אפנ באָדנ פונ די אלטע ייִדישע פארנאָסעס אונ לופט־געשעפטנ קומט פאָר א מעשונעדיק ראפינירטע קאָנקורענצ — צוליב נעבעכדיקסטע, נישטיקסטע רעזולטאטנ. די האָרעפאשנע אונ די איבעריקע קלײנבירגערלעכע מאסנ אינעמ שטעטל דעגראדירנ אונ ווערנ פאופעריזירט אינ א פאנטאסטישער מאָס, זײ פארלירנ די לעצטע שפורנ פונ „עקאָנאָמישע" פונקציעס, וואָס זײ האָבנ ביז איצט פארמאָגט. די זינלאָזיקײַט פונ זײער עקזיסטענצ ווערט אלצ מער אונ מער בולעט.

מענדעלע מאָלט דאָס אזוי („קיצור מאסאָעס ביניאָמינ האשלישי", ווילנע, 1878, ז. 7): „די אײַנוווינער אלײנ אינ טונעיאדעווקע זײַנענ, נעבעכ, קימאט אלע, לוי־אלײכעמ, גרויסע עוויוינימ, שטארקע דאלפאָנימ, נאָר דעמ עמעס מוז מענ זאָגנ, זײ זײַנענ פרײלעכע עוויוינימ, לוסטיקע קאפצאָנימ, ווילדע באלביטאָכנס. אז מענ זאָל, אשטײגער, פלוצעמ א פרעג געבנ א טונעיאדעווקער ייִדנ: פונוואנענ אונ וויאַזוי ער איז זיכ מעפארנעס? בלײַבט ער טכילעס שטײנ, ווי צעמישט, ווײסט, נעבעכ, נישט וואָס צו ענטפערנ, נאָר שפעטער א ביסל אָבער קומט ער צו זיכ אונ ענטפערט ביטמימעס:

— איכ, ווי ארומ איכ לעב, איכ? עט, ס'איז דאָ א גאָט, זאָג איכ אײַכ אָט־אָ, וואָס פארלאָזט נישט אלע זײַנע באשעפעניש, ער שיקט צו אונ וועט מיסטאָמע ווײַטער צושיקנ, זאָג איכ אײַכ אָט־אָ.

— פאָרט וואָס טוט איר אזוינס? האָט איר כאָטש עפעס וואָס ס'איז פאר א מעלאָכע אָדער פארנאָסע אינ דער האנט?

— געלויבט איז האשעמ־ייִסבאָרעכ. איכ האָב, באָרעכ־האשעמ, אזוי ווי איר קוקט מיכ אָנ אָט־אָ, א מאטאָנע פונ זײַנ ליבנ נאָמענ, א קײלע, א קאָל־נעגינע אונ דאוונ מוסאָפימ יאָמימ־נוראָימ אינ דער סוויווע, איכ בינ א מויעל אונ א מאצע־רעדלער אײנער אינ דער וועלט, איכ פיר אמאָל אויס א שידעכ, פיר איכ אויס; איכ האָב א שטאָט, אזוי ווי איר קוקט מיכ אָנ אָט־אָ, אינ דער שול. הײַנט האלט איכ אויכ, צווישנ אונדז זאָל עס בלײַבנ, א שענקל, וואָס מעלקט זיכ צו ביסלעכ; איכ האָב א ציג, וואָס מעלקט זיכ אָנ אײַנאָרע זײער גוט, אונ האָב נישט ווײַט פונדאנענ א רײַכנ קאָרעוו אָט־אָ, וואָס לאָזט זיכ אונטער א שלעכטער צײַט אויכ א ביסל מעלקנ. הײַנט כוצ די אלע זאכנ, זאָג איכ אײַכ אָט־אָ, איז גאָט א טאטע, אונ די ייִסראָעל זײַנענ ראכמאָנימ בעניי ראכמאָנימ, זאָג איכ אײַכ אָט־אָ, נישט צו פארזינדיקנ!.. (דאָס הײסט, אז צו ביסלעכ בעטלט ער צו — מ.וו.)". דאָס איז נאָכ ניט די סאמע ערגסטע, נאָר די טיפישסטע לאגע פונעמ קלײנבירגער אינעמ שטעטל פונ יענער צײַט.

די דאָזיקע קאטאסטראָפאלע לאגע פונ די קלײנבירגערלעכע מאסנ אי-

נעמ שטעטל איז דאָס טאַקע די הויפּט־טעמע מענדעלעס אינ זײַנ צווייטנ פּעריאָד (1864—1879). ער דריקט דעמלט אויס דעמ דראַנג צו א נײַער איבערפורעמונג אינ דער עקאָנאָמיק פונ די דאָזיקע מאסנ לויטנ נײַעמ קאַפּיטאַליסטישנ שטייגער. די וואַקסנדיקע דעגראַדאַציע, וואָס באַווײַזט אַזוי בוילעט די זינלאָזיקײַט פונ די אָפּגעשטאַנענע ביזקאַפּיטאַליסטישע רעשטנ אינ דער עקאָנאָמיק, מאַכט די שטרעבונג נאָכ איבערפורעמונג דרינגענדיקער. אונ מענדעלע שילדערט דאָס צעטומלטע, אָפּט ביז גאָר אומגעלומפּערטע זוכנ פונ די דאָזיקע מאסנ די נײַע עקאָנאָמישע אויפגאַבעס, וואָס זײַנענ געשטעלט געוואָרנ דורכ דער קאַפּיטאַליסטישער אנטוויקלונג.

מענדעלע באַמיט זיכ אויפקלערנ די מאסנ דעמ „ריכטיקנ וועג“ פונעמ קליינבירגער צו א בורזשואַז־קאַפּיטאַליסטישער אנטוויקלונג. אינ זײַנ צווייטנ פּעריאָד טוט ער דאָס דערווײַל — אַכוץ דער אַלגעמיינער בילדונג־פּראָפּאַ־גאַנדע — אפּ א ריינ נעגאַטיוויסטישנ אופנ — דורכ כויזעק אונ אָפּלאַכנ פונ די פאַלשע געננ, פונ די מעשונעדיק פאַרקריפּלטע אילוזיעס, פונ די אויס־געבורטנ פונעמ דעגראַדירטנ פאַופּערס פאַנטאַזיע („מאַסאָעס“ אאַוו.). אינ דעמ פּעריאָד לייגט ער נאָכ נית דעמ טראָפּ אפנ קאָנקרעטנ פּאָזיטיוונ אָנווײַזנ דעמ וועג צו בורזשואַזער אנטוויקלונג. נעגאַטיוויסטיש־אויפקלערע־ריש כויזעקט ער בלויז דערווײַל שאַרפּ אָפּ פונעמ ביזקאַפּיטאַליס־טישנ מענאַכעמ־מענדל, וואָס פאַרקערפּערט זיכ אינ דעמ דאָזיקנ איבער־גאַנג־פּעריאָד אינ דער פיגור פונ בינימינ דעמ דריטנ. דער פּאָזיטיווער וועג איז אימ, מענדעלענ, אַליינ דעמלט נית קלאָר — ווײַל אַזא וועג איז פאַר די קליינבירגערלעכע מאסנ אלס אזעלכע אינעמעסנ גאָר קיינמאָל נית פאַראַנ.

אונ מענדעלע ווייסט נית, אז דער פּעדאַליש־אָפּגעשטאַנענער ביז־קאַפּיטאַליסטישער מענאַכעמ־מענדל זײַנער איז סאַכאַקל בלויז א פּאָרגייער פונעמ שפּעטערדיקנ שאָלעמ־אַליכעמישנ „קאַפּיטאַליסטישנ“ מענאַכעמ־מענדל. ער ווייסט נית, אז דער קאַפּיטאַליזמ לייזט די פּראָבלעמ פונ די דאָזיקע מאסנ בלויז דורכ דעמ, וואָס ער פאַרגיכערט אונ מאַכט ענדגילטיק די פאַראָרעמונג פונ דעמ גרעסטנ טייל פונ די דאָזיקע מאסנ, דעקלאַסירט זיי אונ פּראָלעטאַריזירט זיי ענדגילטיק. אָבער, אז סע קומט די צײַט אונ ער הייבט אָנ צו דערזענ דעמ דאָזיקנ אנטוויקלונג־גאַנג פונעמ קאַפּיטאַליזמ, אנטוישט ער זיכ ביכלאַל גענומענ אינ דער דאָזיקער אנטוויקלונג, ער פאַר־קערעוועט זײַנ בליק אפּ צוריק — פונדעסטוועגנ לייגט ער גראָד דעמלט אינ דעמ פּראַט דעמ הויפּט־טראָפּ אפנ פּאָזיטיוונ קאָנקרעטנ שילדערנ דעמ וועג צו דערפּאָלגרײַכער בורזשואַזירונג, אפּ וויפל דאָס גיט זיכ פּאָרט אײַנ א באַשטימטנ טייל פונ קליינבירגערטומ („ווינטשפינגערל“, גרויסער וואַריאַנט).

די קינסטלעכע פארקאפסולירונג פון די דאָזיקע קליינבירגערלעכע מאסן אין אן אָפּגעשטאנען־פעאָדאלישן צושטאנד ווערט אונטערגעהאלטן פון אינווייניק — דורך דער קאָהאָלש־גווירישקלייקוידעשדיקער אָרדענונג; און פון אויסווייניק — דורך די פעאָדאלישע רעכט־באגרענעצונגען מיצאד דער צאריסטיש־גוטבאזיצערישער מעלוכע. קעמפן האָט מענדעלע געקעמפט נאָר קעגן דער אינווייניקסטער פעאָדאלישער אָרדענונג, וואָס שייַעך אָבער דער אויסווייניקסטער, האָט מענדעלע געמיינט, אז מען קאָן דאָ בלויז בעטן, „אויפקלערן“, טייַנען און זיך מישטאדל זייַן — אנטשפּרעכנדיק צו די אלטע טראדיציעס. אויב די יידישע האסקאָלע איז אין פראגן פון רעליגיע, לעמאָשל, בעסטנפאלס געווען פראָנדיאָריש און ניט רעוואָליוציאָנער, איז זי בנוגייע דעם מעלוכישן סיידער אפילע פראָנדיאָריש קיינמאָל ניט געווען. ליידנשאפטלעכער קאמף קעגן די רעשטן פעאָדאליזם אין דער יידישער סוויווע גופע — און נעבעכדיקע הישטאדלעסן בא דער מעלוכע פאר באזייַטיקן די „אויסווייניקסטע“ פאָליטישע פעאָדאלישע באגרענעצונגען, ראכמאָנעסדיקע געבעטן פאר די „רעכט פון די אָרעמע אינעם פאָלק“[1], פאר „עמאנסיפאציע“, — דאָס אנטשפּרעכט צו די טראדיציעס פון דער יידישער האסקאָלע.

אָבער קעגן דער אינווייניקסטער פעאָדאלישער אָרדענונג איז מענדעלע איצט ארויסגעטראָטן מיט א ליידנשאפטלעכקייַט און שלאָגקראפט, ווי מע האָט זיי ביז איצט נאָך ניט געזען אין דער יידישער ליטעראטור. אזעלכע שארפע און ביטערע אָנקלאָגן האָבן זיך ביז איצט ניט ארויסגערוועוט אף דער ליכטיקער שייַן, און אויב עמעצער האָט זיי שוין יאָ פאָרגעבראכט אין דער פאָרם פון וויי־געשרייען און הילף־געבעטן צו דער מעלוכע, זייַנען זיי געבליבן פארהוילן פון דער ברייטער מאסע, צו וועלכער דאָס האָט געהאט א שייַכעס, באגראָבן און אבסאָליוט רעזולטאטלאָז אין די מעלוכישע ארכיוון. די דאָזיקע הילף־געשרייען פון די אונטערדריקטע מאסן פלעגן דאָך דאן כאראקטעריזירט ווערן אלס „מעסירעס“ און האָבן סייַ „אינווייניק“ סייַ „אויסווייניק“ ניט געהאט און ניט געקאָנט האָבן קיין שום ווירקונג.

מיר וועלן דאָ ציטירן א טייל פון איינעם אזא אינטערעסאנטן דאָקומענט, וואָס איז אינגאנצן איין דערשיטערנדיקער וויי־געשריי „פון די אָרעמעלייַט פון דער הייליקער שטאָט מינסק“ (אזוי שרייַבן זיי אונטער זייער הילף־ביטע צום מיניסטער פון אינערלעכע איניאָנים קעגן די אונטערדרי-

1 אזוי איז באטיטלט מענדעלעס ארטיקל אין „המליץ“ פון יאָר 1867 („משפט עניי עמי“), אין וועלכן ער בעט בא דער מעלוכע „עמאנסיפאציע“ פאר די יידן.

קונגענ פונ דער גוויריש־טאקיפער קעהילע־באנדע פונ יאָר 1852): „...מיר בעטנ, זאָלסט אָנבייגנ דײַנ אויער צומ קאָל פונ ייִדנ אָרעמעלײַט פונ מינסק... ווײַל ס'איז דערגאנגענ דאָס וואסער ביז דער זעלע, מיר זײַנענ מיד געוואָרנ אריבערצוטראָגנ, אײַנהאלטנ זיכ נאָכ—קאָנענ מיר ניט! ס'זײַנענ דאָכ פארקויפט געוואָרנ די געבוירענע פונ מינסק אינ הענט פונ שלעכטע פירערס, אינ הענט פונ פרעכע לײַט אונ רעשאָימ, ליבהאָבער פונ רויב; זיי נעמענ כאבאר, דעמ געשריי פונעמ אָרעמאנ הערנ זיי ניט, די קריוודע פונ דער אלמאָנע אונ פונעמ יאָסעמ קומט ניט צו זיי; ליבהאָבער פונ אומרעכט, פײַנט פונ גערעכטיקײַט, זיי זײַנענ קלוג אפ שלעכטס מיט זייער פאלשקײַט אונ זיי פײַניקנ אינ ראבעווענ אָרעמעלײַט מיט דער ביטערקײַט פונ זייערע הערצער, ווײַל זיי טראכטנ יעדנ טאָג, וויאזוי צו כאפנ אונ צווינגענ די אָרעמעלײַט אונ ארײַנברענגענ אינ זייער שטוב ארײַנ פיל רײַכטימער. ווײַל פונ ווענענס פארמעגנ זײַנענ געוואָרנ שטארק אונ גרויס די אָנפירער פונ דער דאָזיקער שטאָט, אויב ניט פונ די עוויונימס האָרעוואניע? אוי־ווי! ווענ זיי דערלאנגענ דעמ אָרעמאנ א העמד, טוענ זיי אימ אויס אונ שטעלנ אימ אוועק נאקעט, אזוי ווי אינ טאָג, ווענ ער איז געבוירנ געוואָרנ, מאכמעס זיי האָבנ בעיאד, ווײַל זיי טראכטנ בא זיכ אינ הארצנ, ווער איז האר איבער זיי, ווײַל די רײַכע זײַנענ זייער (דער קעהילעס — מ.וו.) אָנשפאר. אלע זײַנענ זיי כאניפעניקעס, דער נידערטרעכטיקער געראנק זייערער — איז בלויז שלעכטס, וויאזוי צו טרעטנ אונ צו דריקנ אָרעמעלײַט צו דער ערד אונ אָנזאמלענ גרויס פארמעגנ.. אונ אָט איז אונדז זייער ענג... ווײַל די אָרעמעלײַט פונ אונדזער שטאָט גייענ געשלאָגענע אונ געפלאָגטע יעדער טאָג פארנעמ ליארעמ אונ רויב, וואָס מע ראבעוועט פונ זיי פאר גאָרנישט, ווײַל ס'איז ניטאָ קיינ גערעכטיקײַט. אונ מע מאָנט פונ זיי צו באצאָלנ ניעדאָימאָק פונ דרײַצנ יאָר אונ מער, אונ וואָס פונ יענער צײַט איז ניט געבליבנ קיינ ניעדאָימאָק אפילע קיינ איינ גראָשנ ניט..."[1]. אונ ווײַטער גייט א גאנצער צעטל פונ אומדערהערטע נידערטרעכטיקע רויבערײַענ אונ אונטערדריקונגענ מיצאד דער גוויריש־קאָהאָלשער באנדע.

אינ מענדעלעס ווערק געפינט די דאָזיקע אָנקלאָג אונ דעמאסקירונג פונ דער גוויריש־קאָהאָלשער באנדע אנ עפנטלעכנ, קינסטלערישנ אונ שטארק ווירקזאמענ אויסדרוק. אינ 1869 דערשײַנט זײַנ פיעסע „די טאקסע אָדער

1 איבערגעזעצט פונ העברעיִש. געבראכט בא א. מארגאָליס: „געשיכטע פונ ייִדנ אינ רוסלאנד", מאָסקווע, 1930, זז. 347 אונ ווײַטער. ניט ווייניקער אינטערעסאנט איז אויכ דער דאָקומענט פונ זז. 353 אונ ווײַטער, א ווענדונג פונ „אָרעמעלײַט" אינ א פאָדאָלער שטעטל צומ אינערנ־מיניסטער וועגנ די מאכינאציעס פונ קאָהאָל בא דער רעקרוטשינע.

די באנדע שטאָט־באַלעטויוועס". די דאָזיקע פּיעסע האָט, ווי באַוווּסט, גע־דאַרפט געשטעלט ווערן אין בערדיטשעוו. די שטאָטישע גווירישע מאַכט־האָבערס האָבן דאָס אָבער ניט דערלאָזט. אַן אַנאַלאָגישער אינהאַלט, ווי אינעם נאָרוואָס ציטירטן דאָקומענט פֿון דער מינסקער אָרעמשאַפֿט, ווערט דאָ אָפּ אַ מוטיקן פּאַמפֿלעטיש־סאַטירישן אויפֿן אַרויסגעטראָגן פֿאַר דער ברייטער עפֿנטלעכקייט. דער ריכטער דאַרף דאָ זײַן ניט די „גנאָדיקע" מע־לוכע, נאָר טאַקע די אונטערדריקטע מאַסע גופֿא. דאָס זעט פֿאָרויס אַ באַשטימטן — זאָל זײַן וואַקלענדיקן — גלויבן אין די קויכעס און אין דער זעלבסטעטיקייט פֿון דער דאָזיקער אונטערדריקטער מאַסע, אַפֿ אַזוי ווײַט, לעפֿאָכעס, אַז זי זאָל קאָנען אַליין פֿירנעמען מאָסמיטלען, זאָל זײַן כאָטש קעגן די פּעאָדאַל־פּאַרפֿוילטע איגנאָראַנטיקסטע פּאַרהעלטעניש. וואָרעם מענדעלע האַלט נאָר בלויז פֿון אַזאַ אינוווייניקסטער זעלבסטרעפֿאָרמירונג, אָן אַרײַנמישונג פֿון מעלוכישער „רעגלאַמענטאַציע".

9

אָבער, ווו סע קומט צו די אונטערדריקונגען פֿון „דרויסן" ווערט מענ־דעלע אויך אין דעם דאָזיקן פּאַרהעלטניסמעסיק ראַדיקאַלסטן ווערק פֿון זײַן שאַפֿונג אָפּהענטיק און ער נעמט אָן ראַכמאָנעס־ און הישטאַדלעס־טענער.

„זעט, די רעגירונג איז גוט, איז באַרעמהאַרציק, זי האָט באַפֿרײַט עט־לעכע און צוואַנציק מיליאָן פּויערן. זי ווינטשט איטלעכן גליק, אויך אונדז יידן ווינטשט זי גליק. זי זוכט אַלץ מיטל צו פֿאַרבעסערן אונדזער צו־שטאַנד, זי וויל, יידן, נעבעך, זאָלן עסן, זאָלן געזונט זײַן, זאָלן אַ פּאָנעם האָבן ווי מענטשן" („די טאַקסע", אויסג. 1872, ז. 80).

אַפֿ די רעכט־באַגרענעצונגען, וואָס פּרעסן צונויף די פֿאַראָרעמטע מאַסן אינעם „טכום" און פּעסטיקן זיי צו אַפּ אַ קימאַט לײַבייגנטימערישן אויפֿן צו די ווײַנערטער, קאָן מענדעלע אָנווײַזן בלויז מיט סאַנטימענטאַל־ראַכמאָ־נעסדיקע ווערטער. „...אַז זיי זײַנען, נעבעך, אומגליקלעכע, אַז פֿון קאַמע שאָנים שטיקט מען זיי צונויף אַלע איניינעם אין איין אָרט, ווי שאָף, אַז זיי זעען פֿאַר זיך ניט קיין וועלט און קאָנען ניט אָטעמען קיין פֿרײַע לופֿט. אַ מענטש מוז דאָך אָבער עסן... דעריבער זוכן זיי שעפּע איינער פֿון דעם אַנדערן, דער שטאַרקער וויל דערקוועטשן דעם שלאַפֿערן, מע טראַכט אויס קאָלמינע טאַכבולעס, וויאַזוי צו דערטאַפּן אַ שטיקל ברויט... די נאַטור איז שטאַרק, זי פֿאָדערט אירס, זי סטאַרעט זיך, זי זוכט קאָלע מיטלען זיך צו דערהאַלטן..." („די טאַקסע", אויסגאַבע 1872, ז. 17). ווו סע קומט צו „טײַנעס" אַנטקעגן „דרויסן", ווערט מענדעלע סאַנטימענטאַל,

ראכמימ־בעטנדיק אונ נעמט אונטער זײַנע פליגל דעם גאנצנ קאָל-ייִסראָעל,
קימאט אויכ די זעלבע לײַט, קעגנ וועמעס העסלעכע „אינווייניקסטע" מײַ־
סימ ער טרעט אזוי שארפ ארויס. ווו סע גייט וועגנ עמאנסיפאציע, ווערט
מענדעלע אפאָלאָגעטיש — קימאט פונ זײַנע סאמע אָנהייבנ אָנ, כאָטש שארפ
בוילעט ווערט דאָס ערשט אינ א שפּעטערדיקנ פעריאָד.

דער טראָפּ ליגט אָבער דאָ נאָכ דערווײַל לאבסלוטנ ניט אפ „אפּאָלאָגיע"
צוליב „דרויסנ", נאָר, פארקערט, אפ שארפסטנ דעמאסקירנדיקנ אָנגריפ
קעגנ אינווייניק. דער בעסטער באווײַז פאר דער שטארקײַט אונ שלאָג־
קראפט פינ זײַנ אָנגריפ זײַנענ די רעפּרעסיעס מיצאד דער אָנגעגריפענער
גווירימשאפט פאר זײַנ „טאקסע", וואָס צוליב די דאָזיקע רעפּרעסיעס האָט
ער געמוזט אנטלויפנ פונ בערדיטשעוו.

אינ „דאָס קליינע מענטשעלע" גלייבט נאָכ מענדעלע אינ דער מעג־
לעכקײַט צו ווירקנ דורכ אופקלערערישנ מוסער אפ די פעאָדאלישע גווי־
רימ, — אינ דער „טאקסע" פארלירט ער שוינ דעמ דאָזיקנ נאַיִווג גלויבנ.
דעריבער איז דער טאָנ פונ דער „טאקסע" אזוי פאמפלעטיש־שארפ אונ אָנ
שומ שאנעוועג וועמענ סע זאָל ניט זײַנ. דאָ ווערט די מאסע אופגעקלערט
ניט וועגנ געבילדעטע זאכנ, נאָר וועגנ אירע באלעטויוועס, וועגנ די סיבעס
פונ איר נויט. אינ דער קריטיק גייט דאָ מענדעלע קימאט ביז צומ
סאָפ. ער איז לויט זײַנ שטאנדפונקט ניט אימשטאנד אָנצוגעבנ א ריכטיקע
„טאקטיק" פונעמ קאמפ קעגנ דער גווירימשאפט. — אזא ריכטיקע טאקטיק
איז דאָכ פארבונדנ מיט אנ „אויסווייניקסטנ" קאמפ קעגנ דעמ זעלבסט־
הערשעריש-גוטבאזיצערישנ רעזשימ, אנדערש קאָנ דאָס ניט זײַנ. מענדעלע
איז אָבער ווײַט פונ אזא קאמפ — פאלט ער דעריבער ארײַנ אינ ספייקעס
אונ אפילע ייִעש[1] בענעגייע דער ווירקזאמקײַט פונ זײַנ קאמפ. פונדעסט־
וועגנ זײַנענ „דאָס קליינע מענטשעלע" אונ די „טאקסע" (באזונדערס „די
טאקסע") דער סאמע שארפסטער אָנגריפ קעגנ דער ביזקאפיטאליסטישער
גווירימשאפט אינ דער ייִדישער שיינער ליטעראטור.

## 10

אינ „דאָס קליינע מענטשעלע" גייט מענדעלע נאָכ אנ עלטערער סיו־
זשעטיש־פאבולארער טראדיציע — די דערציילונג אינ דער פאָרמ פונ א ווידע־

[1] „...איכ, פונ מײַנ זײַט, האָב אינ יענער פרייליכער וועסנע־צײַט מיר אויכ אונטערגע־
ברומט, געשריבנ, געשפילט אפ מײַנ שטייגער. אינ מײַנ שפילנ האָט געוויינטלעכ איינ סטרונע
געברומט טרויעריק אונ געמאכט אפ די צוהערער עפּעס א שטיקל מאָרעשכוירע..." (מענדעלע,
אינ זײַנ ווידמונג פונ „פישקע" מ. מאָרגוליסנ).

פונ א פארברעכערישנ טאקעפ, וואָס האָט כאראָטע אפ זײַנע בײזע טאטנ, איז שוינ פריִער באניצט געוואָרנ פונ י. ערטער אינ זײַנ „הצ־ה לבית ישראל", קאפיטל „גלגול נפש", אונ פונ י. ב. לעווינזאָנ אינ דעמ א. ג. צווייטנ טייל „העפקער־וועלט" (בא לעווינזאָנענ: דער גײַסט פונעמ פאַר־שטאָרבענעמ טאקעפ, וואָס ווערט ארויסגערופנ דורכ „מאגנעטיזמ", דערציילט זײַנ פארברעכעריש לעבנ; בא מענדעלענ: די לעבנ־באשרײַבונג פונעמ פארברעכערישנ טאקעפ ווערט געלייענט נאָכ זײַנ טויט אלס זײַנ צוואָע).

די זעלבע פאָרמ האָט שפּעטער נאָכ מענדעלע אויכ גאָטלאָבער באניצט אינ זײַנ סאָציאַלער סאטירע „דער גילגל — א הומאָריסטישע דערציילונג, ארויסגעגעבנ פונ דעמ גאבעס אייניקל" (1871). די דאָזיקע פאָרמ איז א טראדיציאָנעל־מאסקילישע פאר דער סאטירישער אָנקלאָג קעגנ דער פע־אָדאליסטישער פלוטאָקראטיע. „די טאקסע", ווידער, ווײַזט ווירקונגשפּורנ פונ אקסענפעלדס פּיעסעס [1].

ס'איז אָבער זייער א גרויסער כילעק צווישנ לעווינזאָנס אונ אקסענפעלדס אָנקלאָגערישע ארויסטרעטונגענ — אונ מענדעלעס שארפנ אָנגריפ. געוויס האָבנ לעווינזאָנ אונ אקסענפעלד, אלס בירגערלעכע אויפקלערער, אלס פאָרשטייער פונ די מיטעלע שיכטנ אינ בירגערטומ אויפריכטיק געשטרעבט דערצו, אז סע זאָלנ באזײַטיקט ווערנ די פעאָדאלישע אונטערדריקונגענ אונ אווּלעס אויכ בענעגייע די ברייטע אָרעמשאפט־מאסנ. דאָס איז פאר זיי, פונקט ווי פאר די רוסישע אויפקלערער פונ זייער

[1] „דער ערשטער יידישער רעקרוט" איז דערשינענ ערשט אינ 1861, די איבעריקע פאר־עפנטלעכטע דרײַ פּיעסעס אקסענפעלדס — 1867 ביז 1870 (מענדעלעס „טאקסע" — 1869!). מע דארפ אָבער רעכענענ, אז מענדעלע האָט זיכ באקענט מיט אקסענפעלדס ווערק, וואָס ער האָט זייער געשעצט, פריִער נאָכ איידער זיי זײַנענ דערשינענ — פונעמ מאנוסקריפּט. גאָטלאָבער, מענדעלעס לערער אונ אקסענפעלדס פארערער, האָט מענדעלענ מיטאכטאמ דער ערשטער אָנגע־וויזנ אפ אקסענפעלדנ. דאָס לייענענ די מאסקילישע ווערק אינעמ קסאוויאד איז גאנצע צענדליקער יאָרנ געווענ א פארשפּרייטע שטייגערישע דערשײַנונג. יאָאכימ טארנאָפּאָל דערציילט וועגנ יענער צײַט אינ זײַנ „Опыт современной и осмотрительной реформы", 1858—1868: „...אינ א סאכ שטעט פונ אונדזער מאָטערלאנד, ווי, לעמבעל, ווארשע, ווילנע, אָדעס, מאָלעוו, בערדיטשעוו אוכדו־מע, ווו ס'געפינענ זיכ גאנצע גרופּעס געבילדעטע יידנ, עקזיסטירט אינ די דאָזיקע אויפגעקלערטע קרײַזנ א באזונדער מינ ליטעראַרישע אונטערהאלטונג: מע פארברענגט די צײַט מיט פאָרלעזנ אפ פּאָשעטנ פּויליש־יידישנ זשארגאָנ דערציילונגענ, דראמאטישע סצענעס (פונ מיר אונטערגעשטראָכנ — מ. וו.), גאנצע בראָשורנ אונ לידער אָדער פּראָזע אינ די דאָזיקע ביכלעכ, וואָס מע לייענט פארנ גאנצנ צונויפגעקליבענעמ עולעמ, ווערנ אינ א זייער שארפער פאָרמ ארויסגעלאכט מערעדע נארישע מינהאָגימ, פארעלטערטע אָבערגלויבנס אונ פאלשע כסידישע אָנשוויונגענ" (ציטירט לויט י. צינבערג „דער קול מבשר אונ זײַנ צײַט", זשורנאל „יידישע וועלט", ווילנע 1913). דאָס האָט — דארפ מענ רעכענענ — אינ א היפּשער מאָס א שײַכעס צו אקסענפעלדס ווערק.

צײַט, דורכויס כאַראַקטעריסטיש. דער קאַמף פֿון דער בורזשואַזיע האַלט דערווײַל נאָך בײַ יענעם פּאַזיס, ווען זי טרעט סוביעקטיוו אופֿריכטיק אַרויס אויך פֿאַר די אינטערעסן פֿון אַלע אונטערדריקטע קלאַסן — קעגן די „פּרי־ווילעגירטע קלאַסן".

אין זייער אײַנשטעלונג קעגן דער פֿעאָדאַלישער אָרדענונג האָבן אויך לעווינזאָן און אַקסענפֿעלד אופֿריכטיק געווינטשט דעם ווילשטאַנד פֿאַר יע־דערן, דעם אַלגעמײנעם ווילשטאַנד. דעריבער טרעט לעווינזאָן אַזוי שאַרף אַרויס אין זײַן „העפקער־וועלט" און אין זײַן פּאַמפֿלעט „תולדות פּלוני אַלמוני הכזבי" קעגן דער פֿעאָדאַליש־קאָהאָלשער אונטערדריקונג פֿון דער אָרעמשאַפֿט, דעריבער פּראָטעסטירט אַקסענפֿעלד אין זײַן „ערשטן ייִדישן רעקרוט" קעגן די טאַקיפֿיש־קאָהאָלשע מאַכינאַציעס בײַ דער רעקרוטשינע, פֿון וועלכע ס'האָט אַזוי שווער געליטן די אָרעמשאַפֿט.

בײַ לעווינזאָנען און אַקסענפֿעלדן איז אָבער די דאָזיקע אָנקלאָג גע־וואַקסן פֿון אַ בירגערלעכן שטאַנדפּונקט, פֿון אַן אופֿקלערעריש־בירגערלעכן. דער הויפּט־טראָפּ ליגט בײַ זיי אין קאַמף קעגן דער פֿעאָדאַלישער קאָהאָל־אינסטיטוציע, וואָס איז אויך דעם בירגער פֿאַרהאַסט. קאָהאָל ווערט אָנגעגריפֿן בײַ יענעם פּונקט, וואָס לאָזט זיך אַמבעסטן אָנגרײַפֿן, דאָרט, וווּ זײַנע געזעלשאַפֿטלעכע אָפּגעלעבטקייט ווערט צומערסטן בולטער — בײַ זײַן אונטערדריקן די אָרעמשאַפֿט. דעם הויפּט־טראָפּ לייגן זיי ניט אָפּ אופֿ־קלערן די מאַסע גופֿא ווען זייער עקאָנאָמישער נויט, ווען זייער אונטערדריקטקייט — כאָטש זיי טוען עס ביז אַ געוויסער מאָס. זייער בירגערלעך־אופֿקלערערישער קאַמף גייט קעגן דעם כאַסידיזם, קעגן מיס־ברויכן בײַ דער רעקרוטשינע, קעגן די מעניִעס באַם פֿאַרשפּרייטן ביל־דונג, קעגן די אָבסקוראַנטן (די „מורדי אור"), קעגן מיסברויכלעכע קאָ־האָלשע אײַנריכטונגען (שטײַערן, קאָראָבקע, טאַקסע אאַוו.), קורץ: קעגן אַלע פֿעאָדאַלישע מעניִעס אַפֿן וועג צו אַ בירגערלעך־קאַפּיטאַליסטישער אַנטוויקלונג אין דער ייִדישער סוויווע.

אַנדערש מענדעלע. מיט דעם „קלײנעם מענטשעלע" און דער „טאַקסע" טרעט ער שוין אַרויס דירעקט קעגן פּלוטאָקראַטיע און קאָהאָל טאָקע פֿונעם שטאַנדפּונקט פֿון די פֿאַראָרעמטע און סאָציאַל־עקאָנאָמיש שווער אונטער־דריקטע שיכטן אינעם קלײנבירגערטום. עס איז כאַראַקטעריסטיש, אַז דאָס אָרעם־זײַן גופֿא ווערט דאָ אָוועקגעשטעלט אַלס עפּעס דערהויבנס און אי־דעאַלעס. דאָס איז אַ טיפּישער שטריך פֿונעם קלײנבירגערלעכן אינטעלי־גענט. לעווינזאָן רעדט אויך וועגן דעם גוויריש־טאַקיפֿישן אונטערדריקן די אָרעמשאַפֿט (אין „העפקער־וועלט", אין א. ג. צווייטן טייל „העפקער־וועלט" און אין „תולדות פּלוני אַלמוני הכזבי"), אָבער דעריקער — אין צוזאַמענהאַנג

מיט זײַנ קאמפּ קעגנ קאָהאָל, קעגנ כאסידיזמ. דעריקער גײט עס דאָ טאַקע װעגנ קאמפּ קעגנ קאָהאָל, כאסידיזמ אאַװ. אקסענפעלד טײַנעט קעגנ די אױלעס בא דער רעקרוטשינע, כױזעקט שארפ פונ כאסידיזמ, פונ אָפּגעשטאַנענקײַט — דערבײַ נעמט ער זיכ אָנ פאר דער אָרעמשאפט אױכ. בא מענדעלענ אָבער ליגט דאָ אינ די דערמאָנטע צװײ װערק דער הױפּט־טראָפּ אָפ דער סאָציאַלער אונטערדריקונג פונעמ פאראָרעמטנ, עקספּלואַטירטנ אונ דעקלאסירטנ קלײנבירגער אונ האמױן־מענטש. דאָס איז בא אימ דער איקער. ייִצכאָק אװראָמ טאקעפּס פארברעכנס װערנ געשילדערט אינ „דאָס קלײנע מענטשעלע" אלס סאָציאַלע פארברעכנס אָנ שומ באזונדערנ באטאָנענ די פארבינדונג מיטנ קאָהאָל אונ כאסידיזמ. דאָ גײט עס ניט דעריקער װעגנ קאמפּ קעגנ אנ אײנצלנער געזעלשאפטלעכער אינסטיטוציע אָדער אידעאָלאָגיע, קאָהאָל אונ כאסידיזמ, נאָר װעגנ דעמ קאמפּ קעגנ א סאָציאַלנ קלאס.

אינ מענדעלעס „טאקסע" איז די טעמע גראָד אזא פעאָדאלישע קאָהאָלשע אינסטיטוציע, נאָר װידעראמאָל גײט עס אױכ דאָ ניט דעריקער װעגנ אנ אײנצלנער געזעלשאפטלעכער אינסטיטוציע, נאָר װעגנ דעמ סאָציאַלנ אומרעכט פונ א גאנצנ סאָציאַלנ קלאס. דער הױפּט־טראָפּ ליגט דאָ אָפּנ סאָציאַלנ קעגנזאַצ אונ ניט אָפ אײנצלנע געזעלשאפטלעכע אינסטיטוציעס אונ דערשײַנונגענ. מענדעלע טרעט אױכ ארױס, אונ ביז גאָר שארפ, קעגנ די דאָזיקע אײנצלנע אָפּגעשטאנענע פעאָדאלישע אינסטיטוציעס אונ דערשײַנונגענ. אָבער דאָס איז פאר אימ דאָ ניט דאָס צענטראַלע, װי בא לעװינזאָנענ אָדער אקסענפעלדנ, ס'איז ניט דער לעצטער ציל פונ זײַנ ארױסטרעטונג. דער איקער איז פאר אימ געװאָרנ דער סאָציאַלער קעגנזאַצ: צװישנ דער פעאָדאלישער פּלוטאָקראטיע — אונ דעמ דעמאָקראטישנ קלײנבירגערטומ.

אונ דאָס לײגנ דעמ טראָפּ אָפ דער לאגע פונ דער אָרעמשאפט — אָט דאָס איז דאָס נײַעס, װאָס מענדעלע האָט געבראכט אינ דער ייִדישער ליטעראטור אינ פארגלײַכ מיט די פריִערדיקע אופקלערער.

## 11

װעגנ דער לאגע פונ די ייִדישע שטעטלדיקע פּאופּעריזירטע קלײנבירגער־מאסנ אינ די 60־ער יאָרנ קאָנ מענ זיכ מאכנ א שטיקל פאָרשטעלונג, אױב מע לײענט אזעלכע געװיס ניט־פּניִעסדיקע ארױסזאָגונגענ פונ ניט־ייִדישע צײַט־מענטשנ, װאָס אי. אָרשאנסקי, דער בירגערלעכ־ליבעראלער ייִדישער עקאָנאָמיסט, ציטירט זײ אינ זײַנ בוכ „די ייִדנ אינ רוסלאנד"

(1872, זז. 19 און וויַיטער). מיר וועלנ דאָ ברענגענ צוויי פונ די דאָזיקע ציטאטעס אינ אָרשאנסקיס בוכ:

„...אָט וואָס סע זאָגט, לעמאָשל, ה׳ באָבראָווסקי וועגנ דער לאגע פונ די ייִדנ אינ דער גראָדנער גובערניע צוריק מיט נייַנ יאָר (אינ יאָר 1863): „דער באַדייַטנדיקסטער טייל ייִדנ געהער צו די אָרעמעלייַט. שטענדיק זיכ נויטנדיק, זייַנענ די אָרעמע ייִדנ אייביק פאַרטאָנ אינ זוכנ דאָס שטיקל ברויט. באלאָדנ מיט צאָלרייַכע פאמיליעס, לעבנ זיי אינ אנ ענגשאפט, וואָס מע קאָנ זיכ עס גאָרניט פאָרשטעלנ“... „דאָס לעבנ פונ דעמ דאָזיקנ קלאס ייִדנ גייט אריבער אינ צאר, מאנגל און אייביקער פארשמייַעטקייַט“... „גאנצע פאמיליעס באנוגע־נענ זיכ אָפט מיט א פונט ברויט, א הערינג און עטלעכע ציבעלעס. די קליידער זייערע זייַנענ שטענדיק צעריסנ, שמוציק... פאר 15 קאָפעקעס וועט א ייִד א פאקטער ארומלויפנ דעמ גאנצנ טאָג“ [1]. דאָס אייגענע ווערט פעסטגעשטעלט, — דערציילט אָרשאנסקי ווייַטער, — דורכ ה׳ אפאנאסיעוו אינ יאָר 1861 וועגנ קאָוונער גובערניע. וועגנ ווייַסרוסלאנד און פאָלעסיע ציטירט אָרשאנסקי זעלענסקינ: „...א העלפט, אויב ניט קיינ דרייַ פערטל, פונ דער ייִדישער באפעלקערונג באשטייט פונ מענטשנ, וואָס מע וואָלט זיי געקאָנט באשולדיקנ אינ געשעפטמאכערייַ און פאקטערייַ, אינ ליידיקגייִנ און פוסטעפאסעוועג, אָבער ניט דערפאר, וואָס די דאָזיקע אייגנשאפטנ זאָלנ שטאמענ פונ פוילקייַט און פונ ניט האָבנ קיינ כיישעק צו ארבעט, נאָר דערפאר, וואָס די דאָזיקע אומגליק־לעכע מענטשנ, וואָס טראכטנ בלויז וועגנ א שטיקל ברויט, מוטשענ זיכ פונ טאָג צו טאָג, דורכויס ניט האָבנדיק קיינ מיטלענ און מעגלעכקייַטנ זיכ צו באשעפטיקנ מיט פראָדוקטיווער ארבעט. די דאָזיקע אומגליקלעכע פאמיליעס... (לויט זעלענסקינ מינדסטנס א העלפט פונ דער גאנצער ייִדישער באפעלקערונג — מ.וו.) פארמאָגנ גאָרניט, לעבנ אינ שמוץ און דאלעס, ניט ווימנדיק, בא זייער גאנצנ ווילנ צו ארבעטנ, ווי דורכצולעבנ דעמ מאָרגעדיקנ טאָג. די נויט שטויסט זיי צו נעמענ זיכ פאר פארשיידענע ניט גאָר קיינ שיינע מיטלענ מיטנ אייִנציקנ ציל צו באפרידיקנ זייערע דרינגענדיקע באדערפענישנ“.

וועגנ דער לאגע פונעמ ווייַט גרעסטנ אָרעמענ טייל ייִדישער באפעל־קערונג אינ בערדיטשעוו, אינ יענער שטאָט, ווו מענדעלע האָט אינ די

---

[1] Описание Гродненской губернии Т. I, стр. 858 и следующ., ציטירט לויט אָרשאנסקינ. בא דער איבערזעצונג, האָב איכ אויסגענוצט א. מארגאָליס: „געשיכטע פונ ייִדנ“.

60־ער יאָרנ געלעבט אונ פונ וועלכער סע שטאמענ די פּראָטאָטיפּנ פאר זײַנע פיגורנ אונ שילדערונגענ פונ זײַנ דעמלטיקנ שאפנ, דערציילט א סטאטיסטישע באשרײַבונג פונ סאָפ פערציקער — אָנהייב פופציקער יאָרנ:

„אינ בערדיטשעוו איז נאָכ ניט פאראנ קיינ שטאָטישע ווילײַנאָרדענונג איבער דעמ דאלעס אונ ניט־ריינלעכקײַט פונ די ייִדנ. בא 5000 פאמיליעס אנ ערעכ 25.000 נעפּאשעס) לעבנ פונ טאָג אפ טאָג פונ וואָס גאָט שיקט צו (אנ ערעכ די העלפט פונ דער ייִדישער באפעלקערונג אינ בערדיטשעוו צו יענער צײַט). מע ווױנט זייער ענג (לויט דער אויסרעכענונג באקומט זיכ, אז די ייִדישע אָרעמשאפט ווױנט דרײַ מאָל ענגער, ווי די איבעריקע באפעלקערונג — מ.וו.), זייער אָפט טרעפט זיכ, אז עטלעכע פאמיליעס פארנעמענ אינ א כורווע איינס אָדער צוויי קליינע צימערלעכ אזוי, אז באנאכט בלײַבט דאָרט נישט צווישנ די שלאָפנדיקע קימאט קיינ פרײַ אָרט“...[1]

אאוו. אזוי איז געווענ סאָפ פערציקער — אָנהייב פופציקער יאָרנ. אינ די 60־ער יאָרנ, אינ דער צײַט פונ עקאָנאָמישנ קריזיס האָט זיכ די לאגע פונ די דאָזיקע מאסנ נאָכ באדײַטנדיק פארערגערט. די אייגענע לאגע שטעלט אָרשאנסקי פעסט פארנ גאנצנ א. ג. דאָרעמ-מײַרעוו־קאנט ביכלאל אינ די 60־ער יאָרנ.

די דאָזיקע פאופעריזירטע שטאָטישע אונ דעריקער שטעטלדיקע מאסנ זײַנענ דאָ דער שיכט קליינבירגערטומ, וואָס מענדעלע קלערט זיי אופ (אינ די 60־ער אונ 70־ער יאָרנ) וועגנ זייער נויט, וועגנ א וויכטיקסטנ טייל סיבעכ פונ זייער נויט — ווי ווײַט ער האָט זיי טאקע אינ דער „אינוויניקסטער“ פעאָדאלישער אָרדענונג געזענ. זייער סאָציאל שטרעבנ איז עס, וואָס מענדעלע דריקט דעמלט אויס.

מענדעלע דעמאסקירט די ראָליע פונ דער פעאָדאלישער גווירימשאפט אינ „דאָס קליינע מענטשעלע“, אינ דער „טאקסע“, ער קלערט אופ די מאסנ וועגנ דער דאָזיקער ראָליע — אָבער וואָס פאר א קאָנקרעטע דעמאָקראטישע טאקטיק ווײַסט ער דער דאָזיקער מאסע פאָרצולייגנ — אכוצ דער דאָזיקער דעמאסקירונג? גאָרניט, אָדער קימאט ווי גאָרניט — די אלטע טראדיציאָנעלע רעפּוע: בילדונג („ווינטשפינגערל“) פליוס ייִדישלעכ „מאָדערניזירטער“ קינדער־דערציִונג. ער ווייסט ניט קיינ אויסוועג. ביז צו קאָנקרעטנ פּאָליטישנ קאמפ דערגייט ניט זײַנ פּראָגראמ. אינ „דאָס קליינע מענטשעלע“ האָפט ער נאָכ אפאָנעמ עפעס פונ אזא בלויזער דעמאסקירונג, ער גלייבט נאָכ אפ א נאַיוונ אויפנ אינ דער דערציִערישער מוסער־ווירקונג פונ זײַנ אָנ-

---

[1] Статистическое описание Киевской губ., изданное Фундуклеем — ציטירט לויט אָרשאנסקינ, ז. 22 אונ ווײַטער.

קלאָג — אז די גווירישע טאקיפים קאָנענ זיכ לאָזנ באווירקנ ניט צו „צאפּנ
פרעמד בלוט אונ אויסנארנ געלט”. מענדעלע אליינ מוז אָבער שוינ דערפילנ,
אז ער האלט בא א טעמפּנ ווינקל. אינ דער „טאקסע” זעט אונ באווייַזט ער
שוינ גענוג קלאָר, אז בלויז מיטנ באריםטנ „ווינטשפינגערל” — מיט אופקלע-
רונג, בילדונג, האסקאָלע קאָנ מענ די ווידערשפּרוכנ ניט לייזנ. פונ ייִצכאָק-
אווראָם טאקעפס פייַנער כאראַקטעדיקער פּראָגראם — בילדונג, שולנ אאוו. —
לאָזט זיכ אויס א בוידעמ. פונדאנענ נעמענ זיכ די ייִעש-טענער אינ דער
„טאקסע”. זיי קומענ פונ ספּייקעס אינ דער אלצ-הייַלנדיקער קראפט פונ
דער מאסקילישער קולטורטרעגערייַ. אזא באפרייַונג — אָדער פּרווו זיכ צו
באפרייַענ — פונ א נאיִווער אופקלערערישער איליוזיע קאָנ ניט אָפּגעשאצט
ווערנ — ווי געוויסע סאָוועטישע קריטיקער מיינענ — אלס רעגרעס, א סאכ
גיכער — פּארקערט.

קאָנסעקווענטע פּראקטישע אויספירנ פונ זייַנ אָנקלאָג קעגנ דער
פעאָדאלישער פלוטאָקראטיע ציגט מענדעלע ניט פּאָר, ער ווייסט זיי ניט
אונ וויל זיי ניט ויסנ. שליסט ער זיכ איבער — אונ, אָנשטאָט צו מאכנ
אינעמ קאמפּ קעגנ דעמ קעגנער די נייטיקע וויַטערדיקע ראדיקאלע טריט,
ווארפט ער אריבער זייַנ אופמערקזאמקייַט צוריק אפ די אונטערדריקטע
מאסנ גופע, אפ אופצוהייבנ זייער ווערדע אונ זיי צו בארעכטיקנ אקעגנ
די גווירימ. באקומט זיכ אָנשטאָט קאָנסעקווענט געפירטנ וויַטערדיקנ קאמפּ —
קליינבירגערלעכע פּראָגדע, מיט עלעמענטנ פונ קליינבירגערלעכער זעלבסט-
אפּאָלאָגיע. קורצ: מענדעלע באטרעט איצט דעמ וועג, וואָס פירט איבער
„די קליאטשע” צו — „דאָס יידל”, „זמירעס”, „פייערק שירע”.

1

אינ זײַנע רעפאָרם־פאָרשלאָגנ „א פּרווו פונ א הײַנטצײַטיקער אונ באטראכטזאמער רעפאָרם אפנ געביט פונ ייִדנטום“ (אויסגעארבעט 1858, אָפּגעדרוקט 1868) באטאָנט יאָאכים טארנאָפּאָל, א טיפּישער בורזשואזער טוער פונעם נײַעם קאפּיטאליסטישנ מינ, דעמ ווערט אונ באטײַט פונ די ייִדנ אלס בורזשואזיע. ער פאָדערט עמאנסיפּאציע אינעמ זכוס פונ דער ייִדישער בורזשואזיע, ער אונטערשיידט „וויכטיקע“ אונ „אומוויכטיקע“ ייִדנ, דה. בורזשוא אונ פאראָרעמטע. ער רופט אופ די פּאופּעריזירטע מאסנ „זיכ צו פארענטפערנ פאר אונדזער רעגירונג“ דורכ טאטנ: בילדונג, פּאָליטיש־בירגערלעכ לעבנ אונ פּראָדוקטיווע ארבעט (ער מײנט דערמיט פּראָלעטאריזאציע לעטויוועס דעמ קאפּיטאליזמ), קעדיי, אזויארומ, זיכ פארדינענ גלײַכבארעכטיקונג. קורצ: ער פארלאנגט באשטימטע רעכט אויכ פאר די פאראָרעמטע מאסנ, אָבער פונ זײַנ שטאנדפּונקט, אלס קלאסנ־באוווּסטער בורזשוא מיט א דײַטלעכ באוווּסטזיניקער קאפּיטאליסטישער שטעלונג צו דער קליינבירגערלעכער שטעטלדיקער אָרעמשאפט-מאסע, וואָס ווערט באטראכט ווי א „נויטווענדיקע צאָרע“ אינ דער נײַער קאפּיטאליסטישער אָרדענונג אונ ווי אנ עקספּלואטאציע־אָביעקט פונ דער קאפּיטאליסטישער בורזשואזיע.

אפנ פאָנ פונ אזא בורזשואזער שטעלונג צו דער פּאופּעריזירטער מאסע, וואָס איז דעמלט געווענ טיפּיש פאר די בורזשואזע טוער אונ האָט דאָ בא טארנאָפּאָלנ בלויז באקומענ א דײַטלעכנ אויסדרוק, ווערט דער קלאסנ-מעהוס מענדעלעס, אלס פאָרשטייער פונ יענע גראָד „אומוויכטיקע ייִדנ“, באזונדערס בוילעט. מענדעלע שרײַבט אינ א בריוו פונ דער זעלבער צײַט (1864): „ס׳טרעפנ זיכ בא מיר באשטימטע צײַטנ, וואָס דעמלט בינ איכ דערצאָרנט מיט א גרויסנ גרימצאָרנ קעגנ די רײַכע, וואָס באהאלטנ זיכ אינ שאָטנ פונ געלט, אונ דעמלט טאָר מענ פאר מיר ניט דערמאָנענ דעמ נאָמענ פונ אנ אוישער — מײַנ זעל ווערט צעפלאמט, ווי א ווולקאנ, אונ איכ

שפּײַ מיט זידלערײַען, מיט פלאַמפּײַער פונ גרימצאָרנ אונ איכ שרײַ: גוואַלד! מע רויבט! אונ הײַנט האָב איכ אַזאַ טאָג פונ סינע, דעריבער זאָלסטו זיכ, טײַערער, ניט כידעשנ, וואָס איכ האָב ניט גערעדט מיט דעמ אוישער...״ [1].

די דאָזיקע סינע פונעמ קלײנבירגערלעכנ אינטעליגענט צו דער פּלוטאָקראַטיע, ניט בלויז צו דער פעאָדאַלישער, נאָר אויכ צו דער בורזשואַז-קאַפּיטאַליסטישער [2], קלינגט נאָכ גאַנצ דײַטלעכ אינ אַ בריוו פונ 1880: „...אונ אַפּאַנעמעסנ וווּנדערט מיכ דאָס גאָרניט (איינע אַ באַשטימטע אַנטיסעמיטישע אַרויסטרעטונג — מ.וו.). העיויס ס׳איז דאָכ שוינ לאַנג באַשלאָסנ געוואָרנ אַנצווווענדנ פאַר אונדז דעמ פּרינציפּ: די ייִדנ זײַנען פאַראַנטוואָרטלעכ איינער פאַרנ אַנדערנ. אונ אויב ס׳איז שוינ אַפּ אונדז אַזאַ גזירע צו זײַנ פאַראַנטוואָרטלעכ איינער פאַרנ אַנדערנ, וועסטו זיכ דאָכ מוזנ מוידע זײַנ, טײַערער, אַז ס׳איז אונדז טויזנט מאָל בעסער אונ אָנגענעמער צו זײַנ סאָלידאַריש מיט אַזאַ, ווי פּראָפ. באַקשט (דה. מיט אַ געלערנטנ — מ.וו.), איידער מיט אַ פּאָליאַקאָוו, מאַלקיעל אונ זייערסגלײַכנ״... [3] (באַוווּסטע גרויס־קאַפּיטאַליסטישע אונטערנעמער אונ אײַזנבאַנ-ספּעקוליאַנטנ, מיט וועלכע די צאַרישע מעלוכע האָט זיכ זייער געכיינדלט — מ.וו.)״... מענדעלעס שטעלונג צו דער פעאָדאַלישער אונ קאַפּיטאַליסטישער גווירימשאַפט אונ אויכ צו די פאַראָרעמטע קלײנבירגערלעכע מאַסנ איז פאָרט גאָר אַנ אַנדערע, ווי בא די בורזשואַזע אונ בורזשואַז־ליבעראַלע אופקלערער.

1 „בריוו פונ מענדעלע מויכער־ספאָרימ״, מינסקער „צײַטשריפט״, ב. V, אָפּטײלונג: „פונ אונדזער אַרכיוו״, ז. 75.

2 אינ אַ באַמערקונג צו אַ קאָרעספּאָנדענצ אינ „המליצ״ (1866, נומ. 39, ז. 593), וואָס באַקלאָגט זיכ אַפּ די איבעריגעס פונ ניט־ערלעכע פילאַנטראָפּנ קעגנ מענדעלען, דערציילט י. לערנער: „אַפּ אַ פאַרזאַמלונג וועגנ פילאַנטראָפּישע איניאָנים, אינ וועלכער סע האָבנ אָנטייל גענומענ גווירימ, כאַסידימ אונ מאַסקילימ, איז דער הויפּט־גרינדער (פונ דעמ צענטראַלנ וווילטעטיקײטס־פאַריינ „משכיל אל דל״ — מ. וו.) ה׳ אַבראַמאָוויטש ניט געווענ אָפּגעהיט אינ זײַנע רייד אונ ניט נאָר, וואָס ער האָט זיכ ניט אָנגעשטרענגט צו איבערצײַגנ די פּובליקע (געמיינט: די גווירישכאַסידישע קאָהאָלסלײַט — מ.וו.) מיט ווייכע רייד, נאָר ער האָט זיכ באַלד אַפּ דער ערשטער פאַרזאַמלונג צעקאָכט אונ האָט געצאָרנט אונ געשאָלטנ — אונ דאָס איז די הויפּט־סיבע, וואָס האָט צעשטערט זײַנ ביניענ ביז צומ גרונט... איכ אַלײנ בינ דערבײַ געווענ, ווי ה׳ אַבראַמאָוויטש איז אָנגעפאַלנ אַפּ איינעמ פונ די גווירימ אונ איכ מוז זיכ מוידע זײַנ, אַז ס׳איז מיר שווער געווענ צו פאַרשטיינ, ווי האָט ער דאָס ניט פאָרויסגעזעענ, אַז אויב די כאַסידימ, וואָס זײַנען דאָכ אינ בערדיטשעוו די מערהײַט, וועלנ ניט מאַכנ מיט אימ איינ האַנט, וועט זײַנ גאַנצע מי זײַנ אומגעזיסט, וואָרעמ מיט דער הילף בלויז פונ די מאַסקילימ וועט זיכ ניט אײַנגעבנ עפּעס אופצוטאָנ, ווײַל זיי זײַנען די מינדערהײַט אונ אַפּילע צווישנ זיי זײַנען אַ סאַכ אַזעלכע, וואָס זײַנען מיט אימ ניט צופרידנ״... —

3 מינסקע „צײַטשריפט״, ב. V, אָפּטײלונג „פונ אונדזער אַרכיוו״, ז. 36.

דער כילעק צווישנ דעמ דעמאָקראַטיש-ליבעראַלנ מענדעלע אונ אַזאַ פאָרשטייער פונ דער קאַפּיטאַליסטישער בורזשואַזיע, ווי י. טאַרנאָפּאָל, איז קלאָר. וועלכע זיינענ אָבער די מאָמענטנ, וואָס האָבנ אימ אינ יענעמ פעריאָד אָפּגעטיילט פונ אַזאַ מער קאָנסעקווענטנ פאָרשטייער פונ קליינבירגערלעכער דעמאָקראַטישקייט, ווי א. קאָוונער? אַנ אויסקלאָרנדיקער ענטפער אָפּ דער דאָזיקער פראַגע קאָנ זייער פאַרדייטלעכנ די שטריכנ פונ מענדעלעס אָנשויונגענ אינ דעמ דאָזיקנ פעריאָד פונ זיינ שאַפנ.

פאַרביידע איז כאַראַקטעריסטיש די ליבע צו די עקספּלואַטירטע, אונטערדריקטע אונ פאַראָרעמטע קליינבירגערלעכע מאַסנ, די סינע צו דער פּלוטאָקראַטיע אונ צומ גאַנצנ מיטלאַלטערלעכ-פעאָדאַלישנ שטייגער, אונ פונקט אַזוי אויכ די קליינבירגערלעכע אומקלאָרקייט פונ דער פּאָזיטיווער אָנצילונג, דאָס ניט זענ קיינ אויסוועג. מיר געפינענ ניט באַ קאָוונערנ קיינ שומ שפּורנ אַפילע פונ א פּ אָ ז י ט י וו ע ר ק אָ נ ק ר ע ט ע ר ר אַ ד י ק אַ ל ע ר (אונ נאָכ וויינ'קער א סאָציאַליסטישער) פּראָגראַמ, וויאַזוי איבערצואָרדענענ די געזעלשאַפט. אינ דעמ פּראַט איז צווישנ מענדעלענ אונ קאָוונערנ קיינ גרויסער כילעק ניטאָ.

אונ, ווידער, וואָס איז שייעכ די „צווייפאַכיקע" געזעלשאַפט-קריטיק, דה. וואָס איז שייעכ די דעמאַסקירונג פונ דער עקספּלואַטאַטאָרישער פּלוטאָקראַטיע אונ די „זעלבסטקריטישע" שטעלונג צו דער אָפּגעשטאַנענקייט פונ די אונטערדריקטע מאַסנ — פירט מענדעלע פאַקטיש אויס דאָס זעלבע, וואָס קאָוונער פאָדערט פונ דער ליטעראַטור. וואָס שייעכ די ד אָ ז י ק ע פ ר אָ ט י מ, זיינענ די אַנטשפּרעכנדיקע מאָמענטנ אינ דער „טאַקסע", „פישקע", „מאַסאָעס" אונ אַנדערע ווערק — דורכויס „קאָוונעריש". מיר וועלנ דאָ ניט אַנאַליזירנ, ווי וויַט קאָוונערס קריטיק פונ מענדעלעס ווערק פונ זיינ ע ר ש ט נ, העברייִשנ, פעריאָד (ווי געזאָגט, איז „האבות והבנים" פאַקטיש אַנ איבעראַרבעטונג פונ „למדו היטב", וואָס מענדעלע האָט אָנגעשריבנ אינ 1862 יאָר; לויטנ אידעאָלאָגישנ אינהאַלט געהערט דאָס בוכ אויכ צו יענעמ פעריאָד, כאָטש סע שטאַרצט אַרייַנ אינ גאָר אַנ אַנדערנ פעריאָד) האָט געהאַט א דירעקטע ווירקונג אָפּ מענדעלעס שאַפנ אינ זיינ צ וו י י ט נ פעריאָד — כאָטש דער דאָזיקער אייַנפלוס ליגט אויסער יעדנ ספק. אָבער א פאַקט איז, אַז „מאַסאָעס", לעמאָשל, איז א ווערק, אינ וועלכנ עס ווערנ פולשטענדיק אויסגעפירט קאָוונערס פאָדערונגענ צו דער ליטעראַטור.

וואָס סע טיילט אָפּ מענדעלעס שאַפנ — אינעמ צווייטנ פעריאָד — פונ קאָוונערס אָנשויונגענ איז: דייטלעכע רעשטנ פונ פּשאָרעסדיקער פאַרבונדנ-

קייט מיט רעליגיע, עלעמענטנ פונ נאציאָנאליזמ (וואָס זײַנענ בײַ קאָוו־נערנ ניט צו געפינענ) אונ א דײַטלעכ אויסגעדריקטע לאָיאַלקײַט צו דער צארישער מעלוכע.

די נאציאָנאלע באגרענעצטקײַט, וואָס מיר שטעלנ פעסט בײַ מענדע־לענ, פעלט בײַ קאָוונערנ — איז ער ראדיקאלער אונ פאָרשריטלעכער. אינ קאָוונערס ארויסטרעטונגענ קומט דעריקער צומ אויסדרוק דער שטאָט־שער קליינבירגער מיט זײַנע מער באוווסטזיניקע (איידער בײַמ אָפגעשטא־נענעמ שטעטלדיקנ קליינבירגער) בונטארישע שטימונגענ. עס הערט זיכ בײַ קאָוונערנ אויכ א געוויסער אָפהילכ פונ די סאָציאַלע טײַנעס פונ פויער־טומ, וועלכע זײַנענ דעמלט אָנגעלאָדנ מיט אופרײַסערישקײַט. קאָוונער איז ערנסטער פארבונדנ מיט די רעוואָליוציאָנערע שטימונגענ פונ דער רוסי־שער ראדיקאלער, קליינבירגערלעכער „ראזנאָטשינישער" אינטעליגענצ. מענ־דעלע זעט דעריקער דעמ פאופעריזירטנ, דעקלאסירטנ אונ צומ טייל אומ־פראָדוקטיוו-פאראזיטישנ אונ קליינקרעמערישנ שטעטלדיקנ קליינבירגער. דאָ ליגנ די וואָרצלענ פאר די וויכטיקע ניואנסנ אינ זייער אידעאָלאָגיע. קאָוו־נער האָט מענדעלענ קריטיקירט פאר זײַנ ערשטנ פעריאָד אונ פאר די רעצידיוונ צומ ערשטנ פעריאָד, מענדעלע איז דאנ אפ א רעאקציאָנערנ אויפנ ארויסגעטראָטנ קעגנ קאָוונערנ — ניט פאר דער קריטיק פונ זײַנ, מענדעלעס, פריערדיקער מעליצעדיקײַט אונ אָפגעריסנקײַט פונ לעבנ, נאָר דערפאר, וואָס קאָוונער האָט אגעוו אָנגערירט יענע עלעמענטנ אינ מענ־דעלעס אידעאָלאָגיע, וואָס זײַנענ אויכ אינ זײַנ רעלאטיוו פאָרשריטלעכסטנ פעריאָד געבליבנ רעאקציאָנער, ניט דערפאר, ווײַל ער האָט אָנגערירט זײַנ „פארשטאנד", זײַנ „אורטייל", נאָר ווײַל ער האָט אָנגערירט זײַנ „פאָרורטייל".

3

אינ זײַנ קריטיק אפ דער רוסישער איבערזעצונג פונ „האבות והבנים" («Отцы и дети») שרײַבט קאָוונער אינ יאָר 1869: „דער דאלעס אונ די ווירקונג פונ דער ארומיקער ספערע — דאָס זײַנענ די איינציקע סיבעס פונ אומווויסנדיקײַט אונ דער נעבעכדיקער לאגע פונ דער מאסע בײַ אלע פעל־קער אינ אלע לענדער ביכלאל אונ בײַ די ייִדנ אינ רוסלאנד ביפראט. דער דאלעס שטייט שטענדיק, ווי א כינעזישע וואנט, צווישנ דער מאסע אונ דער אופקלערונג. דער פארמעגלעכער קלאס קויפט זיכ בילדונג אונ אלע לעבנ־באקוועמלעכקײַטנ, דער אָרעמער אָבער דארפ ארבעטנ אינ בלוט־טיקנ שוייס, קעדיי זיכ פארזיכערנ די עקזיסטענצ — טאָ ווי ליגט אינ קאָפ די בילדונג? מיט איינ וואָרט, די ייִדנ־פראגע אינ רוסלאנד הענגט ניט אָפ דערפונ, צי ס'איז פאראנ א גרעסערע, צי א קלענערע צאָל צאדיקימ

(אנ אָנווייַז אפנ אנטיצאדיקישנ פונקט אינ דער פראָגראמ פונ דער טראַדיציאָנעלער האסקאָלע — מ.וו.), צי ס'איז כּדאי א קלענערע אָדער א גרעסערע צאָל שילער אינ די יידישע שולנ (אנ אָנצוהערעניש אפ דעמ בילדונג־פונקט אינ דער מאסקילישער פראָגראמ, א פונקט, וואָס ווערט אויכ נאָכ אינ מענדעלעס „דאָס קלייִנע מענטשעלע" ארויסגעשטעלט אלס איינציקער פּאָזיטיווער פאָרשלאָג — מ.וו.), נאָר פונ די מער אָדער ווייניקער גינסטיקע אויסווייניקע באדינגונגענ, פונעמ פארבעסערנ דעמ מאטעריעלנ שטייגער בא די יידנ. די יידנ־פראגע איז, אזויארומ, ניט קיינ ספּעציִעל־יידישע (קעגנ דער נאציאָנאלער שמאָלקייט אונ באגרענעצטקייט אינ סאָציאַלע פראגעס — מ.וו.), נאָר אנ אלגעמיינע סאָציאַלע פראגע, וואָס דארפ צוציִענ צו זיכ די אופמערקזאמקייט פונ אלע אופגעקלערטע טוער פונ דער מענטשהייט" [1].

דער „רעאליסט" קאָוונער כויזעקט דאָ פונעמ נאַיוונ מאסקילישנ טעזיס, אז די אָרעמקייט איז א רעזולטאט פונ דער אומגעבילדעטקייט. ער זעט קלאָרער די סאָציאַלע קעגנזאצנ. ער זעט קלאָרער, אז די אומגעבילדעטקייט פונ די מאסנ איז, פונקט קאפויר, א רעזולטאט פונ זייער אָרעמקייט.

אָבער אויכ מענדעלע זעט שוינ אינ 1867־טנ יאָר גאנצ גוט, אז ניט די בילדונג איז דער איקער, כאָטש ער ווייסט ניט קיינ אנדערנ פּאָזיטיוו־קאָנקרעטנ וועג, ווי טאקע די זעלבע בילדונג־פּראָפּאגאנדע — אונ ביטעס צו דער מעלוכע, זי זאָל געבנ „עמאנסיפּאציע". אינ דער בראָשור "עין משפט" (דערשינענ 1867, צומ גרעסטנ טייל אורשפּרינגלעכ אָנגעשריבנ 1864—1865) שרייַבט מענדעלע: „מיר לייענענ יעדנ טאָג אינ די צייַטונגענ: מע דארפ די יידנ בילדנ! אשטייגער, סע פעלט די יידנ צו זייער גליק ניט מער ווי בלויז א ביסל בילדונג, אשטייגער, ווי אלע יידנ וואָלטנ געווענ קאלמיקנ אונ פוילענצער" (ז. 37). אינ א סאכ ערטער פונ זייַנ אָפּהאנדלונג הערט זיכ ארויס זייַנ נאציאָנאלע באגרענעצטקייט, דאָס וואָס סע טיילט אימ אָפּ פונ קאָוונערס שטאנדפּונקט. אָבער דעמ אָפּגאנג פונ דער טראַדיציאָנעלער הוילער קולטורטרעגערייַ, דעמ טראָפּ אפּ דער געזעלשאפטלעכעקאָנאָמישער נויט פונ די מאסנ באטאָנט דאָ שוינ אויכ מענדעלע, פונקט אזוי ווי קאָוונער.

די מאָמענטנ פונ נאציאָנאלער באגרענעצטקייט אינ זייַנ וועלט־אָנשויונג — זייַנענ טאקע אויכ די גרענעצנ פאר מענדעלעס פאָרשריטלעכקייט. איבער די דאָזיקע עלעמענטנ נאציאָנאלער באגרענעצטקייט בלייַבט ער שטעקנ אינ דער רעאקציאָנערער מאסקיליש־טראדיציאָנעלער פּאָליטישער טריַי־אונ־

[1] „День", 1869, נומער 2, ז. 30.

טערטעניקײַט, װײַל ער זעט ניט די סאָציאַלע קויכעס, װאָס קאָנענ לײזנ די געזעלשאַפטלעכע פּראָבלעמעס — אונ אויכ די ייִדנ־פּראַגע — אַראָפּשאַרנדיק דעמ זעלבסטהערשעריש־גוטבאַזיצערישנ רעזשימ.

## 4

מענדעלעס געזעלשאַפט־קריטיק בלײַבט געװײנלעכ אינ די גרענעצנ פונ דער ייִדישער סוויווע. די געזעלשאַפטלעכע פאַרהעלטענישנ אויסער דער ייִדישער סוויווע רירט מענדעלע געװײנלעכ ניט אָנ — סײַדנ אינ גאָר זעלטענע פאַלנ. בלויז אינ אײנ װערק — אינ דער „קליאַטשע" — הערנ מיר א דײַטלעכע אַרויסטרעטונג קעגנ דער עקספּלואַטאַטאָרישער פּאַראַזיטישקײַט פונעמ גוטבאַזיצערישנ אַדל. אינ דעמ דאָזיקנ הײסנ שטרײַט־בוכ זײַנעמ פאַר בירגערלעכער נאַציאָנאַלער עמאַנסיפּאַציע זײַנענ אַפ אַנ אײגנאַרטיקנ אופנ דורכגעמישט מאָטיװנ פונ ראַדיקאַלנ דעמאָקראַטיזמ, װאָס דערגײענ ביז צו דײַטלעכע אָנגריפנ קעגנ די „פּאַנעס" אונ אומדירעקט, כאָטש טאַקע שטאַרק „עזאָפּיש", פאַרװאַלירט, אויכ ביז צו אָנצוהערענישנ פונ פּראָנדיאָרישקײַט קעגנ דעמ מעלוכישנ רעזשימ, אַפװיפל *דאָס האָט א שײַכעס צו דער לאַגע פונ די ייִדנ* — מיט פאַרשאַרפטע נאַציאָנאַליסטישע אונ אַפילע שאָװיניסטישע מאָטיװנ. דאָס איז דער אײנציקער פאַל, װו מיר באַגעגענענ אינ מענדעלעס װערק אַנ אָנצוהערעניש אַפ פּראָנדיאָרישקײַט — זאָל זײַנ אַפ אַנ אומדירעקטנ אופנ אונ שטאַרק פאַרװאַלירט — בענעגייע דער מעלוכישער ייִדנ־פּאָליטיק. ערשט דאָ, אונ נאָר דאָ, אינ צוזאַמענהאַנג מיט די װילד־מעשונעדיקע נאַציאָנאַלע אונטערדריקונגענ פונעמ צאַרישנ רעזשימ, קאָנענ זיכ באַװײַזנ שפּאַלטנ אינ מענדעלעס לאָיאַלישקײַט צו דער מעלוכע. די דאָזיקע אַרויסטרעטונגענ קעגנ די פּאַנעס אונ קעגנ דער מעלוכישער ייִדנ־פּאָליטיק אינ „די קליאַטשע" האָבנ פאַר זײער צײַט אָנ סאָפעק געהאַט אַנ ערנסטע פּראָגרעסיװע באַדײַטונג. זײ האָבנ געװירקט צעטרײסלענדיק אַפּנ צוטרוי פונ די מאַסנ צו דעמ גוטנ װילנ פונ דער מעלוכע בענעגייע די ייִדנ, זײ האָבנ געװירקט צעשטערנדיק אַפ דעמ גלויבנ, װאָס מענדעלע האָט פריִער אַלײנ אונטערגעהאַלטנ, אַז „די רעגירונג איז גוט, איז באַרעמהאַרציק.. אויכ אונדז ייִדנ װינטשט זי גליק, זי זוכט אַלצ מיטל צו פאַרבעסערנ אונדזער צושטאַנד"... („די טאַקסע"). ס'איז אָבער כאַראַקטעריסטיש פאַר מענדעלענ, אַז די זעלטענע פאַלנ, װענ זײַנ געזעלשאַפט־קריטיק גײט אַרויס פונ די גרענעצנ פונ דער ייִדישער סוויווע, װענ ער פאַלט אָנ אַפּנ אַדל, קומט דאָס אַלס אַפּאָלאָגעטישער ענטפער אַפ די אַנטיסעמיטישע טײַנעס, װאָס באַדײַטנדיקע שיכטנ פונ ייִדישנ קלײנבירגער־

גערטומ לעבנ פּאראזיטיש אונ אומפּראָדוקטיוו. אינ דעמ צוזאמענהאנג, פונ דער דאָזיקער טייַנע פּראָוואָצירט, מאכט מענדעלע די גרימצאָרנדיקע אנאַלאָגיע צווישנ די דאָזיקע דעקלאסירטע פּאראָוועמטע לופטמענטשנ אונ די גרויס־פּאראזיטישע פּאנעס, אפ צו פּאָרענטפּערנ די נעבעכדיקע, קליינע פּאַראזיטנ. אויכ דאָ ווייַזנ זיכ ארויס די נאציאָנאלע גרענעצנ פונ זייַנ געזעלשאפטלעכנ שטאנדפּונקט.

אינ זייַנ בראָשור „עינ משפּט“ (1867), ז. 30, זאָגט מענדעלע: „אונ אויב מע (די אנטיסעמיטנ — מ.וו.) וועט אונדז אָנווייַזנ (אלס ענטפער אפ דער פאָדערונג פונ עמאנסיפּאציע — מ.וו.). אפ א סאכ מענטשנ צווישנ אונדז, וואָס זיי זייַנענ אינעמעסנ ליידיקגייער אונ טוענ גאָרניט, וועלנ מיר קאָנענ אָנווייַזנ אקעגנ זיי (די אנטיסעמיטנ — מ.וו.) אפ די אדעליקע פונ געבוירנ אונ אפ די פילע אריסטאָקראטנ, וואָס אינ יעדנ פאָלק אונ רעגירונג, וואָס זיי זייַנענ ווי דראָנענ אינ בינשטאָק, וועלכע פרעסנ אונ זויגנ דעמ זאפט, וואָס די ארבעטנדיקע אונ פלייַסיקע בינענ ברענגענ. וואָס קאָנענ מיר טאָנ, אויב דאָס איז א גזירע פונ דער נאטור (מענדעלע מיינט דאָס איראָניש — מ.וו.) אפ אלע פעלקער פונ דער וועלט, פּונקט אזוי אויכ ווי בא די ווערעמ!... פונדעסטוועגנ זייַנענ מיר זיכער, אז ווענ די צייַטנ וואָלטנ בעסער געוואָרנ, וואָלטנ זיכ פארמינערט אונדזערע מעיוכאָסימ, פּאראזיטנ אונ באטלאָנימ, ניט אנדערש ווי בא די ייִדנ אינ דייַטשלאנד, פראנקרייַכ, ענגלאנד אונ די פאראייניקטע שטאטנ (דה., ווענ סע זאָל דורכ „עמאנסיפּאציע“ אָפּגעראמט ווערנ דער וועג פאר א קאפּיטאליסטישער אנטוויקלונג, ווי אינ די דערמאָנטע מעלוכעס — מ.וו.). זיי, די ייִדנ פונ די דאָזיקע לענדער, באווייַזנ פאר אונדז מיט זייער פּאָליטישער לאגע אונ מאָראלישנ ווי מאטעריעלנ צושטאנד, אז מיר זייַנענ פייִק זיכ צו פארפּולקומענ אונ מיר קאָנענ טויגנ פאר דער געזעלשאפט פונ די פעלקער. זיי באווייַזנ, אז מאנגלענ קומענ ניט בלויז פונ אינעווייניקסטע סיבעס, נאָר פונ אויסווייניקסטע אויכ, דאָס הייסט, די רעכט, וואָס די ייִדנ אינ די דערמאָנטע לענדער האָבנ באקומענ זייַט דער העלפט פארגאנגענעמ יאָרהונדערט, האָבנ דאָס געבראכט אזא גרויסע ענדערונג אינ זייער גייַסט אונ אופירונג... אונ אינ מעשעכ פונ פופציק יאָר, אנערעכ, האָבנ זיי באוויזנ צו מאכנ אזא ריזיקנ אנטוויקלונג־וועג, וואָס אנדערע פעלקער האָבנ אימ געמאכט אינ מעשעכ פונ פינפ הונדערט יאָר“.

אפ אנ אלעגאָריש־פארהילטנ אויפנ האָבנ מיר אנ ענלעכנ אָנפאל אפ די פּאראזיטישע גוטבאזיצער — אינ צוזאמענהאנג מיט אפּאָלאָגיע פונ די פאראָרעמטע מאסנ — אינ דער „קליאטשע“. מענדעלע טייַנעט סארקאסטיש־עואָפּיש צו די ניט־ייִדישע פאָלקמאסנ: „אפ דעמ פעלד, זע איכ, פּי־

טערנ זיכ פאנסקע צאפעס, אייזלענ, גאנצע טאבונעס פערד, ניט פארגרעבטע פונ דער ארבעט, נאָר פערד איידעלע, מיט א ייִכעס־בריוו, אז זיי שטאמענ ארויס פונ איידעלע עלטערנ. איינעמס זיידע איז אנ ענגלישער אָגער, וואָס האָט פארצײַטנס, דורכפאָרנדיק דורכ דעמ לאנד קענאאנ (געמיינט רוס־לאנד — מ.וו.), כאסענע געהאט מיט אנ אראבישער שקאפע. דעמ אנ־דערנס באָבע וואקסט פונ א בארימטער מישפאָכע, וואָס האָט אינ לעבנ גענוג פולווער געשמעקט, אונ יענעמס עלטער־באָבע האָט געגאָסנ א גוטע ערציִונג, א עדוקאציע, ערגעצ אינ א בארימטנ זאוואָד, איז געווענ א מעלומעדעס אונ האָט אינ איר צײַט געגעבנ קאָנצערט אינ טאנצנ אונ שפרינגענ אינײנעמ מיט נאָכ א סאכ געבילדעטע געלערנטע פערד. דענ איר מוזט וויסנ, אז בא פערד שפילט ייִכעס א גרויסע ראָליע, בא זיי קוקט מענ שטארק אפ איידל בלוט, אונ די, וואָס פונ א גוטנ זאוואָד, הייסנ איידל אָדער וויל־געבאָרענע.

די דאָזיקע איידעלע פערד האָבנ זיכ געפיטערט פראנק אונ פרײַ, זײַנענ אויכ געגאנגענ אינ שאָדנ, קאליע געמאכט די טוועס, וועלכע אָרעמע פויערנ האָבנ געזייט מיט שוויס, נעבעכ, אונ מע האָט זיכ ניט וויסנדיק געמאכט, זיי ניט געזאָגט קיינ אומטארבוס וואָרט[1]. די פערד האָבנ געשפרונגענ, געהירזשעט, געדריגעט מיט די פיס. זייער קויעכ, זייער שטארקײַט אונ זייער ווילדקײַט איז געווענ שלא כדרך הטבע[2]!

אונ ווי איכ ליג מיר דאָ אזוי שטארק אופגעבראכט, הער איכ פונדער־ווײַטנס א שרעקלעכ געשריי. א ראַש פונ מענטשנ אונ בילנ פונ הינט. איכ האָב טכילעס געמיינט, דאָס האָבנ די פויערנ זיכ צונויפגענומענ אונ לויפנ מיט א געשריי ארויסצוטרײַבנ די פאנסקע צאפעס, די פערד, פונ זייערע טוועס. נאָר אָבער ניינ... ייִנגלעכ קונדייסימ יאָגנ פונ אלע זײַטנ נאָכ עפעס א דארער, א מאָגערער קליאטשע, ווארפנ אפ איר שטיינער, רייצנ אָנ אפ איר גאנצע טשאטעס הינט פונ אלערליי מינימ... איכ האָב ניט געקענט שטיינ אונ צוזענ שווײַגנדיק אזא מײַסע־רא[3] פונדערווײַטנס...״

„די קונדייסימ טײַנענ, אז די קליאטשע איז ניט קיינ שטאָט־בעהיימע, א פרעמדע, דעריבער האָט זי קיינ רעכט ניט זיכ צו פאשענ. „גאזלאָנימ! — האָב איכ שוינ מער ניט געקענט מיכ אײַנהאלטנ אונ א געשריי געטאָנ מיט קאס, — פארוואָס קוקט איר ניט, וואָס דאָרט גייענ ארומ פאנסקע צאפעס, גאנצע טאבונעס פערד צווישנ די טוועס אונ פרעסנ אופ אָרעמ בלוט, אָרעמ שוויס, נעבעכ? דאָ פארגינט איר ניט א

1 אומהעפלעכ וואָרט.
2 אומנאטירלעכ.
3 שלעכטע טאט.

בידנער שקאפּע א הויפֿן גראָז, און עס ארט קלאָף נישט, אז דאָרט טוען פערד אָן א יאַם העזייקעס און מאכן אומגליקלעכע פֿיל מענטשן" („די קליאטשע", פארלאג „מענדעלע", „אַלע ווערק, בד. III, זז. 19—22). — נאָר אין צוזאמענהאנג און אין דער שיַין פון די נאציאָנאלע טײַנעס דערזעט מענדעלע און ס'צינדט זיך אָן זײַן קאס אף די פאנסקע צאפּעס און טאבו־נעס פערד, נאָר דורך די אנטיסעמיטישע טײַנעס, אז ייִדן זײַנען ניט קיין זין פון פאָטער לאנד. ווי איינער זאָגט: איידער זיך טשעפּען צו דער אָרעמער „קליאטשע" — וואָלט איר זיך בעסער גענומען אָנפּאָרען מיט אײַערע אייגענע „פאנסקע צאפּעס און פערד", וואָס גייען „אין שאָדן" און „פרעסן אופ אָרעמע בלוט". דעריבער האָט מענדעלע ניט געקאָנט דערזען דעם צוזאמענהאנג צווישן דער לאגע פון די פאראָרעמטע מאסן און דעם אלגעמיינעם מעלוכישן רעזשים.

5

מענדעלעס נאציאָנאלע אײַנגעגרענעצטקײַט — דאָס איז דער וועזנטלעכער הויפּט-כילעק צווישן זײַנער און קאָוונערס וועלטאָנשויונג אין דעם פעריאָד. אין אלע אנדערע פּראָטים באגעגענען זיך דעמלט זייערע אָנשויונגען, באַ־זונדערס, אז מע האָט אינזינען אזעלכע ווערק מענדעלעס, ווי „די טאקסע", „פישקע", „מאסאָעס".

אויב קאָוונער טײַנעט: „די בעלעטריסטיק, וואָס אלע ליטעראטורן שטאָלצירן מיט איר, באקרוינען אירע שרײַבערס מיט קראנצן, גיבן זיי אָפּ קאָוועד אָן א שיר, שטעלן זיי אין דער שפּיץ פון די, וואָס ברענגען דאָס נײַע לעבן, אין דער שפּיץ פון די, וואָס פארשפּרייטן בילדונג און נײַע אָנשויונגען, האלטן זיי פאר די באדײַטנדיקסטע הויפּט־באווירקערס אינעם לעבן פון די פעלקער, — אזא מין בעלעטריסטיק פארמאָגט ניט די ליטע־ראטור פון די ייִדן..." „...די שרײַבער לייגן ניט קיין אכט אפן ייִדישן לעבן, וואָס קאָן ווערן א פרוכטבארער באָדן פאר טויזנטער ראָמאנען, שויש־פילן, טראגעדיעס, קאָמעדיעס און דראמעס און דערמיט וואָלטן זיי דאָך פארבעסערט דעם מאָראלישן גײַסט פון די ייִדן"[1] — גייט מענדעלע זײַט זײַן צווייטן פעריאָד דורכויס אף דעם דאָזיקן וועג. מענדעלע נעמט זיך דאָך גראָד דעמלט שילדערן די פאקטן פונעם דאלעס, אָנצוווײַזן אף זייע־רע סיבעס און רעזולטאטן, אופצודעקן די פינצטערע זײַטן פון דער דעמל־טיקער געזעלשאפט.

קאָוונער דערקלערט: כאָטש מע קאָן ניט אָפּלייקענען אינגאנצן דעם

---

1 אין זײַן בראָשור „חקר דבר". ווארשע, 1865, ז. 44.

ווערט פון דער אידעאַליסטישער עסטעטיזירנדיקער פּאָעטישקײַט, איז איר צוועק אָבער בלויז „אײַנצושלעפערן דעם לייענער". און, אז דער לייענער פון אזעלכע ווערק כאַפּט זיך אוף פון די פּאָעטישע כאַלוימעס, זעט ער, אז באקומען האָט ער גאָרניט, און זײַן געמיט וואַקלט זיך „איבערן אָפּגרונט פון טרויער, ווײַל ער זעט, אז ער קאָן ניט אָנקומען צו די איליוזאָרישע שײנע בערג און אינדזלען". „ניט אזעלכע זײַנען די נײַע שרײַבער (די רעאַליסטן — מ.וו.), זיי פליִען ניט שטאָלץ אין די הימלען, הייבן זיך ניט ביז צו די גלענצנדיקע שטערנס, שוועבן אויך ניט אף פליגלען פון פאַנטאַזיעס צו די אינדזלען פון האָפענונג, נאָר זיי ווענדן זייער בליק אפן מענטשלעכן לעבן דאָ אף דער ערד. זיי באַטראַכטן פונוואַנען נעמען אלע מענטשן זייער טאָגטעגלעכ ברויט... זיי קוקן זיך צו צו די פּלאָגן פון זייער פאָלק און באַמיִען זיך צו היילן זייערע וווּנדן, און זייער גאַנצ שטרעבן איז נאָר גוטס צו טאָן, צו נוצן, צו באַשיצן און העלפן דעם אָרעמאַן". אלע גרויסע געניטע פּאָעטן האָבן אוועקגערוקט די פּאָעזיע אין א זײַט און האָבן זיך גענומען „צו פּאָשעטער פּראָזע, וואָס איז אין אונדזערע טעג די הערשנדיקע אין די ליטעראַטורן פון פאַרשיידענע פעלקער, און מיט דער פּראָזע היילט מען די ווילדקײַט פונעם פאָלק"... „די גרויסע שרײַבער פון דער צײַט האָבן באַטראַכט די לאַגע פונעם פאָלק און געזען, אז זי איז שלעכט. די אַריסטאָקראַטן טוען זיך אָן אלדאָס גוטס און פאַרברענגען זייערע טעג מיט פרעסן און ווענדן ניט זייער האַרצ צום אומגליק פון זייערע ברידער. זייערע לײַבייגענע אונטערדריקן זיי מיט אוממענטשלעכער אַרבעט, בעקיוונדיק צי ניט. די געריכטן נעמען כאַבאַר... די שלעכטקײַט טוט זיך אָן פרומע קליידער, קעדיי אָפּצונאַרן... זײַנען אופגעשטאַנען די שרײַבער און זיך גענומען אַראָפּרײַסן די מאַסקעס פון זייערע פּנימער — און זייער העסלעכקײַט האָט זיך באַוויזן פאַר יעדערן"[1]...

און אין אן אנדער אָרט[2]: — „צום באַדויערן, זײַנען נאָך פאַראַן א סאַך דיכטער, וואָס מיינען, אז דאָס ליבלעכע און די שיינקײַט זײַנען דאָס דער ציל... דאָס איז טאַקע דער כילעק צווישן די אידעאַליסטן און די רעאַליסטן! די ערשטע האָבן זיך געשטעלט אלס הויפּט-ציל דאָס ליבלעכע און שיינע, זיי האָבן געבויט פּאַלאַצן אף שפּינוועבס. ניט אזוי די אנדערע. זייער ציל איז נאָר, אז דאָס נוצלעכע זאָל שטאַרק ווירקן, זוכן זיי מיטלען, וויאזוי אַרײַנצופּלאַנצן דאָס נוצלעכע אינעם מענטשנס נעשאָמע. באַקומט זיך, אז די שיינקײַט, וואָס בא די אידעאַליסטן איז עס א זעלבסט-

1 „המליץ", 1864, נומ 14, ז. 221.
2 „המליץ", 1866, נומער 39, זז. 595 — 596.

צוועק — ווערט דאָ א גוטער פארמיטלער אפ אײַנצופלאנצן דאָס נוצלעכע, וואָס דאָס איז דער ציל פון יעדן עמעסן דיכטער"... די עמעסע דיכטער נעמען זיך „מאָטיוון פון מענטשלעכן טאָג־טעגלעכן לעבן און מאכן דער־פון געשמאקע דערנערונג פארן לייענער, וואָס, דערזעענדיק פאר זיך דאָס נאקעטע לעבן אָן שום אײַנהילן, שטעלט ער זיך פאָר אלע בילדער, וואָס ווערן פאר אים געשילדערט, און זיי, די בילדער, לאָזן איבער א לעבע־דיקן און זייער גוטן אײַנדרוק"...

אָבער גראָד דעמלט האָט זיך מענדעלע גענומען אויספירן די דאָזיקע ליטעראַרישע פראָגראַם קאָוונער טרעט אין יאָר 1869 זייער שארפ ארויס קעגן דער רוסישער איבערזעצונג פון מענדעלעס „האבות והבנים", אָבער די ארגומענטאציעס, וואָס ער ברענגט, זײַנען שוין לאנג א באשטאנד־טייל אויך פון מענדעלעס דעמלט שוין געענדערטע אָנשויונגען. קאָוונער זאָגט [1]: „דער דענקענדיקער טייל פובליקע... פאָדערט איצט פון ראָמאן א לעבעדיקן געדאנק, עפעס א נײַע אידיי, א דערקלערונג פון געזעלשאפט־לעכע פראצעס, וואָס אינטערעסירן אין א געגעבענעם מאָמענט די געזעל־שאפט, און באגלייך דערמיט זוכט ער אין אים א געזונטן גלײַכן סייכל, לעבן און עמעס... און איצט האָט בלויז אזא ראָמאן דערפאָלג, וואָס אנא־ליזירט די געזעלשאפטלעכע דערשײַנונגען, שטעלט ארויס זייערע טונקעלע זײַטן, ווײַזט אָן אפ זייערע סיבעס און באמיט זיך צו שילדערן א בעסע־רע אָרדענונג פון די איניאָנים. פארשטענדלעך, אז וואָס מער לעבנס־פראַ־געס א ראָמאן כאפט ארום, אלץ א גרעסערן באטײַט האָט ער פארן לייע־נער. אָבער אכוץ דער הויפטזאכלעכער ווערנטלעכער זײַט פון ראָמאן, פאָ־דערט מען אויך נאָך א קינסטלערישע באארבעטונג, ריכטיקייט פון די כא־ראקטערן אוןווירקלעכקייט פון די טיפן, וואָס דער אווטער כאפט אראָפ פונעם לעבן אָדער וואָס ער שאפט זיי אליין".

די טײַנעס זײַנען גערעכטע בענעגייע „האבות והבנים". אין זײַנע יידיש געשריבענע ווערק פירט שוין מענדעלע זײַט 1864 באוווסטזיניק אויס די דאָזיקע פאָדערונגען. אינעם קאמפ קעגן דעם פריערדיקן מענדעלע בא־מערקט דאָס קאָוונער ניט אָדער וויל דאָס ניט באמערקן. קאָוונער זאָגט [2]: „די ליטעראטור פון יעדן פאָלק איז א שפיגל, וואָס אין אים קאָנען מיר זען דאָס אינווייניקסטע לעבן פון פאָלק, זײַנע גענג, זײַן כאראקטער, זײַן צושטאנד... פון דער ליטעראטור קאָנען מיר קימאט שטענדיק באקומען א ריכטיקע מיינונג וועגן יעדן פאָלק; ווארעם: ניט דאָס פאָלק ווערט גע־

1 אין זײַן ארטיקל וועגן מענדעלעס «Отцы и дети» אין «День», 1869, נומ. 2, זז. 29—31.

2 אין זײַן באוווסטן מעמאָראנדום פון יאָר 1865, זע „חקר דבר", ז. 38.

בוירן אפּן שויכּ פון דער ליטעראַטור, נאָר, פאַרקערט, די ליטעראַטור ווערט געבוירן אפּן שויס פון פאָלק"... אפּן יעסאָד פון פאָלקס־לעבן. מענדעלע פּאָלעמיזירט קלוימערשט (אין „עין משפט") קעגן דעם דאָזיקן טעזיס (ניט אָנרופנדיק קאָוונערס נאָמען) און גיט א פולערע פאָרמולירונג, אָבער אין טאָכ איז ער שוין דעמלט מיט קאָוונערס גרונט־געדאַנק מאַסקעם, סײַ אין זײַנע קינסטלערישער אַרבעט סײַ אין זײַנע טעאָרעטישע אַרויסזאָגונגען — ווי מיר וועלן דאָס ווײַטער זען.

## 6

מענדעלע גיט זײַנע קינסטלערישע „קרעדאָ", זײַנע עסטעטיק און ליטע־ראַרישע פּראָגראַם אין דער בראָשור „עין משפט". די דאָזיקע פּרינציפּיעלע פּראָגראַמאַטישע אַרויסזאָגונגען באַלײַכטן זײַן שאַפן אין די 60־ער און 70־ער יאָרן. דעריבער איז נייטיק זיך אָפּ זיי אויספירלעכער אָפּצושטעלן.

מענדעלע דערקלערט דאָרט:

„...און ווײַל אונדזערע מאַסקילישע שרײַבער האַלטן זיך אויך אין דער טראַדיציע און שרײַבן נאָר צוליב שרײַבן און צוליב אופהייבן („איינ־ציקן" — מענדעלע שרײַבט „לשם יחוד" — מ.וו.) פאַרשיידענע הייליקע פּסוקים, צו געפינען דערפאָלג בא אָנגעזעענע מענטשן, — און זיי לייגן ניט קיין אַכט אָפּ די מאַנגלען פון אונדזער פאָלק, וואָס באַנײַען זיך אין פאַרלויפּ פון דער צײַט, און וואָס רירן אָן זייער לעבן, דעריבער איז אונדזער איצטיקע ליטעראַטור זייער א לויזע און האָט ניט אין זיך קיין לעבן. ווײַל די וועלט איז פאַר איר פאַרטונקלט און דער לעבעדיקער גײַסט פון דער צײַט באַגײַסטערט זי ניט. זי זיצט זיך, די דאָזיקע הייליקע העברייִשע ליטעראַטור, אַן עלנטע, ווײַט פונעם ליאַרעם פון דער וועלט און טומל פון מענטשן און אַרום איר הערשט א פולקומע רויִקײַט, א רויִקײַט, וואָס די שרײַבער ווילן זי טאַקע האָבן, ווײַל זיי ווייסן ווויל, אז נאָר צוליב דער דאָזיקער רויִקײַט וועלן זיי באַקומען א גוטן נאָמען... און אז סע טרעפט זיך, אז די שרײַבער הייבן אמאָל אופּ זייער שטים און זיי שעפּטשען עפּעס, פאַרלירט זיך זייער קאָל אין די ווײַטקײַטן פונעם רוים און דערגייט ניט צום אויער. און טאַקע עמעס — מיט וואָס זאָלן זיי צו זיך צוציִען דאָס האַרץ פונעם פאָלק?.. יעדע ליטעראַטור, וואָס וואַקסט פון די קוואַלן פון פאָלק־לעבן און פון זײַנע איבערלעבונגען, ווירקט טאַקע דערנאָך צוריק אפּן לעבן פונעם פאָלק, און, זײַענדיק א ר ע ז ו ל ט א ט, ווערט זי אָפּ צוריק ווידער אויך א ווירקנדיקע סיבע. איך וויל זאָגן: אין יעדן פאָלק, וואָס זײַן ליטעראַטור אַנטוויקלט זיך ווי געהעריק... איז פאַראַן אַן אינווייניקסטע

פארבינדונג צווישנ אים (דעם פאָלק — מ.וו.) אונ דעם שרײַבער, אונ יעדער פונ די צוויי ווירקט אומבאדינגט אײנס אפנ אנדערנ. באזונדערס שטארק דארפ זײַנ די דאָזיקע פארבינדונג באם דיכטער אונ אינטעליגענט. וואָרעמ פונקט אזוי, ווי די ביכער פונעמ דיכטער אונ זײַנ דיכטונג זײַנענ א צווײַג פונעמ פאָלקשטאמ אונ וואקסנ פונ זײַנ ווערצל אונ פונ זײַנ אינווייניקסטנ מעהוס, וואָרעמ זיי אנטפּלעקנ זײַנע געדאנקענ, זײַנע שטימונגענ אונ פאַר-שטעלונגענ אונ אויכ זײַנע שטרעבונגענ, ווונטשנ, האָפענונגענ אונ זייַנ גאנצ טראכטנ — פונקט אזוי בליט אונ וואקסט, פונ דער אנדערער זײַט, דאָס פאָלק דורכ די ווערטער פונעמ דיכטער. וואָרעמ די געדאנקענ פונעמ פאָלק, וואָס זיי זײַנענ ניט אויסגעקלאָרט אונ גוט פארדײַטלעכט מיט פולער קענטע-ניש אונ באוווסטזיניקײַט, ווערנ דאָס טאקע אויסגעקלאָרט אונ אויסגע-לײַטערט דורכנ דיכטער אונ דורכ זײַנ באנעמ, דורכ דעמ, וואָס ער שטעלט זיי אוועק מיט פארשטאנד אונ וויסנ אינ פאסיקע בילדער ביז זיי ווערנ אָפנ אונ באוווסט, פארשטענדלעכ יעדערנ. דורכ דער אויסלײַטערונג פונ די באגריפנ פארפולקומט זיכ דאָס פאָלק אלצ מער אונ א ריכטיקער גײַסט אנטשטייט אינ אימ אונ סע ווערט אזויארומ פייִק צו דערגרייכנ א העכערע שטופע. אונ אזוי גייט דאָס פאָלק (בא א געהעריקער אנטוויקלונג פונ דער ליטעראטור — מ.וו.) פאָרויס פונ שטופע צו שטופע מיט דער הילפ פונ זײַנע שרײַבער, וואָס קומענ אײנער נאָכנ אנדערנ צו דער פאסיקער צײַט, אפ צו פארגרעסערנ די בילדונג אונ זי צו פארשטארקנ, צו שאפנ נײַע באגריפנ פונ די אורקוואלנ פונעמ פאָלק-לעבנ אונ זיי ארויסצופירנ פונ טונקלקײַט צו דער שײַנ. אונ לויט דעמ וואקסט די ליטעראטור אונ אנט-וויקלט זיכ פונ זיכ אינווייניק אונ פונ אייגענער אינערלעכער קראפט..."

מענדעלע זעט דאָ די ליטעראטור סײַ אלס רעזולטאט אונ סײַ אלס פאקטאָר.

## 7

אונ איצט קומט די פּאָלעמיק קעגנ קאָוונערס אײנזײַטיק-דעטערמי-נירנדיקער פאָרמולירונג. מענדעלע רופט דאָ קאָוונערנ ניט אָנ באמ נאָמענ. ער ציטירט בלויז קאָוונערס פאָרמולירונג אונ פּאָלעמיזירט קעגנ איר אפ א שארפזיניקנ אויפנ:

„...פונקט ווי ס'איז ניט גערעכט, ווער סע זאָגט (קאָוונער — מ.וו.): „א פאָלק ווערט ניט געבוירנ אפנ שויס פונ דער ליטעראטור, נאָר, פארקערט, זי ווערט געבוירנ אפנ שויס פונ פאָלק" (מענדעלע ברענגט דעמ דאָזיקנ זאצ קאָוונערס אינ געענדזונפיסלעכ — מ.וו.), פונקט אזוי איז אויכ ניט גערעכט, ווער סע זאָגט, אז „דער גײַסט פונ פאָלק ווערט געבוירנ אפ איר (דער

ליטעראַטורס — מ.וו.) שויס און ניט פאַרקערט". די דאָזיקע ביידע האָבנ
א טאָעס, — ציט מענדעלע ווייַטער זייַנ געדאַנק, — ווייַל זיי אורטיילנ איבער
דער זאַך איינזייַטיק. דער עמעס איז, אַז א פאָלק און זייַנ ליטעראַטור
פאַרבינדנ זיך איינעם צו זייַנ סייַ א ווירקונג סייַ א באַווירקטס, און, זייַ־
ענדיק א רעזולטאַט, ווערט די ליטעראַטור אויך צוריק א ווירקנדיקער פאַק־
טאָר, ווי געזאָגט, און דעריבער ליגט איר קראַפט פונ זיך אַליינ צו ווערנ
א נויטווענדיקייַט און אייגנס פונ גאַנצנ פאָלק (דה. ניט בלויז פונ יעכידישע
„עסטעטנ", נאָר פונ די ברייטסטע מאַסנ — מ.וו.). אָבער א ליטעראַטור,
וואָס האָט ניט קיינ שום שייַכעס צום פאָלק אינ זייַנע מאַנגלענ און זי
ווערט פונ אים ניט באַווירקט, קאָנ זי אויך ניט ווערנ ווירקנדיק, האָט
זי אויך קיינ אינטערעס ניט פאַרנ פאָלק, און זי איז אַנ איבעריקע אינעם
לעבנ. די פאָלק־מאַסע כידעשט זיך איבער דער עקזיסטענצ פונ אַזאַ ליטע־
ראַטור און פרעגט: צו וואָס איז זי? וואָס וויל זי? וואָסער הילף ברענגט
זי? וואָס טוט אופ און וואָס נוצט אַזאַ שרייַבער? וואָס טויג אַזאַ סטיליסט?
און די דאָזיקע שרייַבער ווערנ צעטומלט און ווייסנ ניט צו ענטפערנ עפעס
רעכטס... ווי צו אַזאַ געערטנ שרייַבער, וואָס האָט געשריבנ אָנ אַנ עק
ביכער, אויב סע באַגעגנט אים א מאַסנ־מענטש און פרעגט אים פראָסט אָנ
כאָכמעס די דאָזיקע פראַגע. א שטרויכלונג־שטיינ איז די דאָזיקע פראַגע
פאַר א סאַך שרייַבער, אָנ דער דאָזיקער פראַגע ווערט צעשמעטערט זייער
גאַנצע מי און זייער אמאָליקער קאָוועד... דאָס איז עס, וואָס מיר האָבנ
שוינ זייַט לאַנג געזאָגט, אַז די פראַכט פונ דער ליטעראַטור איז נאָר
דער מענטשלעכער געדאַנק, וואָס גייט פאָרויס און אַנטוויקלט זיך, נאָר די
דערקענטעניש פונ דער נאַטור און פונ לעבנ, וואָס אַנטפּלעקנ זיך אינ מענ־
טשלעכנ געדאַנק, נאָר דאָס גיט דער ליטעראַטור כויינ אינ קויעך צו ווירקנ
מיט אירע רייד, נאָר דורך דעם האָט זי דערפאָלג צוצוציִענ די הערצער
פונ די לייענער אָפּ צו פאַרפולקומענ זייערע אינערלעכע עמפּינדונגענ, צו
פילנ דאָס מאָראַלישע גוטע און שיינע און צו פאַרשטאַרקנ זייער וויסנ און
פאַרשטאַנד. און יעדעס בוך, וואָס האָט ניט דעם דאָזיקנ לעבנגייַסט, איז
בלויז ווילדפלייש אינ דער ליטעראַטור..." („עינ משפט", זשיטאָמיר, 1867,
זז. 8—11).

צי איז דאָ אינ די דאָזיקע אַרויסזאָגונגענ עפּעס אַזוינס, וואָס קאָוונער
וואָלט ניט געקאָנט דערמיט מאַסקעמ זייַנ? געוויס ניט. מענדעלע דערגאַנצט
דאָ קאָוונערס זאַצ אָפּ א גאַנצ געראָטענעמ אופנ. פאַרשטייט זיך: דאָס
איז פונ מענדעלעס זייַט דעריקער א פּאָלעמישער גאַנג. קאָוונער האָט מיט
זייַנ פאָרמולירונג געוואָלט שלאָגנ די רעאַקציאָנערע עפּיגאָניש־אופקלערערישע
„אידעאַליסטישע" באַטלאָנעס און די פונ לעבנ אָפּגעריסענע איליוזאָרישקייַט

(אפ וויפל דאָס האָט זיכ געפונענ אויכ בא מענדעלענ, אינ זיינ פריערדיקנ „האבות והבנים”, האָט זיכ מענדעלע אויכ געפילט געטראָפנ). דעריבער האָט קאָוונער אינ זיינ פאָרמולירונג אונטערגעשטראָכנ די דעטערמינירטקייט פונ דער ליטעראַטור. דערמיט איז ער לאַכלוטנ ניט אויסנ געוועננ צו פארמינערנ דעם פונקציאָנעלנ באַטייט פונ דער ליטעראַטור. פארקערט: דער פונקציאָנעלער באַטייט פונ דער ליטעראַטור איז דאָכ גראָד זיינ הויפּט־טעזיס. די פּאָלעמיק מענדעלעס קעגנ קאָוונערס פאָרמולירונג האָט אינ טאָכ אלס אזעלכע קיינ ערנסטנ באַטייט ניט. וויכטיק אָבער איז פאר אונדז פעסטצושטעלנ, אז פאַקטיש אונ וועזנטלעכ קומט ער זיכ דאָ אינ דער פראגע וועגנ די אופגאבעס פונ דער ליטעראַטור דורכויס צונויפ מיט קאָוונערנ — אונ אָנ סאָפעק טאַקע אויכ אונטער דער ווירקונג פונ קאָוונערס קריטיק.

8

קורצ: וואָס שייעכ אזעלכע פאָדערונגענ צו דער ליטעראַטור, ווי: אידיישקייט, סאָציאַלע געוועגדטקייט, געזעלשאפט־קריטיק, אָנגריפ קעגנ די רייכע פריווילעגירטע, הילפ די אָרעמע אונ עקספּלואַטירטע — שטייט מענדעלע דעמלט אפנ זעלבנ שטאַנדפונקט, ווי קאָוונער. ביידע זעענ די ליטעראַטור סיי אלס רעזולטאט אונ סיי אלס פאַקטאָר פונ געזעלשאפטלעכנ לעבנ. אלס די פאַסיקע אויסדרוק־פאָרמ פאר די אופגאבעס פונ דער ליטעראַטור באַטראַכטנ ביידע דעם „רעאליזמ”.

דער אונטערשייד צווישנ ביידע ווערט ערשט דייטלעכ דאָרט, ווו סע סטאַרטשעט ארויס מענדעלעס נאַציאָנאַלע איינגעגרענעצטקייט. קאָוונער באַטאָנט זיינע סימפּאַטיעס „צו עקספּלואַטירטע ביכלאל” אָנ שום נאַציאָנאַלע גרענעצנ. עס איז כאראַקטעריסטיש, אז אפילע אינ זיינע ליטעראַטור־טעאָרעטישע באַטראַכטונגענ האָט ער דייטלעכ פאר די אויגנ ניט נאָר די רוסישע ליטעראַטור, נאָר טאַקע אויכ, אונ אפ א גאַנצ נאַטירלעכנ, ניט אָנגעצויגענעמ אופנ — דעמ רוסישנ פּויער. אַנטקעגנשטעלנדיק די „רעאַליסטנ”, די עמעסע שרייבער, אַקעגנ די מעליצעדיקע ראָמאַנטישע „אידעאַליסטנ”, זאָגט קאָוונער:

„...די פּאָעטנ פונ דער דאָזיקער גרופּע (די „רעאליסטנ” — מ. וו.) קוקנ נאָר אפ דער ערד, זיי טרעטנ ניט אָפּ אפ קיינ טריט ניט פונ נאַטירלעכנ גאַנג, זיי באַשאַפנ זיכ ניט קיינ וועלטנ, וואָס קיינ מענטשלעכ אויג האָט זיי ניט געזענ, זיי שילדערנ ניט אזעלכע בילדער, וואָס זיינענ בלויז געבוירנ פונ פאַנטאַזיע אונ זיינענ אינ דער ווירקלעכקייט ניט געשטויגנ אונ ניט געפלויגנ. אלצ, וואָס זיי וויזנ אונדז, איז שוינ געזענ געוואָרנ פונ מענטשלעכע מאַטעריעלע אויגנ. דער גייסט פונ זייער פּאָעזיע פארקלייבט זיכ אונטער

פארפוילטע שמאטעס, אין וועלכע עס וויקלען זיך איין אָרעמעלייט. זי קריכט אריין ביז אינוויינינק און באוויזט, אז זייערע געדערעם זיינען איינגעשרומפן פון הונגער־קראמפן, זי גייט אין די ווינונגען פון אָרעמע און שילדערט בילדער, פון וועלכע די האָר שטעלן זיך אויף. אָט די דאָזיקע פּאָעטן, בעשאס דער גייסט פון זייער פּאָעזיע ברענגט זיי אפן פעלד פונעם פויער, זעען זיי דאָרטן אזעלכע געשטאלטן: די זון־שטראלן ברענען; א פויער, וואָס איז פארשווארצט פון דער זון, פירט מיט איין האנט זיין אקער און מ׳ט דער צווייטער האנט ווישט ער אָפּ פון צייט צו צייט די ריטשקעלעך שווייס, וואָס גיסן זיך פון זיין פּאָנעם... אפן לייב האָט ער א גראָב לייוונטן העמד, וואָס איז פייכט פון שווייס, און זעט אויס ווי א זאק פון קוילן...״ אאוו. „נאָכדעם קומט דער פויער אהיים — א שטוב, וואָס טראָגט בלויז דעם נאָמען שטוב... און סע וואָלט בעסער דערפאר געפאסט דער נאָמען פון א שטאל... און דאָרטן לעבט א גאנצע מישפּאָכע. אפ דער בלאָטיקער פּאָדלאָגע קריכן ארום פארשיידענע שראָצים און כייעס און ס׳וואלגערן זיך דריי—פיר קינדער... אפן אויוון קרעכצט ביטער אן אלטער פאָטער אָדער מוטער, וואָס טויגן שוין צו גאָרניט...״ און קאָוונער באשרייבט אויספירלעך אין דעם נוסעך דאָס לעבן פונעם פויער אין זומער און ווינטער [1].—

קיינער וועט ניט באשטרייטן, אז אין די בילדער פון „דאָס קליינע מענטשעלע״ און „טאקסע״ טרעט מענדעלע ניט אָפּ אפ „קיין טריט פון נאטירלעכן גאנג״, אז אין „פישקע״ און „מאסאָעס״ פארקלייבט זיך דער גייסט פון זיין פּאָעזיע — אזוי ווי קאָוונער שטעלט פעסט בא די „רעאליסטן״ — „אונטער פארפוילטע שמאטעס, אין וועלכע עס וויקלען זיך איין די אָרעמעלייט״. מענדעלע האָט דאָס געטאָן גאנץ באוווסטזיניק. ער שרייבט אין זיין „פישקע״־ווידמונג מאָרגוליסן:

„...מיר, אקעגן, איז באשערט געווען זיך ארומצושלעפּן אפן נידעריקן טרעפּל פונעם יידישן לעבן אונטן אין די קעלערס. מיין יעש בעקאן איז: שמאטעס און פוילע סכוירע. איך האָב נאָר שטענדיק צו טאָן מיט עוויוינים, קאפּצאָנים, אומגליקלעכע, נעבעך; אויך מיט מענטשלעכע דראבעס, פּאָקוסניקעס אוכדוימע אזעלכע מינע נעפאשעס, קליינינטשקע, נידעריקע פארשוינען. מיר כאָלעמט זיך נאָר בעטלערס. פאר מיינע אויגן שוועבט טאָמעד א טאָרבע — די אלטע, גרויסע יידישע טאָרבע הענגט מיר טאָמעד, ווי יענעם מאָרעשכוירעניק, א לונג־און־לעבער אפ דער נאָז. ווהין איך זאָל מיך ניט קערן און ווענדן זע איך פאר מיר א טאָרבע; וואָס איך זאָל נישט וועלן עפּעס דערציילן אָדער זאָגן, קומט מיר אפיר די טאָרבע!״

---

1 „חקר דבר״, זז. 9—10.

און דאפקע פאר דעם דאָזיקן ר ע א ל י ז מ זידלט מענדעלען שפּעטער (אינ יאָר 1890) דער דעמאָקראַטישער נאַציאָנאַל־ליבעראַלער ייִדישיסט י. לערנער[1]. ער פאַלט דעמלט אָנ אַפּ מענדעלען מיט טײַנעס אַנטליגענע פונעם עפּיגאָנישן, דעגראַדירטן סאַנטימענטאַל־זיסלעכן פאָלקיזמ: „פּישקע דער קרומער — דאָס איז דער פאָרשטייער פונ דעם ייִדישן ענגן שמאָלן געסל, פונעם מיסט, פונ דער בלאָטע, פונעם דאַלעס, פונ דער טאָרבע... מיט וואָס פאַר אַן אויגן, פרעגט זיכ אָבער, באַטראַכט ר' מענדעלע די ייִדישע טאָרבע? גיט ער אונדז אַזוינע עפּעסע טרויעריקע בילדער, וואָס זאָלן דערוועקן אינ אונדזערע הערצער געפילן פונ ראַכמאָנעס צו אונדזערע געפאַלענע ברידער? אָ, ניינ! שלעפּערס, קאַליקעס, רויטע מאַמזיירימ, בלינדע מאַרשאַסן, אָט די זײַנען זײַנע העלדן און זיי מאָלט ער אונדז מיט אַזאַ שוואַרצער פאַרב, אַז אויסער עקל קאָנ עס גאָרניט אַרויסרופן... וועג דעם אייגענעם „ייִדישן דאַלעס" זאָל אַרײַנעמען אינ די הענט אַרײַנ אַ קינסטלער, וואָס איז בעעמעס צוגעבונדן צו זײַנ פאָלק, וואָס די ווייטעקן פונ זײַנע ברידער זײַנען אימ שטאַרק נאָענט, — וויפל זיסע שיינע בילדער וואָלט ער אונדז שוינ געשאַפן? דאָס קאַפּצנעג אַ גאַנצע וואָכ און דער טײַנעג פונעם עוויען, אַז ער האָט שוינ דערלעבט מאַכן שאַבעס, דער ביטאָכן פונעם ייִדישן אָרעמאַן, אַז מיסטאָמע וועט אימ גאָט באַשערן זײַנס, דאָס רויִקע און קאַלטבלוטיקע איבערטראָגן מאַנגל און נויט — דאָס זײַנען אַזעלכע גרויסע זאַכן, וואָס וועלן נאָכ ניט איינ מאָל אַ ברענ טאָן די נעשאָמע פונ אַ ייִדישן שריפטשטעלער און אַ קלעמ טאָן דאָס האַרץ פונ אַ ייִדישן לעזער". דער נאַציאָנאַליסט און זיידע פונעם באַוווסטזיניקן ייִדישיזמ י. לערנער קאָנ ניט פאַרלײַדן די פּעסימיסטישע נאָטן אינ מענדעלעס רעאַליזמ. פאַר זיכ איז דער דאָזיקער פּעסימיזמ — אינ פאַרגלײַכ מיט דער פריִערדיקער אָפּטימיסטישער קעמפערישקײַט און האָפערדיקײַט פונ זײַנ געזעלשאַפט־קריטיק — געוויס ניט קיינ פּראָגרעסיווע דערשײַנונג. לערנערן, וואָס האָט אַמאָל געהאַט פאָרשריטלעכערע אָנשויונגען, גייט עס אָבער דעמלט, אינ יאָר 1890, שוינ ניט וועגן געזעלשאַפט־קריטיק, נאָר, פאַרקערט, וועגן געזעלשאַפט־אַפּאָלאָגיע פונ אַן אַקטיוון נאַציאָנאַליסטישן שטאַנדפּונקט (ווי סע ווערט קלאָר סײַ פונ זײַנ אַרויסזאָגונג און סײַ פונעם גאַנצן גײַסט אינעם זאַמלבוכ „דער קליינער וועקער"). לערנער איז דעמלט אינ טאָכ אַ קעגנער פונ דער זעלבסטקריטישער אָפּשאַצונג פונעם קליינבירגערטומ. לערנער האָט די טײַנעס ניט צומ פּעסימיזמ ביכלאַל,

1 י. י. לערנער (צאָדעק פּרומעס): „וואָס קרומ איז ניט גלײַך", און „דער קליינער וועקער, אַ זאַמלונג... אַרויסגעגעבן פונ אָדעסער גוטע פרײַנט פונעם ייִדישן לאָשנ", אָדעס, 1890, שפּאַלטן 36—43.

נאָר צום פּעסימיזם אַפ וויפל ער קאָנ אויסגעטײַטשט ווערנ אַלס נאַ־ציאָנאַלער פּעסימיזם [1]. דאָס מײנט ער מיט זײַנ טײַנע: „...פונ ר' מענדע־לעס „פישקע״ ווערט אָבער אַזוי קאַלעמוטנע, אַז עס קאָנ אַפילע ניט גרינגער ווערנ פונ די עטלעכע גוטע בלעטלעך (דה. מער מונטערע ער־טער — מ.וו.), וואָס געפינענ זיך דאָרט; אַ שרעקלעכע מאָרעשכוירע רוקט זיך אַרופ, אַז מע באַטראַכט די גאַנצע כאַליאַסטרע קאַפּצאָנים, וואָס ר' מענ־דעלע האָט צונויפגעשלעפּט, קימאַט, קאָנ מענ זאָגנ, מיט דער קאַוואָנע צו ווײַזנ דעם ייִדנ, אַז דאָס גאַנצע לעבנ זײַנס איז ניט מער ווי אײנ אַלטע גרויסע טאָרבע...״ מענדעלע האָט דעם אינוויינינקסטנ מעהוס פונ אַזאַ מינ קריטיק אויסגעצייכנט באַנומענ. ער זאָגט אינ יאָר 1888: „...אַ טייל האָבנ מיך געהערט גערנ מיט אַ פאַרקלעמט האַרצ, ווידער אַ טייל האָבנ זיך גע־קרימט, מעשונע זיך געקראַצט, נישט צופרידנ געווענ, וואָס איך ריר זיי אָנ

---

1 דאָס זעלבע איז אויסנ לערנערס טײַנע צו מעורעלענ: אַז „...פונקט דעמלט, ווענ דאָס רעדל האָט זיך איבערגעדרייט, ווענ אינ אונדזער לעבנ האָט זיך אָנגעהויבנ צו רודעווענ פונ אַלע זײַטנ, ווענ אונדזערע ברידער האָבנ זיך געכאַפּט צו שײַלעס (לערנער מײנט נאַציאָנאַליסטישע פּראָבלעמעס״ — מ. וו.), וואָס זײַנענ אַ סאַך וויכטיקער פונ „טאַקסע״ אונ פונ גלופּסקער „מאַכע־רײַענ״, איז ר' מענדעלע אַנשוויגנ געוואָרנ (דה. פונ אָנהייב ביז העלפט 80־ער יאָרנ — מ. וו.), ווי אַלדאָס בייז, אונ אַפילע דער שטורעמווינט, וואָס האָט פיל אומגליקלעכע פאַרטראָגנ צו אַלדי רוכעס (געמײנט די פּאָגראָמענ אָנהייב 80־ער יאָרנ — מ. וו.), האָט אים ניט געקאָנט ארויסרײַסנ פונ זײַנע דאַלעדאַמעס אונ מע האָט פונ אים ניט געהערט קײנ וואָרט. סאַמע אינ דער רעכטער צײַט ווענ אונדזערע ייִדנ האָבנ באַדאַרפט זיך דערוואַרעמענ מיט אַ „היסלײַוועס״ פונ אַ הייס ייִדיש האַרצ״... (דאָרט). אונ אַז מענדעלע האָט שוינ יאָ אָנגעהויבנ שרײַבנ — איז ער געקומענ מיט „פישקענ״.

די טײַנעס קלינגענ קלוימערשט „לינק״, פונקט אַזוי ווי זײַנע טײַנעס וועגנ דער ניט־אַקטור־עלקײַט פונ מענדעלעס טעמעס, וואָס לערנער האָט פירגעבראַכט אינ זײַנ ארויכטערעטונג אַפ אַ באַנקעט אינ אָדעס לעקאָוועד כפּעקטאָרנ אינ יאָר 1889 (דער באַריכט וועגנ דעם באַנקעט — „דער קלייגער וועקער״, שפּאַלטנ 57—64). לערנער וואָלט געוויס גערעכט געווענ — ווענ ער וואָלט מיט די דאָזיקע זאַצנ ניט געמײנט זייער אַ רעאַקציאָנערע זאַך. ער האָט געפאָדערט בא מענדעלענ, ער זאָל אופהערנ מיט זײַנ אופקלערערײַ אונ געזעלשאַפט־קריטיק אונ זאָל זיך שטעלנ אַפ אַ „פּאָזיטיווג״ נאַציאָנאַליסטישנ שטאַנדפּונקט. דאָס מײנט ער מיט זײַנ פאָדערונג, מע זאָל זיך נעמענ צו „צײַט־פראַגנ״. מיט „די אַלטע אָפּגעריבענע מאַטבייעס״ מענדעלעס, פונ וועלכע ער כוי־זעקט אָפּ, מײנט ער פּאָשעט די אופקלערערישע געזעלשאַפט־קריטיק. אונ מיט די „אַלטע כאָכ־מעס״ מענדעלעס איז געמײנט דער „סאַטיריש־פּאַראָדיסטישער״ סטיל, אַפ וויפל ער האָט זיך אָפּגעהיט אויך אינ די שפּעטערדיקע ווערק (פונ מענדעלעס דריטנ פּעריאָד, זײַט די 80־ער יאָרנ). לערנער, דעמלט שוינ אַ רעאַקציאָנערער שאָוויניסטישער קלייגבירגער, קענ דעם דאָזיקנ אינהאַלט אונ סטיל, די דאָזיקע רעשטנ פונ געזעלשאַפטלעכער קריטיק אונ קריטישער זעלבסטאָפּשאַצונג — אַפ וויפל זי איז פאָרט נאָכ פאַראַנ אינ מענדעלעס שפּעטערדיקע ווערק — פונקט אַזוי ניט פאַר־לײַדנ, ווי בא הײַנטיקנ טאָג אַנ אייב קאַהאַנ.

בא דער לעבער און דערמאָנ זיי נישט קיינ פריילעכע זאכנ...״ (אינ זיינ ווידמונג פונ „פישקע דער קרומער״ צו מ. מאָרגוליסנ).

— לערנערס רעאקציאָנערע טײַנעס ווענדנ זיכ דאָ קעגנ מענדעלעס רעאליסטישנ אופדעקנ די „פינצטערע זײַטנ פונ דער געזעלשאפט״. שאָלעמ־אַלייכעמ האָט צוויי יאָר פריער [1] א סאכ פאָרשריטלעכער אופגענומענ דעמ באטײַט פונ מענדעלעס רעאליזמ אינ „פישקע״. ער האָט ריכטיק פעסטגעשטעלט, אז דאָס דאָזיקע בוכ מיט זײַנ רעאליזמ ווירקט פונקט פארקערט, רירנדיק אינ גוטנ זינענ, אז סע רופט ארויס „סימפאטיע, מענטשנגעפיל, ראכמאָנעס״, און אז ס'געפינט זיכ דאָרט „א סאכ מער ליבע און פאָעזיע אלס אינ אלע טויזנט ראָמאנענ פונ דער גאנצער באנדע ראָמאנמאכערס״ (אינ דער דעמלטיקער יידישער ליטעראטור — מ. וו.). —

די פאָדערונגענ פונ געזעלשאפט־קריטישנ רעאליזמ האָט מענדעלע זיכ פאר זײַנ שאפנ טאקע אָנגעייגנט — אָבער זײַנ געזעלשאפטלעכער קוק איז געבליבנ מער אײַנגעגרענעצט, ווי קאָנערס, איבער די ענגע נאציאָנאלע ראמענ. מענדעלע ווײַזט, לעמאָשל, ניט קיינ ערנסט פארשטענדעניש פאר דער פויערימ־פראגע, פאר דער געזעלשאפטלעכער סיטואציע אינעמ לאנד. ער זעט ניט די לייזונג פונ דער „יידנ־פראגע״ אלס טייל פונ דער אלגעמיינער דעמאָקראטישער פראָגראמ. דערמיט איז פארבונדנ זײַנ געניגטקײַט צו נאציאָנאליסטישע שטימונגענ פונ אָנהייב אָנ — און באזונדערס נאָכ דעמ, ווי ער ווערט אנטוישט אינעמ גוטנ ווילנ פונ דער מעלוכע און אינ אירע רעפאָרמעס. דעמלט שוואכנ זיכ אינ א גרויסער מאָס אָפ זײַנע טרײַ־אונטערטעניקע שטימונגענ (אזוי, לעמאָשל, ווארפט ער ארויס פונ זײַנ „דאָס קליינע מענטשעלע״, אויסגאבע פונ 1907, א הויכ פאטריאָטישנ וואריאנט — „פארנ קייסער און פאָטערלאנד״ — וואָס ער האָט אינ דער אויסגאבע פונ יאָר 1879 ארײַנגעטראָגנ) — ס'פארשטארקט זיכ אָבער בא אימ אלצ מער און מער א קלעריקאליש באפארבטער נאציאָנאליזמ. דער קליינבירגער, וואָס זעט ניט קיינ רעוואָלוציאָנערע לייזונג און אויסוועג „אינ דרויסנ״ פאר די געזעלשאפטלעכע פראגעס און קאָנ זי אינ דער ריכטונג, וואָס ער קוקט, טאקע ניט געפינענ — ציט זיכ ארײַנ ווי א שלימאק אינ די אייגענע באגרענעצטע שאָלנ — אינ די שאָלנ פונ נאציאָנאליזמ.

---

1 שאָלעמ־אַלייכעמ: „דער יידישער דאלעס אינ די בעסטע ווערק פונ אונדזערע פאָלקס־שריפטשטעלער״, בײַלאגע צומ „יידישנ פאָלק־בלאט״, 1888, נומ, 39.

קאָווּנער איז געווענ א ראדיקאלער קעגנער פונ דער רעליגיע. ער האָט זיכ באמיט אונטערצורײַסנ איר טראדיציע ביז צום גרונט. מענדעלע גרענעצט שארפ אונ דײַטלעכ אײַנ זײַנ קעגנערשאפט צו דער טראדיציע. ער קריטיקירט זי, ער האלט אָבער פאר נייטיק קלאָר אונטערצושטרײַכנ, אז „זאָגנדיק: „טראדיציאָנעלע מיינונגענ", מיינענ מיר ניט די געטלעכע טראדיציע אונ הייליקע זאכנ. כאָלילע, זייער קאָוועד בלײַבט אומבארירט אפ זייער אָרט, אונ מיר זײַנענ אויסנ בלויז די טראדיציע אינ וועלט-זאכנ אונ שטייגערישע איניאָנימ" („עינ משפט", ז. 11). די דאָזיקע אײַנגרענעצונג היט מענדעלע מער אָדער ווייניקער אָפ אינ זײַנ שאפנ פונ סאמע אָנהייב אָנ. פונ אָנהייב אָנ טשעפּעט ער ניט די „גרונט-זײַלנ" פונ דער רעליגיע, אפילע ניט מיט רעפאָרמ-פאָרשלאָגנ. ער דערלויבט זיכ דעמלט בלויז ארויסצוטרעטנ — אונ גענוג זעלטנ — קעגנ כאסידימ אונ כאסידיזמ. עס איז דעריבער ניט קיינ וואונדער, אז זײַט די 80-ער יאָרנ איז בא אימ אויכ די לעצטע שפור פראָנדאָירישקײַט בענעגייע רעליגיע פארשוווּנדנ. שוינ אינ 1879 ווארפט ער ארויס פונ זײַנ נײַעמ וואריאנט „דאָס קליינע מענטשעלע" דאָס שטיקל פאמפלעט קעגנ כאסידיזמ. שפעטער מעקט ער שוינ אינ דער נײַ־באארבעטונג פונ זײַנע ווערק סיסטעמאטיש אויס יעדנ זאצ, וואָס שמעקט מיט קעגנערשאפט צו רעליגיע אונ קלייקוידעש. דער בונדיסטישער שרײַבער דאָוויד אײַנהאָרנ, וואָס איז א שטיקל צײַט געווענ מענדעלעס סעקרעטאר, דערציילט מיט א טיפנ פארשטענדעניש, ווי סע געהער זיכ פאר א בונדיסטישנ באל-טשווע, אז מענדעלע פלעגט „יעדעס מאָל, ווענ ער פלעגט אינ פריערדיקנ טעקסט באגעגענענ צו שארפע ערטער קעגנ ראבאָנימ, יעשיוועס אונ לאָמדעטוירע... מימ א גרינג הארצ נעמענ א דריטנ בלײַפעדער אונ שטיל, אָנ א וואָרט צו ריידנ, אויסמעקנ די פראזע אָדער ענדערנ דעמ סטיל. א שטימונג איצט בא אימ אנ אנדערע..."[1]

קלאָר, אז מענדעלעס אלגעמיינע געזעלשאפט-קריטיק האָט אָנגערירט דעמ גאנצנ מיטלאלטערלעכנ שטייגער, באוווסטזיניק צי ניט, האָט ער מיט זײַנ קעמפערישער קריטיק פונ יידישנ וועלטלעכנ שטייגער, פונ דער „טראדיציע אינ וועלט-זאכנ אונ שטייגערישע איניאָנימ" מעמיילע אויכ אפ א באשטימטנ אופנ אָנגעגריפנ אויכ דעמ גרונט-זײַל פונעמ מיטלאלטערלעכנ שטייגער, די רעליגיע. דער וועלטלעכער שטייגער איז דאָכ געווענ ענג צו-

1 אינעמ זאמלבוכ: „מענדעלע מויכער-ספאָרימ צו זײַנ 75-יאָריקנ יובילײ", ווארשע, 1910, ז. 52.

נויפגעבונדן מיטן רעליגיעזן און מענדעלעס קאַמף קעגן דעם ערשטן האָט — ז ל זײַן קעגן זײַן ווילן — געטרייסלט אויך דעם צווייטן. דער דאָזיקער אומדירעקטער אָנגריף אויפן רעליגיעזן שטייגער איז אָבער פאָרט געווען קעגן דער ליניע, וואָס ער האָט באַוווסטזיניק דורכגעפירט, ס'האָט זיך בלויז אָביעקטיוו אזוי באַקומען, און אפילע אין ווידערשפרוך צו זײַן באַוווסטזיניקער אײַנשטעלונג. פאַרשטענדלעך דעריבער, פאַרוואָס ער האָט אין זײַן לעצטן שאַפונג־פעריאָד מיט אזא גרינג האַרץ אויסגעמעקט פון זײַנע פריִקע ווערק אַלע שפורן פון קעמפערישקײַט קעגן רעליגיע און קלעריקאַליזם. עס איז אויך קלאָר, אז זײַן געזעלשאַפט - קריטיק, וואָלט אין די פריערדיקע פעריאָדן געהאַט גאָר אן אנדערע, אומפאַרגלײַכלעך שטאַרקערע ווירקונג־קראַפט, ווען ער וואָלט אויך אין דעם דאָזיקן וויכטיקסטן פראַט געשטאַנען אויפן זעלבן שטאַנדפונקט ווי קאָוונער.

מענדעלע זעט ניט דעם צוזאַמענהאַנג צווישן דער „ייִדן־פראַגע“ און די אַלגעמיינע סאָציאַלע און עקאָנאָמישע פראַגעס אינעם לאַנד — דעריבער טיילט ער די „ייִדן־פראַגע“ אין אן „אינווייניקסטן“ און „אויסווייניקסטן“ טייל. וואָס שײַעך די „אינווייניקסטע“ פאַרהעלטענישן, ווענדט ער אָן די לײַדנשאַפטלעכע קריטיק, אַף וועלכער ער איז פייִק געווען. וואָס שײַעך דעם „אויסווייניקסטן“ טייל פון דער „ייִדן־פראַגע“, קאָן ער בלויז אָננעמען די אַלטע נעבעכדיקע „טאַקטיק“ פון די אונטערדריקטע אין דער פעאָדאַלישער געזעלשאַפט: „לאָמיר וויינען, לאָמיר שרײַען צו דעם קייסער ניקאָלײַען“, — לויט דער טראַדיציע פונעם אָפגעשטאַנענעם קליינבירגער און פעאָדאַלישן פויער (וואָס האָט אָבער, אין קעגנזאַץ צום אָפגעשטאַנענעם קליינבירגער, אכוץ הישטאַדלעסן קעסיידער געמאַכט אויך בונטן) זיך צו באַקלאָגן אַף אוולעס, צו זוכן דעם „עמעס“ באַם קייסער. אין פאָליטישע פראַגן שטייט דעמלט מענדעלע אין אַלגעמיינעם פונקט אזוי, ווי דער קאָנסערוואַטיווער מאַסקיל צעדערבוים, לעמאַשל, אַפן שטאַנדפונקט פון שטאַדלאָנעס. זײַן איזאָלירטקײַט פונעם אַלגעמיינעם דעמאָקראַטישן קאַמף פאַרשטעלט פאַר אים דעם אויסגעהאַלטענעם דעמאָקראַטישן וועג. דאָס אָבער ווירקט ווידער צוריק אַף זײַן קריטיק פון די „אינווייניקסטע“ פאַרהעלטענישן. דאָס שטעלט אים אויך דאָ גרענעצן, ער זאָל אויך דאָ ניט קענען גיין ביז צום סאָף.

אויך דאָ מוז ער איבערלאָזן ניט־באַרירבאַרע „רעזערוו“־ערטער. דאָס איז די פאָרהאַנאָכע ניט בלויז פאַר זײַן אײַנגעהאַלטנקײַט אין די אַרויסטרעטונגען קעגן דער רעליגיע, נאָר אויך פאַר די עלעמענטן פון געזעלשאַפט־אַפאָלאָגיע, וואָס זײַנען פאַראַן אין זײַן שאַפן אַפילע פון זײַן בעסטן פעריאָד, און וואָס דריקן זיך באַזונדערס אויס אין

צומאָליקער סאנטימענטאַלישקייט און „גוטמוטיקייט“ — טראָץ דער גלייכצייטיקער שארפער סאטירע — בענעגייע דער אָפּגעשטאנענקייט פון די פאַראָרעמטע מאסן. דאָס „שרייען און וויינען צום קייסער“ האָט גאָרניט געהאָלפן און ניט געקענט העלפן — האָט דעריבער די קריטיק פון די מאסן ניט געטאָרט זיין אזוי אויסגעהאלטן ביז צום סאָף, ווי זי וואָלט געווען בא גלייכצייטיקער קאָנסעקווענט־דעמאָקראטישער קריטיק פונעם זעלבסטהערשעריש־גוטבאַזיצעריש רעזשים.

## 10

דאָס איז דער באָדן פאר די געזעלשאפט־אפאָלאָגעטישע מאָמענטן סיי אינעם קינסטלערישן שאפן סיי אין די פובליציסטישע ארויסזאָגונגען מענדעלעס פון יענער צייט. צו שטאדלאָנעס געהער אפּאָלאָגיע. אין „עין משפט“ גיט ער אָפּ א סאך אָרט „צו באווייזן פאר די פעלקער די רעכט־פארטיקייט פון די קינדער יִשׂראל און זייערע גלויבנס־ביכער“. „אינוויי־ניק“ — קריטיק, — אקעגן „אויסנווייניק“ — אפּאָלאָגיע. „אינווייניק“ איז ער פּראָגרעסיוו; „אויסווייניק“, אין זיין פארהעלטעניש צום צאריזם, איז ער קאָנסערוואטיוו. וואָס ער צעשטערט „אינווייניק“ — בויט ער „אויסווייניק“ ווידער אוף. דאָס ליגט אין דער טעווע פון דער קליינבירגערלעכער באגרענעצט־קייט. „אינווייניק“ קעמפט ער קעגן דעם „היסטאָרישן יידנטום“, „אויסוויי־ניק“ פארטיידיקט ער מוסער־ספאָרים, סידורים, דעם טאלמוד און אנדערע קוואלן פון פינצטערניש, פאָדערט, מע זאָל זיי איבערדרוקן, דערקלערט, אז זיי זיינען ניט קיין שטערונג פאר דער פארשפרייטונג פון בילדונג, שווערט פאטעטיש, אז אלע, וואָס זאָגן אנדערש, ריידן ניט דעם עמעס.

אָפּ א נאציאָנאליסטיש עמפינדלעכן אויפן זעט ער אין יעדן אָנגריף אָפּ די רעליגיעזע קוואלן — אן אנטיסעמיטישן אָנגריף, און דערקלערט: „...אזוי לאנג, ווי די באוווינער פון דער ערד האלטן פון דער הימל־מעלוכע, וועלן זיי אויך האָבן א הייליקע היִעראַרכיע, געזעצביכער, מינהאָגים־ביכער און געבעט־ביכער פונקט ווי די ערדישע מעלוכע, און אזוי לאנג די דאָזיקע זאכן זיינען פאראן בא יעדן פאָלק, איז דאָס שפּאָטן פון איין פאָלק איבערן אנדערן אן אומרעכט, פארשוועכט איין פאָלק די הייליקייטן פון אן אנדער פאָלק מיט אומרעכט“... („עין משפט“). עס טויג ניט, — זאָגט דאָרט מענדעלע, — פאר דער אופקלערונג, אז מע זאָל פארניכטן די פרומע ביכער. פארקערט, דאָס וועט אָפּהאַלטן די פארשפרייטונג פון בילדונג, ווייל עס וועט ארויסרופן א פארשטארקטן פאנאטיזם פון דער מאסע אאוו. דער דאָזיקער „רעאל־פאָליטישער“ מאָטיוו ווערט אָבער טייקעף דעשיפרירט דורך זיין אפּאָלאָגיע פונעם טאלמוד, דורך זיין אונטערשטרייכן דעם ווערט פון

רעליגיעזקייט פאר דער שול, דעם ווערט פון דער העברייִשער שפּראַך באַם פאַרשפּרייטן בילדונג (ער פאַלט דערבײַ אָן אַפ קאָוונערן, וואָס האָט פאָרגעלייגט צו פאַרבײַטן די העברייִשע שפּראַך מיט דער ייִדישער) אאַוו. אין אַזאַ צוזאַמענהאַנג פאַרמאָנט זײַן פאָדערונג, אַז די ייִדן זאָלן ווערן זין פונעם רוסישן פאָלק, קיין שפּור ניט פון אינטערנאַציאָנאַליזם, כאָטש ער איז אין דער שפּראַך-פראַגע אַן אָנהענגער פון רוסיש. ס'איז פּאָשעט דער אָבליגאַטאָרישער צוזאָג באַם פאָדערן עמאַנסיפּאַציע. פון אינוויייניק צעשטערעריש, דרויסן קאָנסערוואַטיוו — דאָס איז דער ווידערשפּרוך פונעם קליינבירגער אין יענער צײַט, נאָר אַזוי האָט ער זיך פאָרגעשטעלט דעם וועג צו עמאַנסיפּאַציע. די עמעסדיקע סיבע פון דער נויט פון די מאַסן, דעם אָפּגעשטאַנענעם פעאָדאַליש-זעלבסטהערשערישן רעזשים, זעט ער ניט און וויל ניט אָנגרײַפן, מוז ער שטענדיק „פון דרויסן" צוריק אופבויען, וואָס ער האָט זיך באַמיט פון „אינוויייניק" צו צעשטערן.

אין די „פּ אָ ז י ט י ו ע" פאָרשלאָגן פון זײַן רעפאָרם-פּראָגראַם („עין משפט", ז. 27) גייט מענדעלע דעריבער אַרויס פון דער האַנאָכע, אַז „די פאַרפאַלקומונג פון די ייִדן איז אָפּהענגיק פון צוויי נייטיקע זאַכן": 1) „פון דער רעפאָרמע פון זייער אינערלעכער לאַגע", דה. די אָפּשאַפונג פונעם גאַנצן פעאָדאַליש־אָפּגעשטאַנענעם שטייגער מיט דער הילף פון אופקלערדיקער בילדונג, פאַרשפּרייטונג פון קולטור, נײַע דערציִונג־אופאַנים, שולן, ליטעראַטור אאַוו.; 2) פון דער רעפאָרמע אין דער פּאָליטישער לאַגע, דה. אָפּשאַפן די פעאָדאַלישע רעכט־באַגרענעצונגען, „עמאַנסיפּאַציע" — מיט דער הילף פון אופקלערנדיקע, דה. אַפּאָלאָגעטיש-שטאַדלאָנישע ווענדונגען צו דער צאַרישער מעלוכע. „די דאָזיקע צוויי זאַכן, — זאָגט ווײַטער מענדעלע, — זײַנען צונויפגעבונדן און צונויפגעוויקלט איינע אין דער אַנדערער ווי גײַסט און מאַטעריע, אַזוי אַז מע קאָן זיך ניט פאָרשטעלן איינס אָן דעם אַנדערן. און ס'איז זייער נייטיק, אַז די פאַרבעסערונג פון זייער אינערלעכער לאַגע זאָל געמאַכט ווערן אינעם גײַסט פון די ייִדן, אין זייער אייגנאַרט, אינעם גײַסט פון זייער רעליגיע און זייער שפּראַך און זייערע אָנשויונגען, און לויט די אינוויייניקע מיטלען („אינוויייניקע מיטלען" הייסט אָן רעגלאַמענטירערײַ און אַדמיניסטרירערײַ — מ.וו.). וואָרעם ס'איז אין דער נאַטור פונעם לעבן, אַז דער וווּקס און די אַנטוויקלונג פאַרפולקומען זיך שטופּנווײַז פון אַן אינוויייניקן און אימאַנענטן קויעך. וואָרעם די טעווע פון לעבן באַשטייט פון צוויי באַדינגונגען: 1) דער קוואַל פון אויסוויייניקסטע עלעמענטן (מענדעלע באַטראַכט די ייִדישע פאָלק־מאַסן אַזוי דורכויס איזאָלירט פונעם גאַנצן מעלוכיש־סאָציִאַלן צוזאַמענהאַנג, אַז פּאָליטישע רעכט פאַר ייִדן רופט ער אָן „אויסוויייניקע עלעמענטן"; — ס'איז אַ קעגנזאַץ צו קאָוונערן! —

מ.וו.), וואָס דאָס איז עסן און דערנערונג; 2) די פֿייִקייַט צו פֿאַרדייַען די דאָזיקע עלעמענטן לויט אַן אינוויינִיקסטן גייַסט, און פֿון זיי צו וועבן דעם פֿאָדעם פֿון לעבן — יעדער לויט זייַן נאַטור און אייגנאַרט. און דאָס איז אויך די לערע פֿונעם פֿאָלק-לעבן. דעריבער זאָל די גרויס־מוטיקע רעגירונג, וואָס ווינטשט, אַז אונדזער פֿאָלק זאָל לעבן, זיך מיט אונדז פֿירן ווי די נאַטור, די מוטער פֿון אַלצדינג, וואָס סע לעבט. זי זאָל עפֿענען פֿאַר אונדז דעם אוצר פֿון רעכט אין דער פּאָליטישער וועלט, דעם אוצר פֿון די עלעמענטן, וואָס זייַנען נייטיק פֿאַר דער עקזיסטענץ פֿון אונדזער לעבן, און זאָל דערלויבן, אַז אונדזער אינוויינִיקסטע פֿאַרפֿולקומונג זאָל געמאַכט ווערן לויט אינוויינִיקסטע מיטלען, לויט אונדזער טעווע און פֿאַרשטענדעניש".

מענדעלע איז אַ קעגנער פֿון מעלוכישער צוואַנג-רעגלאַמענטירונג וואָס שייַעך אינוויינִיקסטע רעפֿאָרמעס (בענעגייע קליידער, שולן, דרוק-באַגרענעצונג פֿון די רעליגיִעזע ביכער אאַוו.) אין קעגנזאַץ צו די בורזשואַזע מאַסקילים, וואָס האָבן אַזאַ צוואַנג־רעגלאַמענטירונג זייַט לעווינזאָן ביז אין די 60־ער און אַפֿילו 70-ער יאָרן דירעקט רעקאָמענדירט דער מעלוכע דאָס איז אָבער בײַ מענדעלען פֿאַרבונדן ניט בלויז מיט זייַן קליינבירגערלעכער דעמאָקראַטישקייַט, נאָר אויך טאַקע מיט יענע רעאַקציאָנערע עלעמענטן אין זייַן וועלט־אָנשויונג, צוליב וועלכע ער אַליין איז אויך אַ באַשיצער פֿון דער „טראַדיציע", צוליב וועלכע ער באַציט זיך — בײַ זייַן גאַנצער קריטישער שאַרפֿקייַט — פֿאָרט וואַקלדיק און אייַנגעהאַלטן צו די לעצטע פֿונדאַמענטן פֿון דער „הייליקער טראַדיציע", וואָס ווערן געהאַלטן אַלס „רעזערוו" פֿאַר אַלע פֿאַלן. קורץ, דאָס איז פֿאַרבונדן מיט דער באַגרענעצטקייַט פֿון מענדעלעס סאָציאַלע אָנשויונגען, סאָף־קאָלסאָף — מיט זייַן באַגרענעצט-נאַציאָנאַלן באַטראַכטן די „ייִדן־פֿראַגע" בלויז אַלס אַ געזעלשאַפֿטלעך־איזאָלירטע טאַטזאַך. דעריבער בעט זיך מענדעלע בײַ דער מעלוכע: „גוט און שיין וואָלט געווען, אַז וואָס שייַעך דער רעפֿאָרם פֿון אונדזער אינוויינִיקסטער לאַגע זאָל די רעגירונג זייַן בלויז די העלפֿערן, און וואָס איז שייַעך דער רעפֿאָרם פֿון אונדזער אויס־וויינִיקסטער לאַגע זאָל זי זייַן דער ווירקנדיקער פֿאַקטאָר. דאָס הייסט: די פֿאַרפֿולקומונג פֿון דער רעליגיִעזער לאַגע זאָל גיין פֿון ייִדישן קוואַל און זאָל זיך באַוועגן לויט פּאַסיקע מיטלען און לויט די אָנשויונגען פֿון די ייִדן און אין זייער שפּראַך און מיט דער הילף פֿון געלערנטע מענער, וואָס זייַנען אין די איניאָנים געניט (אַן אָנצוהערעניש אויף פּרוּוו מיטן „ניט געניטן" אויסלענדישן מאַסקיל ליליענטאַל און אויף ענלעכע פֿאַלן — מ. וו.), און די גרויסמוטיקע מעלוכע זאָל דאָ בלויז זייַן אַ באַשיצערן און פּראָטעקטאָרן; די פֿאַרפֿולקומונג אָבער פֿון דער פּאָליטישער לאַגע פֿון

די ייִדן זאָל זיך באַוועגן נאָר דורכ די טאַטן פונ דער מעלוכע אַליינ
(דה. ניט צוציִענדיק צו דעמ איניען, אינ די קאָמיסיעס אאַוו. קיינ ייִדישע
אייצע־געבער אונ דייעס־זאָגער; מענדעלע האָט צו די דאָזיקע בורזשואַזע
ייִדישע טוער א סאַכ וויינ־יקער צוטרוי, ווי צו דער מעלוכע — מ. וו.), וואָס
דאַרפ זיי (די ייִדנ—מ. וו.) געבנ גנאָד אונ זייַנ צו זיי פריַינטלעכ, זיי צו
געבנ רעכט אונ א לעבנס-באַזע, וואָס אַזויאַרומ וועלנ זיי קאָנענ נוצנ
זייער לאַנד מיט זייער בילדונג אונ פייִקייַטנ, אונ וועלנ אַזויאַרומ אויכ
געפינענ דערנערונג דורכ דער מי פונ זייערע הענט" („עין משפט", ז. 27).
עס איז דעריבער ניט קיינ וווּנדער אויב זייַנ קריטיק פונ די „אינ־
ערלעכע פאַרהעלטענישנ" ווערט — סאָפּקאָלסאָפּ איבער זייַנ פּאָליטישער ליבע-
ראַלישקייַט — באַגרענעצט „לויט די פּאַסיקע מיטלענ אונ לויט די אָנשוויונגענ פונ
די ייִדנ", פונ די אָפּגעשטאַנענע קליינבירגערלעכע פאַופעריזירטע שטעטל-
דיקע מאַסנ. וואָרעמ מענדעלע איז אפילע אינ זייַנ בעסטנ פעריִאָד, אינ
די 60־ער אונ 70־ער יאָרנ, פאָרט ניט מער געווענ, ווי א פּאָלקיסטיש-באַ-
ווירקטער דעמאָקראַטישער ליבעראַל מיט אויפקלערערישע טראַדיציעס, א
פאָרשטייער פונ פאַרצווייפלט פאַופעריזירטע, אָבער ביז גאָר אָפּגעשטאַ־
נענע אונ לויט זייער סאָציִאַלער נאַטור גאָר ווייניק אופּרייַסערישע שטעטל-
דיקע קליינבירגערלעכע מאַסנ.

## 1

ביז צו פּאָליטישן דעמאָקראַטישן קאַמף דערגייט מענדעלע קײנמאָל ניט, דעריבער קומט ער אין זײַנע דעמאַסקירנדיקע אַרויסטרעטונגען קעגן דער גווירימשאַפט זייער גיך אָן צו אַ טעמפּן ווינקל. מיט דער „טאַקסע" (1869) איז זײַן צעוויקלטע אַרויסטרעטונג קעגן דער פעאָדאַלישער פּלוטאָקראַטיע פאַרענדיקט. קאָנסעקווענט ווײַטער פירן די דאָזיקע ליניע האָט באַטײַט אַריבערגיין פון דער אָנקלאָגערישער דעמאַסקירונג — צו פּאָליטישן דעמאָקראַטישן קאַמף. דער דאָזיקער וועג איז אָבער פאַרן דעמאָקראַטישן ליבעראַל געווען פאַרמעדט. סטאַם ווײַטער פירן די דעמאַסקירונג אָן קאָנסעקווענטע אויספירן האָט ניט געהאַט קײן זין. אין דער ווירקונג פון דער דאָזיקער דעמאַסקירנדיקער „אויפקלערונג" אָפּ דער גווירימשאַפט גופע — און אַזאַ נאַיווע האָפענונג האָט מענדעלע דאָך פריער אַמאָל געהאַט — האָט זיך מענדעלע אַנטוישט. שליסט ער איבער זײַן הויפּט-אויפמערקזאַמקײַט אַוועק פון דער קריטיקירטער פעאָדאַלישער גווירימשאַפט און קערעוועט זי צו די עקספּלואַטירטע און פאַראָרעמטע מאַסן גופע. דער אָנגריף אָפּ דער גווירימשאַפט איז אויסזיכטלאָז — קאָנצענטרירט ער איצט זײַן שאַפן, ערשטנס, אָפּ „זעלבסטקריטיק" פון די אונטערדריקטע מאַסן גופע, קעדיי זיי צו „פאַרפולקומען" און אַזויאַרום זיי רײַף צו מאַכן פאַר אַן „עמאַנסיפּאַציע", וואָס דאַרף, אַזוי צו זאָגן, דורך דער זעלבסטפאַרבעסערונג מעמיילע און אַלײַן פון זיך קומען, און, צווייטנס, אָפּ אַפּאָלאָגעטיש-סאַנטימענטאַלער באַרעכטיקונג פון די מאַסן, וואָס דאַרף אויפהייבן זייער ווערט סײַ בײַ די העכערע קלאַסן סײַ בײַ דער מעלוכע און צוגעבן די דאָזיקע מאַסן ווערדע אין זייערע אייגענע אויגן. קורץ: מענדעלע שטעלט איצט דעם הויפּט-טראָפ ניט ווי פריער אָפּ קעמפערישע אַרויסטרעטונגען, נאָר אָפּ דער אַנטוישט-פּאַסיוויסטישער פאָדערונג פון זעלבסטפאַרפולקומונג, קעדיי אַזויאַרום צו דערלאַנגען אָפּ אַ ספּאָנטאַנעם אויפן דאָס, וואָס איז אײַנעמעסן געווען דערגרייכבאַר נאָר דורך רעוואָלוציאָנער-דעמאָקראַטישן קאַמף.

דעמ דאָזיקנ וועג באטרעט מענדעלע מיט זײַנ ווערק „פישקע דער קרומער“ אינ יאָר 1869, אינעמ זעלבנ יאָר, אינ וועלכנ עס איז דערשינענ זײַנ „טאקסע“. מיט „פישקע“ הייבט זיכ אָנ, הייסט עס, א נײַער, דער צווייטער אָפשניט אינ זײַנ צווייטנ פעריאָד, וואָס ציט זיכ ביז 1879. אינ „פישקע“ פארקלײַבט זיכ „דער גײַסט פונ זײַנ פּאָעזיע“ בוכשטעבלעכ אונטער „פארפוילטע שמאטעס, אינ וועלכע עס וויקלענ זיכ אײַנ אָרעמעלײַט“. זײַנ פאָלק־ליבע ווענדט זיכ צו דער טעמע „פאראָרעמטע מאסע“—„טאָרבע“—אפ א גראָטעסק-היפּערבאָלישנ אופנ, אויסקלײַבנדיק פאר טרעגער פונ דער דערציילונג דעמ סאמע אָרעמסטנ, פארפוירנסטנ אונ לומפּישנ טייל פונ דער אָרעמשאפט — בעטלער. דער דאָזיקער פיגורנ־אָפּקלײַב איז א רעזולטאט פונ די סאנטימענטאל-אפּאָלאָגעטישע עלעמענטנ אינ זײַנ שטעלונג צו דער אָרעמשאפט. ער וויל דערמיט באווײַזנ די ווערדע אינ מענטשלעכקײַט אפילע פונ די סאמע אָרעמסטע. אינ „דאָס קליינע מענטשעלע“ אונ „טאקסע“ באווײַזט ער די אומענטשלעכקײַט פונעמ גוויר, — אינ „פישקע“ (אונ אינ א באשטימטער מאָס אויכ אינ „מאסאָעס“) דעקט ער אופ די נויט אונ מ ע נ ט ש ל ע כ ק ײַ ט פונ דער אָרעמשאפט אפ א היפּערבאָלישנ שטייגער — בא די סאמע אָרעמסטע פונ די אָרעמע, קעדיי אזויארומ אפ א גוזמעדיקנ אופנ צו „פארטיידיקנ“ די אָרעמשאפט ביכלאל. דערינ קומט אויכ צומ אויסדרוק די טאטזאכ, אז זייער א גרויסער טייל פונ דער קליינבירגערלעכער שטעטלדיקער מאסע איז באשטאנענ פונ דעקלאסירטע לומפּנ אונ פּאופּערס. די דאָזיקע טאטזאכ ווערט אינ „פישקע“ דערפירט צו א סימבאָלישער היפּערבאָל, וואָס דערגייט דאנ אינ דער „קליאטשע“ ביז צו אויסגעשפּראָכענער אלעגאָרישקײַט.

אכוץ דער זעלבסטבארעכטיקונג פונ דער קליינבירגערלעכער מאסע איז אָבער מענדעלע אינ יענעמ פעריאָד ניט ווייניקער אויסנ די זעלבסטפארפולקומונג פונ דער דאָזיקער מאסע. די א ו פ ק ל ע ר ע ר י ש ע געזעלשאפט-קריטישע עלעמענטנ אינ זײַנ אידעאָלאָגישער אָנצילונג דערלויבנ אימ ניט דערפירנ די בארעכטיקונג ביז צו א י ד ע א ל י ז א צ י ע. מענדעלע מאכט פונ זײַנע אונטערדריקטע אָרעמע אונ בעטלערס ניט קיינ אידעאליזירטע „גייערס“ אונ ניט קיינ פלאטאָנ קאראטײַעווס. ער שטראָפט זיי מיט בייזקײַט בא זײַנ גאנצער פאָלק-ליבע. ער באווײַזט זיי אפ אנ אָנראכמאָנעסדיקנ אופנ אינ גאנצנ „גלאנצ“ פונ זייער אָפּגעשטאנענקײַט, ווילדקײַט אונ טעמפּער נארישקײַט. ער שטרײַכט אונטער די נויט אונ מענטשלעכקײַט פונ די אונטערדריקטע אונ אָרעמע שיכטנ קליינבירגערטומ, ער דעמאסקירט אָבער מיט שארפקײַט זייער פארווילדערטע שטײַגערישע אָפּגעשטאנענקײַט. דער ביז גאָר פארשטארקטער ווידערשפּרוכ צווישנ סאנטימענטאלער בארעכ-

טיקונג און אָנראַכמאָנעסדיקער קריטיק — דאָס איז דער באָדנ פאַר די גראָטעסקע שטריכנ, וואָס באַווײַזנ זיכ אינ מענדעלעס שאַפנ זײַט דעמ צווייטנ אָפשניט אינ צווייטנ פעריאָד.

דער „פישקע" פונ 1869 איז, פאַרשטייט זיכ, נאָכ ווײַט ניט דאָס מײַסטער-ווערק, וואָס פונ דעמ בוכ איז געוואָרנ אינ דער איבעראַרבעטונג אינ יאָר 1888. די אומגעווײנלעכ סוגעסטיווע שטאַרקע בילדער פונ פיגורנ, לעבנ אונ שטייגער פונ דער אָרעמסטער אָרעמקײַט, די בילדער, וואָס אַסאָציִירנ זיכ, פונ איינ זײַט, מיטנ גראָטעסק פונעמ פלאַמאַנדישנ פויערימ־מאָלער ברויגל, אונ וואָס דערמאָנענ, פונ דער אַנדערער זײַט, אַפ עפעס אַ באַשטימטנ אויפנ דעמ פאַטעטישנ, וואַרעמענ טיפ־מענטשלעכנ רעאַליזמ אינעמ מאָל-שטייגער פונעמ גרויסנ רעמבראַנדט, זײַנענ אינעמ ערשטנ וואַריִאַנט נאָכ ווייניק אַנטוויקלט.

זיי זײַנענ שוינ אָבער אינ דעמ דאָזיקנ ערשטנ וואַריִאַנט עמבריִאָנעל פאַראַנ. מענדעלע האָט די דאָזיקע בילדער אינ יאָר 1888 בלויז אַפ אַ רײַפנ געניט־מײַסטעריִשנ אויפנ צעוויקלט. דער איקער באַטײַט פונ מענדעלעס אינ זײַנ לעצטנ פעריאָד באַשטייט טאַקע אינ דעמ, וואָס ער איז, ניט געקוקט אַפ זײַנ געענדערטער וועלט-אָנשויונג, פאָרט נאָכ פײַיִק געווענ צו אַנטוויקלענ אונ אויסצוברייטערנ זײַנע פריִערדיקע טעמעס, כאָטש טאַקע מיט באַשטימטע אַנטשפּרעכנדיקע נײַע אונ אַפילע ווידערשפּרעכלעכע צוגאָבנ, אָבער פאָרט גלײַכצײַטיק אויכ אינ אַ גרויסער מאָס אַנטשפּרעכנדיקע צו .דער פריִערדיקער אײַנשטעלונג; דאָס, וואָס די קראַפט אונ רעאַלקײַט פונ זײַנע בילדער האָט אײַנגענומענ אונ גריווער געווענ זײַנע נײַע בײַוווסטזיניקע טענדענצנ. דעריבער קאָנענ מיר געפינענ אינ זײַנ שפּעטערדיקער איבעראַרבעטונג פונ „פישקע" וועזנטלעכע דערקלערונגענ פאַר באַשטימטע מאָמענטנ אינעמ ערשטנ „פישקע"־וואַריִאַנט.

אינ „פישקע" האָט מענדעלע אַפ אַ מאָנומענטאַל-באַראָקנ [1] אונ דערבײַ שטאַרק רעאַליסטישנ אויפנ געמאָלט בילדער פונ דער נויט. ער האָט דעמ טאָרבע־סימבאָל מיט קראַפטפולער קונסט אוועקגעשטעלט קימאַט אַלס עפעס מאַכטיקס אונ אייביקס. ס'פילט זיכ דאָ דעריבער אַ פאַטאַליסטישע פאַרמישפּעטקײַט פונ די פיגורנ, עפעס „גוירלדיקס". דאָס ווערק איז דורכגענומענ מיט טיפנ פעסימיזמ. די שטאַרקע בילדער צעטרייסלענ דעמ לייענער מיט זייער סוגעסטיווער רעאַליסטישקײַט, דערבײַ אָבער אויכ מיט

1 ס'איז אַנ אומזינ צו זענ אינ באַראָקאָ אַפ אַנ אומדיאַלעקטישנ אויפ: בלויז צעפאַלונג־דערשײַנונגענ אונ צו איגנאָרירנ דעמ איבערשטראָמענדיקנ רײַכנ קויעכ פונעמ נײַעמ קלאַס, וואָס האָט זיכ דאָ מאַניפעסטירט. ס'וועט גענוג זײַנ צו דערמאָנענ, אַז דער גרויסער רעמבראַנדט איז געווענ אַ באַראָקאָ־קינסטלער אונ אַז עס פעלנ ניט קיינ באַראָקאָ-עלעמענטנ אַלס וועזנטלעכע באַשטאַנד-טיילנ בא גאָר גרויסע רעאַליסטנ אינ דער ליטעראַטור אונ קונסט פונ דער יערושע.

זייער פאַרוואָלקנטער אויסזיכטלאָזיקײַט. ניט װענדיק קײנ שום האָפענונגענ, האָט זיכ דאָ מענדעלע געראַטעוועט מיט סאַנטימענטאַליזם, וואָס דערגייט אָפטמאָל ביז צו באַנאַלער וואָלוולקײַט. דערמיט זײַנענ פאַרבונדנ די ריזיקע קינסטלערישע דורכפאַלנ אינ דעמ דאָזיקנ ביז גאָר באַדײַטנדיקנ ווערק.

אינ די קראַפטפולע בילדער פונ אומשולדיק שווײַגנדיקנ לײַדנ אַנט-האַלט דאָס ווערק אַ מעכטיקנ אויסדרוק פונ פּראָטעסט, דערבײַ אָבער אויכ אַ פאַרצווייפלטע ביטערקײַט, אויסזיכטלאָזנ פעסימיזם. דאָס זײַנענ די גרויסע מײַלעס אונ כעסרוינעס פונ דעמ בוכ. די דאָזיקע שטריכנ געפינענ זיכ שוינ דײַטלעכ אויכ אינעמ וואַריאַנט פונ 1869 פאָרגעצייכנט. דער געזעל-שאַפטלעכער פעסימיזם איז אָבער אַ נײַער טאָנ אינ מענדעלעס שאַפנ.

# 2

ס׳זײַנענ אַריבער עטלעכע יאָר זײַט דעמ דערשײַנענ פונ דער „טאַקסע“, וואָס איז ביז גאָר פּאָפּולער געוואָרנ בײַ די ברייטסטע מאַסנ. אָבער די אַנטוויקלונג אינ דער ווירקונג פונ זײַנ געזעלשאַפט-קריטיק האָט זיכ בײַ מענדעלענ ניט פאַרמינערט, וואָרעמ ס׳זײַנענ נאָכ צוגעקומענ שטימונגענ פונ אַנטוישונג אינ דער צאַרישער מעלוכע, פונ וועלכער ער האָט פריִער אַזויפיל געהאָפט. ס׳איז שוינ אַריבער העכער אַ יאָרצענדליק זײַט דער פויערימ-„רעפאָרמ“, אָבער קײנ פאַרבעסערונג אינ דער לאַגע פונ די שטעטלדיקע קלײנבירגערלעכע מאַסנ האָט זיכ דערפונ ניט געפילט, פאַרקערט, די נאָכ-רעפאָרמישע נײַע פאַרשקלאַפונג פונ פויערטומ האָט זיכ נאָכ פאַרערגערנדיק אָפגערופנ אַפ דער עקאָנאָמישער אונ פּאָליטישער לאַגע פונ די שטעטל-דיקע ייִדישע מאַסנ.

קײנ שום רעכט אינ דער ריכטונג פונ „עמאַנסיפּאַציע“ — ווי מענדעלע האָט דאָס פריִער באַגלײַכ מיט דער בורזשואַזער אינטעליגענצ געהאָפט — האָט די דאָזיקע שטעטלדיקע אָרעמע מאַסע ניט באַקומענ. פאַרקערט: אויב די צאַרישע מעלוכע האָט פאַר די רײַכע ייִדישע בירגער אויסגעברייטערט זייערע רעכט אונ זיי צוגעגעבנ באַשטימטע פּריווילעגיעס — האָט זי די רעכט פונ די פאַראָרעמטע מאַסנ אינ וועזנטלעכע טײלנ נאָכ מער פאַרשמעלערט. מענ-דעלעס פּאַטריאָטישע לאָיאַליטעט הייבט זיכ אָנ צו וואַקלענ. פּראָנדיאָריש-קײַט צו דער מעלוכע איז אינ טאָכ ניט מענדעלעס זאַכ, פאַרקערעוועט זיכ זײַנ ביטערקײַט אונ טאַרומעס צוריק אַפ אינעווייניק צו אונ ס׳אַנטבלויזט זיכ אינ זײַנ שאַפנ דער קלײנבירגערלעכער נאַציאָנאַליזמ לויט דער נײַער. פאָרמאַ-ציע. דאָס איז די פאָרמ פונ זײַנ פּראָטעסט איבער דער אַנטוישונג. ס׳ליגט אינ דער טעווע פונ דעמ קלײנבירגער אַלס אַזעלכנ צו ענטפערנ אַפ סאָציאַלער אונטער-

דריקונג מיט א פארשטארקונג פונ זײַנ שאָוויניזמ אונ נאציאָנאליסטיש באַפארבנטער רעליגיעזקײַט[1]. זײַט זײַנ בוכ „די קליאטשע“ (1873) פארדײַטלעכנ זיכ אלצ מער אונ שטארקער די נאציאָנאליסטישע מאָמענטנ אינ מענדעלעס אידעאָלאָגיע.

אויכ אינ דער „קליאטשע“ געפינענ מיר די אָנצילונג, וואָס מיר האָבנ פעסטגעשטעלט אינ „פישקע“: „זעלבסטקריטיק“ אונ באַרעכטיקונג פינ די מאסנ. מענדעלע מאכט דאָ אפילע א טריט ווײַטער: ער באמיט זיכ צו עפענענ די אויגנ פונ דער מאסע אפ איר נויט אונ אפ איר רעכט צו „עמאנסיפאציע“. ער קלערט זי אופ איבער איר ראָליע אלס „קליאטשע“. ער דערגייט אפילע צו איראָנישע אָנפאלנ אפ די „פאנסקע צאפעס אונ טאבונעס פערד“. ניט אומזיסט האָט די צארישע צענזור פארבאָטנ דאָס דערשײַנענ פונ דער רוסישער איבערזעצונג פונ דער „קליאטשע“ טייקעפ נאָכ די ערשטע פאָרזעצונגענ — כאָטש מע דארפ די באדײַטונג פונ דעמ דאָזיקנ פאקט ניט איבערשאצנ. מענדעלעס פאָליטישע פאָדערונגענ האָבנ אָבער פאָרט אלס פאָרהאנאָכע — לאָיאליטעט צו דער מעלוכע, אונ ניט דעמאָקראטישנ קאמפ קעגנ איר; סאכאקל איז דאָס בלויז א פרווו פונ ליבעראלנ דרוק אפ דער מעלוכע. די נאציאָנאלע באגרענעצטקײַט, וואָס פארטונקלט דעמ סאָציאלנ מעהוס פונ דער פראגע, פירט דערצו, אז די עלעמענטנ פונ פראָנדע אינ דער דאָזיקער ארויסטרעטונג דריקנ זיכ אויס אפ א נאציאָנאל־באגרענעצטנ אויפנ אונ טעמפנ אָפ איר פאָרשריטלעכע ווירקונג. די מעלוכע בלײַבט סאָפקאָלסאָפ ניט אָנגערירט. ס'איז א נאציאָנאלע טײַנע פונ א פאָלק צו אנדערע פעלקער, די מעלוכע, וואָס באהערשט זיי, ווערט ניט אָנגערירט. דעריבער איז „די קליאטשע“ אינ א שפעטערנ פעריאָד לײַכט אונ נאטירלעכ אײַנגעאָרדנט געוואָרנ אינעמ ליטעראַרישנ שטראָמ פונעמ נײַ־אופגעקומענעמ נאציאָנאליזמ. דעריבער האָבנ שפעטער די ציָעניסטנ דאָס דאָזיקע בוכ געקאָנט באטראכטנ אלס א קאמפ־בוכ פאר זייערע אידייענ, אלס א הויכ־פונקט פונ דער קעמפעריש־נאציאָנאליסטישער ליטעראטור. אונ טאקע דעריבער איז דאָס דאָזיקע ווערק, טראָצ זײַנע ראדיקאלע עלעמענטנ, טראָצ דער גערעכטיקײַט אונ פאָרשריטלעכקײַט פונ די נאציאָנאלע טײַנעס,

---

1 יִסראָליק, דער רעזאָנער אינ דער „קליאטשע“, וועלכער שטעלט מיט זיכ פאָר אנ אלע־גאָרישע פארקערפערונג פונעמ „נאציאָנאלנ באוווסטזײַנ“, זאָגט צו זײַנ מוטער:

„איכ לעב אונ וויל לעבנ, עס גלוסט זיכ מיר ארויסגייִנ פונ דער ענגשאפט אונ לעבנ מיט לײַטנ גלײַכ אינ גאָטס גרויסער וועלט, טאָנ, וואָס נאָר מעגלעכ איז, אז דאָס יִדישקײַט זאָל מיר נישט שאטנ אונ די לאגע מײַנע צו פארבעסערנ“. די מוטער זײַנע — אזוי צו זאָגנ, די קנעסעס יִסראָעל — ווײַזט ארויס באומרויִקונג וועגנ זײַנ יִדישקײַט, יִסראָליק אָבער פארזיכערט זי: „יִסראָליק דײַנ זונ איז יִסראָעל אונ יִסראָליק וועט ער פארבלײַבנ אפ אייביק“.

וואָס קומענ אינ אים צום אויסדרוק, ניט אויפגענומענע געוואָרנ פונ די ראַדיקאַלערע אָדער גאָר סאָציאַליסטישע קרייזנ זייט די 80־ער יאָרנ אונ שפּעטער מיט יענער באַגייסטערונג אונ מיט יענער פאַרשטענדעניש, ווי אינ די נאַציאָנאַליסטישע קרייזנ. יעדנפאַלס איז א באַגייסטערטע באַציִונג צו דעם דאָזיקנ בוכ מיצאַד די סאָציאַליסטישע אונ פאָרשריטלעכע קרייזנ ניט באַוווּסט. די „קליאַטשע" סימבאָליזירט די גאַנצע קנעסעס־יִסראָעל, וואָס איז אינעמעסנ א „פאַרקישעפטער פּרינצ" („לסוסתי ברכבי פּרעה" — די קנעסעס־יִסראָעל — דאָס יִדישע פאָלק!). מענדעלע דער קעמפער קעגנ „היסטאָרישנ יִדנטום" – ווערט דאָ אַפּ א באַשטימטנ אויפנ גלייכצייטיק אונ ווידערשפּרעכיק אויכ אנ אויפבויער פונ „היסטאָרישנ יִדנטום".

ער שרייבט (1875) זיינ קלעריקאַל־שאָוויניסטישע פּאָעמע „דאָס יִדל" אַפּ צו באַווייזנ דעם היסטאָרישנ „יִכעס" פונ יִדישנ פאָלק. ער וויל אַפּ אזא נאַיִוו-רעאַקציאָנערנ אויפנ העכערנ די נאַציאָנאַלע זעלבסטווערדע אונ פאַרשטאַרקנ די באַרעכטיקונג פונ דער פאָדערונג אַפּ „עמאַנסיפּאַציע". אינ דער זעלבער צייט דערשיינענ זיינע רעליגיעזע ביכער „זמירעס" אונ „פּיירעק שירע". ס׳איז באַקאַנט, אז מענדעלע האָט צו יענער צייט אויכ איבערגעזעצט אַפּ יִדיש טיילנ פונ טילים אונ זיכ געקליבנ איבערזעצנ דעם „קרבן מנחה".

אזוי האָט זיכ דאָ זיינ „פאָלקס-ליבע" אויסגעדריקט אַפּ א רעאַקציאָנערנ, קלעריקאַליש־נאַציאָנאַליסטישנ אויפנ. דאָס שטרעבנ צו באַרעכטיקנ די מאַסנ דורכ זייער „פאַרפאָלקומונג" גייט אריבער אַפּ קלעריקאַל-נאַציאָנאַליסטישע רעלסנ; אונ ער פּרוּווט צו העלפנ דער „אינערלעכער עמאַנסיפּאַציע" פונ די מאַסנ דורכ „געלייטערטע איבערזעצונגענ" פונ די „בעסטע זאַכנ" אינ דער „טראַדיציאָנעלער ליטעראַטור". גראָד דעמלט, ווענ ער שטרייכט מער ווי שטענדיק אונטער די פאָדערונג פונ בירגערלעכע פּאָליטישע רעכט, דעמלט ווענ ער שטויסט זיכ דירעקט אָנ אַפּ דער פּאָליטישער אָרדענונג פונ צאַרישנ זעלבסטהערשעריש־גוטבאַזיצערישנ רעזשים — גראָד דעמלט מוזנ זיכ, איבער דער נאַציאָנאַלער באַגרענעצונג פונ זיינ אידעאָלאָגיע, אַפּנ נאַקעטסטנ אויפנ אַנטבלויזנ די אָפּגעשטאַנענע עלעמענטנ פונ זיינ וועלטאָנשויונג. אזעלכע א נ ט ב ל ו י ז ט-קלעריקאַלישע ווערק, ווי אינ 1875 („דאָס יִדל", „זמירעס", „פּיירעק שירע"), האָט דאָכ מענדעלע אפילע שפּעטער, אינעם פּעריאָד זייט די 80-ער יאָרנ, שוינ קיינמאָל ניט מער פאַרעפנטלעכט. אונ דאָס איז אַפּנ ענגסטנ אויפנ פאַרבונדנ גראָד מיט זיינ באַטאָנענ די פּאָליטישע פאָדערונגענ, וואָס איז דעמלט בא אים שאַרפער געקומענ צום אויסדרוק איידער ווענ־ס׳ניט־איז פריִער אָדער שפּעטער. די אַבסורדישקייט פונ דעם דאָזיקנ גאַנג מענדעלעס איז געווענ אזוי בולטע אונ אויפאַלנ-



מענדעלע אין יאָר 1884

דיק, אז דאָס האָט געמוזט ארויסרופנ אומצופרידנקײַט אונ שארפע קריטיק בא די מער „פלעבייִשע" קלײנבירגערלעכע שרײַבער, ווי, לעמאָשל, בא לינעצקינ.

פונ דער דאָזיקער טיפער אידעאָלאָגישער אונ קינסטלערישער יערידע הייבט זיכ מענדעלע ארויס ערשט דעמלט, ווענ ער ווענדט זיכ ווידער צו דער געזעלשאפט-קריטיק, — אינ זײַנ מײַסטער-ווערק „מאסאָעס" (1878) אונ אינ דעם נײַעם גאָר באדײַטנדיק איבערגעארבעטנ ווארִיאנט פונ „דאָס קלײנע מענטשעלע" (1879). כאָטש די געזעלשאפט-קריטיק באגרענעצט זיכ דאָ דאפקע מיט די „אינוויינִיקסטע" ראמענ אונ גייט ניט ארויס ביז צו פאָליטישע טײַנעס (ווי אינ דער „קליאטשע") — קאָנ ער אָבער גראָד דאָ זײַנ אויסגעהאלטענער, ווײַל זײַנ בליק ווערט גראָד דאָ ניט אזוי פארטונקלט פונ נאציאָנאליזמ, ווי שטענדיק אינ יענע פאלנ, ווענ ער שטויסט זיכ צונויפ מיט דער אלגעמיינער פראגע פונ דער פאָליטישער אָרדענונג. גראָד דאָ, אינ־וויינִיק, אינ די „נאציאָנאלע" ראמענ, איז מענדעלע פרײַער, קאָנסעקווענטער, פאָרשריטלעכער אונ שארפזיכטיקער. גראָד דאָ פאלט אָפ אינ א גאָר היפּ־שער מאָס זײַנ נאציאָנאלע אײַנגעגרענעצטקײַט, גראָד דאָ קאָנ ער זיכ באַ־ווײַזנ אלס דער שארפער באקעמפער פונ „היסטאָרישנ ייִדנטומ", פונ ז'ער היס־טאָרישער פעאָדאלישער אָפגעשטאנענקײַט. דאָ האָט אימ זײַנ געמעסיקטער פאָליטישער ליבעראליזמ ניט געשטעלט אזעלכע שווערע שטערונגענ אונ גרענעצנ, ווי דאָרט, ווו ער רירט זיכ צו צו פראגנ, וואָס זײַנענ דירעקט אפנ ענגסטנ אויפנ פארבונדנ מיט די אלגעמיינע פאָליטישע באדינגונגענ. דאָ האָט מענדעלע געקאָנט ארויסווײַזנ דעם מאקסימומ פאָרשריטלעכקײַט, צו וועלכער ער איז פייִק געווענ.

### 3

די נאציאָנאליסטישע עלעמענטנ זײַנענ ניט קיינ צופעליקע אָדער צײַט־ווײַליקע אינ מענדעלעס קלײנבירגערלעכער אידעאָלאָגיע, זיי געהערנ צו אירע וועזנטלעכע זײַטנ, אונ פארשטארקנ זיכ בלויז, קומענ דײַט־לעכער צומ אויסדרוק אינ באשטימטע צײַטנ. געזעלשאפט-קריטישער אָנ־גריפ קעגנ די פעאָדאלישע רעשטנ אונ געזעלשאפט-בארעכטיקנדיקע מער אָדער וויינִיקער נאציאָנאליסטיש-געשטימטע אפאָלאָגיע — זײַנענ צוויי וועזנטלעכע זײַטנ פונ מענדעלעס אידעאָלאָגיע. פאָרשריטלעכ אינעמ נעגירנדיקנ — אונ אָפגעשטאנענ אינעמ פאָזיטיוונ טייל, ווײַל דאָס סאָציאלע שטרעבנ פונ יענע קלײנבירגערלעכע שיכטנ, וועלכע מענדעלע דריקט אויס, קאָנ לויט דער אייגנטלעכסטער טעווע פונ די דאָזיקע שיכטנ אלס אזעלכע (דאָס הייסט, אָנ א פארבינדונג מיט פאָרשריטלעכערע קלאסנ) צו יענער

צײַט אונ בא יענע באדינגונגענ — זײַנ עמעסדיק פאָרשריטלעכ נאָר אינעם נעגאטיוונ טייל.

דעריבער איז דאָס לאכלוטנ ניט איבעראשנדיק, אז נאָכ דעם ציקל נאציאָנאליסטישער אונ קלעריקאלישער אפּאָלאָגעטיק, וואָס שליסט איינ אינ אירע באשטרעבונגענ די „פארפולקומונג" פונ די מאסנ אויכ דורכ פארטײַטשנ די „אויצרעס פונ רעליגיע" פאר פרויענ, מיידלעכ אונ ברייטסטע מאסנ — קומט טייקעף אזא ווערק ווי „מאסאָעס", די סאמע שארפסטע, סאמע מײַסטערישע אונ אויסגעהאלטנסטע סאטירע מענדעלעס, דער שטארקסטער דאָקומענט פונ דער געזעלשאפטלעכער קריטיק אונ „זעלבסטקריטיק" פונ די אָפּגעשטאנענע פאראָרעמטע מאסנ, די בײַסיקסטע אונ שלאָגקרעפטיקסטע דעמאסקירונג פונ גאנצנ מיטלאלטערלעכנ פאריפּעשטנ שטייגער, קורצ, פונ גאנצנ „היסטאָרישנ יידנטום". די גאנצע סאָציאלע פארביטערטקײַט אונ בונטארישקײַט, וואָס האָט זיכ אָנגעזאמלט אינ מענדעלענ, האָט זיכ מיט אימפּעט קאָנצענטרירט אפ דער קריטיק פונ „אינווייניק". פונדאנענ שטאמט די אופרײַסערישע קראפט פונ דעם בוכ. קעגנ דעם „אויסווייניקסטנ" פאָליטישנ רעזשים האָט מענדעלע ניט געוואָלט קעמפנ, אונ אלס רעזולטאט פונ דעם — אויכ ניט קעגנ די סאמע לעצטע „גרונט־זײַלנ" פונ „אינווייניקסטנ" רעזשים (פונ דער רעליגיע), האָט זיכ דאָ זײַנ קעמפערישקײַט קאָנצענטרירט אפ דעם סאָציאלשטייגערישנ „אינווייניקסטנ" רעזשים, אז זי האָט סאָפּקאָלסאָפּ אומדירעקט — אלציינס צי מיט, אָדער קעגנ זײַנ מיינ — געמוזט ווירקנ אלס אָנקלאָגנדיקער אָנגריף סײַ אפ די סאמע לעצטע „גרונט־זײַלנ" פונ „אינווייניקסטנ" רעזשים (פונ דער „רעליגיע") אונ סײַ אפ דעם פּאָליטישנ רעזשים.

ענגעלס זאָגט: „וואָס אָנראכמאָנעסדיקער („ריקזיכטלאָזער") אונ אָנפּניעסדיקער („אונבעפאנגענער") די ווּיסנשאפט גייט פאָר (ענגעלס מיינט דאָ די ביזפּראָלעטארישע ווּיסנשאפט — מ. וו.), אלצ מער איז זי אינ איינקלאנג מיט די אינטערעסנ אונ שטרעבונגענ פונ די ארבעטער". דאָס האָט אָבער אָנ סאָפעק א שײַכעס ניט נאָר צו ווּיסנשאפט, נאָר אויכ צו קינסטלערישע בילדער. אפ וויפל קינסטלערישע שילדערונגענ פונ דער ליטערארישער יערושע זײַנענ „ריקזיכטלאָז" אונ אָנפּניעסדיק, אפ וויפל זיי שפּיגלענ אָפּ די עמעסע ווירקלעכקײַט, אפ אזויפיל שטייענ זיי אינ איינקלאנג מיט די אינטערעסנ אונ שטרעבונגענ פונ די ארבעטער, אפ אזויפיל זײַנענ זיי ביכלאל פאָרשריטלעכ. „מאסאָעס" האָט זיכ אינ א גאָר באַדײַטנדיקער מאָס „אָנראכמאָנעסדיקײַט" אונ „אָנפּניעסדיקײַט", דעריבער איז דאָס סאָפּקאָלסאָפּ אונ אָביעקטיוו א ביז גאָר שטארק קאמפבוכ — אלציינס ווי ווײַט דאָס איז געווענ מענדעלעס באוווסטזיניקע קא־

וואָנע צי ניט — קעגן דעם גאַנצן „היסטאָרישן ייִדנטום״, קעגן אַלע זײַנע „גרונט־זײַלן״ און קעגן דעם גאַנצן „טראַדיציאָנעלן לעבנשטייגער״, און באַג־לײַכ דערמיט א גאָר טיפע אָנקלאָג קעגן דעם זעלבסטהערשערישן פעאָדאַליש־גוטבאַזיצערישן רעזשים פונעם צאַרישן רוסלאַנד.

## 4

„מאַסאָעס״ איז אין דער גאַנצער ייִדישער ביזאָקטיאַבערישער ליטע־ראַטור די סאַמע שאַרפסטע, טרעפלעכסטע און מײַסטערישסטע סאַטירע אפן אָפּגעשטאַנענעם שטייגער פון די שטעטלדיקע מאַסן. די דאָזיקע סאַטירע שטייט סײַ אידעאָלאָגיש סײַ קינסטלעריש אומפאַרגלײַכלעך העכער ווי, לע־מאָשל, לינעצקיס „דאָס פּוילישע ייִנגל״, וואָס איז ארויס פון דרוק מיט עלף יאָר פריִער (1867—1868). דאָרט גייט דער אָנגריף דעריקער קעגן כאַ־סידיש־קלעריקאַלן שטייגער, דאָ קעגן דער גאַנצער פאַרווילדערטקייט, אָפּגע־פרעמדטקייט פון דער ווירקלעכקייט, איזאָלירטקייט פון דער וועלט און פון דער גאַנצער ניט־ייִדישער סוויווע, קורץ קעגן דער גאַנצער שטעטלדיקער „אידיִאָטיע״ פון די אָפּגעשטאַנענע מאַסן אינעם ברייטסטן שטייגערישן פאַרנעם, ביז אין דער סאַמע אינטימסטער טיף פונעם טאָג־טעגלעכן שטייגער. בא לי־נעצקין גייט די קריטיק אין דער פאָרם פון א טאַלאַנטירט אופגעבויטער כראָנאָלאָגישער ביִאָגראַפיע — סאָפקאָלסאָפּ א געניג פּראָסטע ליטעראַרישע מאַניר, וואָס גייט אף דער ליניע פון קלענסטן ווידערשטאַנד, אן איינפאַכ אָנגעשריבענער אָנקלאָגערישער „לעבנגאַנג״. אין „מאַסאָעס״ האָבן מיר א קונסטפול און טיף פאַרטראַכטע פאַבולע, מיט גלענצנדיק אײַנגעפּאַסטע אײַנ־פאַלן, וואָס שלאָגן ניט בלויז דירעקט אף דער אויבערפלעך פון שטייגער, אף איין ליניע, גראָד און אף איין זײַט, נאָר אויכ אומדירעקט, אין דער סאַמע געדיכטעניש פון שטייגער, גלײַכצײַטיק אין די פאַרשיידנסטע ריכ־טונגען. לינעצקיס בוכ איז א גראָבלעכ-פּראָסטע קאָפּ־אַטאַקע, מענדעלעס „מאַסאָעס״ איז א קונסטפול אופגעבויטער שלאַכט־אָנגריף, וואָס נעמט זיכ קלוימערשט שלאָגן דעם סאַמע אָנגרײַפּבאַרסטן פּאָזיציע-פונקט, רינגלט אָבער דעם סוינע אינגאַנצן ארום, מאַכטפול און טיף-באַטראַכט, און ניצט אויס די סאַמע באַהאַלטנסטע, טיף-פאַרבאָרגנסטע שוואַכע פונקטן אין זײַן פּאָזיציע.

אין דעם דאָזיקן בוכ האָט מענדעלע פאַרסאַכאַקלט זײַן גאַנצע סינע און זײַן גאַנצע פאַרביטערטקייט קעגן דער מיטלאַלטערלעכער פינצטערניש, זײַן גאַנצע דערפאַרונג פונעם קאַמף, וואָס ער האָט געפירט זײַט אָנהייב 60-ער יאָרן. דאָס איז א שטאַרקער פינאַל (אכוץ דעם נאָכקלאַנג אין זײַן גרויסער איבעראַרבעטונג פון „דאָס קליינע מענטשעלע״, 1879), מיט וועלכן ער פאַר־

ענדיקט זײַנ צווייטנ פּעריאָד (פונ 1864—1879), זײַנ קעמפּערישנ פּעריאָד קעגנ די פעאָדאַלישע רעשטנ, וואָס ליגנ אַלס אָפּהאַלטנ אפנ וועג צו א נײַער קאַפּיטאַליסטיש־פאָרמירטער אָרדענונג.

אינ דעמ דאָזיקנ בוכ סומירט ער די געזעלשאַפט-קריטישע עלעמענטנ אינ זײַנ סאָציאַלער פּראָגראַמ (קעגנ די גווירישע־קאָהאָלשע אונטערדריקערס. כאַפּערס אאוו., קעגנ דער אָפּגעשטאַנענקײַט פונ די מאסנ), דעריבער איז דאָ קאָנצענטרירט דאָס פּראָגרעסיווסטע אינ מענדעלעס אידעאָלאָגיע. אונ כאָטש ס'באַווײַזט זיכ אינ דעמ בוכ אויכ די סאַנטימענטאַל־לירישע „אַפּאָלאָגעטישע באַרעכטיקונג" פונ די מאסנ, באַציט זיכ אָבער די „באַרעכטיקונג" אינ דעמ בוכ בעפּיירעש פאָרט נאָר אפ די אונטערדריקטע אָרעמע מאסנ, אונ ניט אפ „די קיטע (קלאַס — מ. וו.) כאַפּלאַפּער, סאַמע דער צימעס, וואָס געוועלטיקנ ביד רמה" (מיט אופגעהויבענער פויסט — מ. וו.), ניט אפ „די קיטע בלאַטהאַלטער"... אאוו. דאָס איז די מײַסטער־שאַפונג מענדעלעס, דאָס בוכ, אינ וועלכנ סע ווייעט א הויכ פונ עמעסער געניאַלישקײַט.

אינ „דאָס יידל", „זמירעס", „פיירעק שירע" האָט זיכ מענדעלע אראָפּגעלאָזט אינ די אָפּגעשטאַנענסטע „טיפענישנ" פונ זײַנ סאָציאַלער באַזע, אינ „מאַסאָעס" האָט ער זיכ הויכ איבער איר ארויסגעהויבנ אונ זיכ געשטעלט נעבנ די סאַמע אופגעקלערטסטע אונ פאָרשריטלעכסטע פאָרשטייער פונ דער דעמלטיקער געזעלשאַפט.

צווישנ ברייטערע מאסנ קלײנבירגערטומ איז „מאַסאָעס" געבליבנ ווייניק פּאָפּולער, אומפאַרגלײַכלעכ ווייניקער פּאָפּולער, ווי „דאָס קלײנע מענטשעלע" אָדער „די טאַקסע", „די קליאַטשע". די שטאַרקע ליטעראַרישקײַט פונ דער פאַבולע, די קאָמפּליצירטקײַט פונ דער שפּראַכ האָט דאָ אויכ מיטגעווירקט, אָבער אָנ כאָפּעק ליגט די הויפּט־סיבע פאַר דער קלענערער פּאָפּולערקײַט דערינ, וואָס „מאַסאָעס" האָט פאַר די ברייטע קלײנבירגערלעכע יידישע מאסנ פונ די רעאַקציאָנערע 80־ער יאָרנ לויט זײַנ אינווייניקסטער אָנצילונג אונ אינהאַלט געמוזט בלײַבנ ווייניק צוטריטלעכ. א עמעסדיק פולע אונ ברייטע פאַרשטענדעניש פאַר דעמ אייגנטלעכנ סאָציאַלנ אינהאַלט פונ „מאַסאָעס" איז ערשט מעגלעכ געוואָרנ דורכ אנ אינטערפּרעטאַציע פונ א רעוואָליוציאָנערנ שטאַנדפּונקט. עס איז דעריבער אויכ ניט קײנ כידעש, וואָס דער מעלוכישער יידישער טעאַטער אינ מאָסקווע, אײנע פונ די אָנצאָליקע שאַפונגענ פונ דער אָקטיאַבער-רעוואָליוציע, האָט אדאנק דער ווירקונג, וואָס קומט פונ דער אָקטיאַבער־רעוואָליוציע אונ פונ דער סאָציאַליסטישער בויונג, אדאנק דער אידעאָלאָגישער ווירקונג פונ דעמ פּראָלעטאַריאַט — געקאָנט אומפאַרגלײַכלעכ בעסער אינטערפּרעטירנ, ריכטיק טרעפנ אונ אופדעקנ דעמ אייגנטלעכנ אינהאַלט אונ מײנ פונ „מאַסאָעס" (ניט פאַרטושירנדיק דערבײַ

די סאנטימענטאל־לירישע מאָמענטנ, אפ וויפל זיי זײַנענ דאָרט פאָרט פאַראנ), איידער די הונדערטער „קריטישע" ארבעטנ אונ ארטיקלענ פונ אלע בורזשואזע אונ קליינבירגערלעכע שרײַבער. ערשט די אָקטיאבער־רעוואָליוציע האָט ענדגילטיק אָפגעראמט אלע מיסטיקע רעשטנ פונ פעאָדאליזמ — זײַנענ אונדז דעריבער אזוי קלאָר אונ פארשטענדלעכ אונ נאָענט אלע קאמפ־עלעמענטנ קעגנ אימ אויכ אינ דער ליטעראַרישער יערושע.

## 5

„מאסאָעס" איז א סאכאקל פונ מענדעלעס צווייטנ פעריאָד, דעריבער איז גראָד „מאסאָעס" דאָס איינציקע[1] צווישנ די באַדײַטנדיקסטע פּריקע דערציילערישע פראָזע־ווערק מענדעלעס, וואָס ער האָט דאָס ניט באדארפט ווידער אונ ווידעראמאָל גרינטלעכ ביז אינ טאָכ איבערארבעטנ (ווי „דאָס קליינע מענטשעלע", „דאָס ווינטשפינגערל", „פישקע"), דעריבער איז אימ דאָס ווערק געראָטנ טייקעפ פונ ערשטנ „וואָרפ". מענדעלע האָט דאָ אינ דעם ווערק אמקלאָרסטנ אונ אויסגעהאלטנסטנ באנומענ דעם מעהוס פונ זײַנ טעמע אונ אויסגעפירט די אופגאבע, וואָס ער האָט זיכ געשטעלט. סע פעלט דאָ אינגאנצנ די פראגמענטארישקײַט אונ „געשטוקעוועקײַט", וואָס איז כאראקטעריסטיש פאר באשטימטע דערציילערישע ווערק מענדעלעס פונ זײַנ שפעטנ פעריאָד — פונקט אזוי פעלט דאָ אויכ די „געקינצלטע אינטריגע", וואָס אינ „פישקע" אונ „ווינטשפינגערל" (גרויסער וואריאנט). די פאבולע אנטוויקלט זיכ שארפ אונ גלאטיק, ווי אינ א גוט־געבויטנ שוישפיל פונ אָנהייב ביז צומ סאָפ אפ א דורכויס לאָגישנ אויפנ. די אײַנגעוועבטע באטראכטונגענ אונ לירישע אָדער רעזאָנערישע „אָפנייגנ" פארבינדנ זיכ אָרגאניש מיט דער אנטוויקלונג פונ דער פאבולע. „מאסאָעס" קאָנצענטרירט אינ זיכ דעם סאָציאלנ אינהאלט פונ זײַנ גאנצנ צווייטנ פעריאָד, מענדעלע פארסאכאקלט דאָ די דערפארונג פונ דעם דאָזיקנ גאנצנ פעריאָד — ס'איז דעריבער פאר אימ ניט קיינ נײַע טעמע, נאָר די אייגנטלעכע טעמע פונ זײַנ שאפנ זײַט 1864 — 1879. די אינערלעכע (לעהייפעכ צו דער „אויסווייניקסטער" פאָליטישער) זײַט פונ די צוזאמענהאנגענ צווישנ דער עקאָנאָמישער נויט אונ דער וויסטער אָפגעשמאנעקײַט האָט ער, רעלאטיוו, אמקלאָרסטנ פארבאוווסטזיניקט, דעריבער האָט ער די דאָזיקע זײַט פונ דער געזעלשאפט־קריטיק אמקלאָרסטנ אונ טרעפלעכסטנ געבראכט צומ אויסדרוק.

[1] „די קליאטשע", וואָס ווערט באהערשט פונ אלעגאָרישנ גרונט־טאָנ, האָט זיכ ניט גענייטיקט אינ א גרונטלעכ איבערארבעטנדיקער אויסשלײַפונג פונ די אומבאַדײַטנדיקע דערציילערישע מאָמענטנ.

ער האָט קלאָר באנומענ, אז די אופגאבע איז דאָ: ארויסבראַכטע רעשטנ פונ אנ אָפּגעלעבטנ איבעשדיקנ שטייגער פונ די מאסנ, וואָס איז פארבונדנ מיט דער הערשאפט פונעמ אָפּגעלעבטנ פעאָדאַלישנ קלאַס אינ אנ איבער-גאנג-צײַט. דעריבער האָט אימ צוגעצויגנ די טעמע „דאָנ קיכאָט", וואָס האָט צו איר צײַט געדינט צו אנ אנאלאָגישער אופגאבע. דער דאָזיקער סיו-זשעט האָט מענדעלענ אינערלעכ אפּאָנעמ שוינ לאנג באשעפטיקט, זײַט דעמ אָנהייב פונ זײַנ צווייטנ פעריאָד. אינעמ ערשטנ ווארי־אנט פונ „ווינטשפינ-גערל" (1866) לייענענ מיר: „הע! פונדעסטוועגנ נעמט זיכ אזוי ניט אי-בער, האָט רעב סענדערל געשפּאסט. בא דער צײַט געפינט מענ א סאכ פערד, וואָס מע רעדט פונ זיי אינ ספאָרימ אונ אינ נײַ-צײַטונג. עט! מענ זאָגט, א גויִישער שרײַבער, איינער עפּעס לעסינג, צי עסינג, וואָס מאכט עס אויס, זאָל זײַנ עסעניג, האָט גאָר אָנגעשריבנ א לויב-ליד אפ איינעמ אנ אייזל. א דײַטשל, וואָס איכ האָב אימ פאראיאָרנ א ביסל אונטערגע-פירט, האָט מיר א גאנצנ וועג קראנק געמאכט דעמ קאָפּ עפּעס מיט סאנ-כאָ פאנכאָס אנ אייזל, וואָס שטייט באשריבנ אינ א סייפער דאָנ סקאָט, קאָט אָדער קישאָט. בא אונדז יידנ איז דאָכ פאראנ פיל בארימטע אייזל, אפילע אזעלכע, וואָס ריידנ נאָכ אלײנ..." די דאָנ-קיכאָט-טעמע האָט אפּאָ-נעמ מענדעלענ ניט צורו געלאָזט, ווײַל ער האָט געפילט די אנאלאָגישקײַט צווישנ דעמ מענאכעמ-מענדל פונ דער איבערגאנג-צײַט, וואָס פונ פעאָדא-ליזמ צו קאפּיטאליזמ — אונ דעמ „ריטער פונ דער טרויעריקער געשטאלט".

די אבסורדישקײַט אינ לאגע, אופירונג אונ שטייגער פונ די דאָנ-קיכאָטנ, פונ די „ביניאָמינס", האָט צומ טרעפלעכסטנ געקאָנט באווײַזנ ווערנ דורכ דעמ, וואָס די געזעלשאפט-קריטיק האָט זיכ אפ א שפּאס אָפּגעקערט פו-נעמ קוק אפ פאָרויס אונ זיכ קלוימערשט געשטעלט אפ דער פּאָזיציע פונ די ביניאָמינס, צו גיינ מיט ביניאָמינענ א שטיקל פונ זײַנ אומגעלומפּערטנ אבסורדנ-וועג, צו טראכטנ זײַנ אידיאָטישנ געדאנק, צו לאָזנ אימ אויס-פירנ זײַנע פאנטאסטיש-נארישע פלענער ביזנ סאָפ, אונ דאָס אלצ צו שיל-דערנ מיט רעאליסטישער דײַטלעכקײַט.

דאָ ווערט די פאנאנדערגעוויקלטע דעטאלישסטע שטייגער-קריטיק גערו-פירט ארומ אנ „אָנגרײַפּבארסטנ פּאָזיציע-פּונקט", דאָס איז די צעפויפטע טוכלע ראָמאנטיש-טרוימערישע פאסיוקײַט, וואָס האָט איר דײַטלעכסטנ אויסדרוק געפונענ אינ דער אלטער שקלאפיש-פאנטאסטישער געולע-טרייסט, מיט האָפענונגענ אפ ערעצ-ייִסראָעל, אפ מאָשיִעכנ, אפ די רויטע ייִדעלעכ אונטער די האָריי-כוישעכ אונ דעמ טײַכ סאמבאטיענ אאוו. לעבנדיק אינ א שקלאפישער סיטואציע אינ דער פעאָדאלער געזעלשאפט, טרוימענ די דאָ-זיקע אָפּגעשטאנענע מאסנ וועגנ פארשיידענע פאלעסטינעס, ווו זיי וואָלטנ

קלוימערשט געווענ באלעבאטימ, אונ נאָכ מער, ווי אפילע די בינאָמינס אונ סענדערלס די ייִדענעס וועלנ ווערנ פעאָדאלע הערנ. מענדעלע האָט דאָ אָנגעכאפט דעמ סאמע אבסורדישנ אויסדרוק פונ פארקריפלטקײַט אינעמ וועלט־באנעמ פונ די דאָזיקע מאסנ אונ ארומ דעמ דאָזיקנ פונקט צעוויקלט זײַנ אָנגריפ אפנ גאנצנ „טראדיציאָנעלנ לעבנשטייגער“, אפנ „היסטאָרישנ ייִדנטומ“.

מענדעלע אליינ פילט זיכ נימ אבסאָליוט פרײַ — איבער די נאציאָנאליסטישע עלעמענטנ אינ זײַנ וועלטאָנשויונג — פונ לעצטע שפורנ פונ אזא טרוימערישקײַט (כאָטש צו „אויסגעהאלטענעמ“ „חבת ציון“ אונ ציִוניזמ איז מענדעלע אפילע אינ זײַנע לעצטע יאָרנ נימ דערגאנגענ) — פונדאנענ שטאמענ אינ „מאסאָעס“ די עלעמענטנ פונ סאנטימענטאלער לירישקײַט. דעריבער כויזעקט מענדעלע נימ נאָר איבער די בינאָמינס אונ סענדערלעכ, נאָר, אמ וויפל ס'לעבט אינ אימ גופא א שטיקל בינאָמינ, — אויכ פונ זיכ. אלס רעזולטאט פונ דער ווידערשפרעכלעכקײַט צווישנ קריטיק אונ לירישקײַט, באקומענ זיכ די עלעמענטנ פונ גראָטעסק אינ „מאסאָעס“. דאָמינירנ דאָמינירט דאָ אָבער דער הויפט־טאָנ — די פארניכטנדיקע קריטיק פונ פעאָדאלישנ שטייגער.

אינ „מאסאָעס“ אנטיציפירט מענדעלע דעמ אָנגריפ אפ די קומענדיקע „חבת ציון“ אונ דעמ ציִעניזמ, וואָס זײַנענ אינ טאָכ בלויז די אלטע טיפ־רעאקציאָנערע שקלאפנ־איליוזיע, אָבער שוינ אקטיוויסטיש פאָרמירט אפ צו פארפירנ די קליינבירגערלעכע מאסנ, לויט דעמ נײַעמ קאפיטאליסטישנ שטייגער, לויט די צוועקנ פונ דער רעאקציאָנערסטער בורזשואזיע; — אונ אינעמ לעצטנ פעריאָד: פאשיסטיש־פאָרמירט, אנטשפרעכיק צו די אימפעריאליסטישע פארהעלטענישנ, קעגנ דעמ רעוואָליוציאָנערנ פראָלעטאריאט. מענדעלע אנטיציפירט אינ „מאסאָעס“ די קריטיק פונ די רעאקציאָנערסטע בורזשואזע איליוזיעס פאר די מאסנ.

דער מאָסקווער מעלוכישער ייִדישער טעאטער האָט אינ זײַנ שטעלונג פונ „מאסאָעס“ די דאָזיקע אלע מאָמענטנ אונ ווידערשפרוכנ באנומענ, ריכטיק אינטערפרעטירט, אונטערגעשטראָכנ ווי געהעריק די הערשנדיקע געזעלשאפט־קריטישע דאָמינאנטע אינעמ ווערק אונ אפ א מײַסטערישנ אופנ, הויפטזאכלעכ אינ די קינסטלערישע פארקערפערונגענ, וואָס סע האָבנ געשאפנ די ככ' מיכאָעלס אונ זוסקינ, טעאטראליש פארווירקלעכט.

## 6

די מאסנ פונ דער ייִדישער באפעלקערונג אינ פוילנ זײַנענ פונ שטענדיק אָנ, זינט יאָרהונדערטער, געווענ די סאמע אָפגעשטאנענסטע, אומגעבילדעטסטע צווישנ אלע ייִדישע באפעלקערונג־גרופעס אינ אייראָפע. אינ

אוקראיִנע איז די ייִדישע באַפעלקערונג געווענ פונ שטענדיק אָנ, אויב מעגלעכ, נאָכ אָפּגעשטאַנענער. דאָס אָרט פונ די ייִדנ אינ דער עקאָנאָמיק פונעם לאַנד, זייער עקאָנאָמישע ראָליע, איז געווענ דער באָדנ פאַר דער דאָזיקער קולטורעלער אָפּגעשטאַנענקייט. דאָס XIX יאָרהונדערט האָט ביז אינ זײַנע לעצטע יאָרצענדליקער אינ טאָכ גענומענ פאַר די דאָזיקע מאַסנ אינ דעם פּראַט געבראַכט וויייניק ענדערונגענ. זײַט סאָפ אַכצנטנ יאָרהונדערט האָט זיכ אָנגעהויבנ אַרויסצודיפערענצירנ אַ שיכט מאָדערנע ייִדישע גרויסבירגער אונ מיטלבירגער לויטנ נײַעמ קאַפּיטאַליסטישנ שניט, דער דאָזיקער שיכט איז אָבער דערווײַל נאָכ געבליבנ גענוג שיטער אונ דינ, אַפּילע אינ פאַרגלײַכ מיט דער פעאָדאַליש-טאַקיפישער ייִדישער גווירימשאַפט; פונ דער אַנדערער זײַט אָבער, קאָנ מענ אינ דער אייגענער צײַט פעסטשטעלנ אַ דויערנדיקע פּאַופּעריזאַציע פונ די מאַסנ, וואָס פאַרשטאַרקט זיכ אַלץ מער אונ מער אונ דערגרייכט מעויעמדיקע פאַנטאַסטישע פאָרמעס. דער פעאָדאַלישער לײַבייגנטימערישער רעזשים האָט געהאַט אַלס איינעמ פונ זײַנע רעזולטאַטנ אַנ אייגנאַרטיקע „ייִדנ־פּאָליטיק“, וואָס האָט צונויפגעטריבנ די ייִדנ פונ דאָרפ אונ שטעטל אינ שטאָט אַרײַנ, פאַרענגערט די צאָל פונ די דערלויבטע וווינ־געגנטנ אונ צונויפגעשטופּט די ייִדישע מאַסנ אַפּ אַ פאַנטאַסטיש־אַכזאָריעסדיקנ אויפנ. די גײַסטיקע פאַרקריפלונג איז בא די ייִדישע מאַסנ אינ XIX יאָרהונדערט ניט קלענער געוואָרנ איידער ווי זי איז געווענ אינ XVIII אונ XVII יאָרהונדערט. פאַרקערט, אויב מעגלעכ, איז דאָס גײַסטיקע לעבנ נאָכ מער פאַרווילדערט געוואָרנ. צו דער מיטלאַלטערלעכער פינצטערניש פונ דער טעאָלאָגישער „קולטור“ אונ פּילפּוליסטיק, צו די אַלטע גײַסטיקע פאַרקריפלטקײַטנ זײַנענ צוגעקומענ נײַע פונ די קאָלערליי כאַסידישע לערעס, פונ די נײַע מעגלעכקײַטנ, וואָס דער קאָהאָל אונ די קלייקוידעש האָבנ באַקומענ טאַקע דורכ דער צאַרישער „ייִדנ־פּאָליטיק“ צו טעראָריזירנ די מאַסנ, זיי צו עקספּלואַטירנ אונ זיי צו האַלטנ אינ די פּענטעס פונ דעגענעראַטיוו־פעאָדאַלישער פינצטערקײַט (ווער רעקרוטנ־טעראָר, שטײַער־טעראָר, ביוראָקראַטישער טעראָר: ראַזבאָרנ, פּעסער אאַוו. אאַוו.).

בא זייער גאַנצער קלאָמערשטער פלינקײַט אַפּנ געבײַט פונ זוכנ פּאַרנאָסע זײַנענ די דאָזיקע מאַסנ געווענ אַפּ אַנ אומדערהערטנ אויפנ אָפּגעפּרעמדט צומ אָרומ, אַפּ אַ פאַנטאַנסטיש־אומגלויבלעכנ אויפנ אומבאַהאָלפנ, באַגרענעצט אונ אָפּגעשטאַנענ. אינ אַלגעמיינ קאָנ מענ זאָגנ, אַז ביז אינ 6־טנ אונ אַפּילע אינ 7־טנ יאָרצענדליק פונ XIX יאָרהונדערט זײַנענ די דאָזיקע מאַסנ אינ אוקראיִנע (אָבער אויכ אינ ליטע, ווײַסרוסלאַנד אונ קרוינ־פּוילנ) געבליבנ אינ אַ קולטורעלנ צושטאַנד, וואָס איז גאָר ניט אַזוי ווײַט פונעמ

צושטאנד אינ XVIII און אפילע XVII יאָרהונדערט. אינ א טייל פראָטימ זײַנענ זיי עפשער געווענ נאָכ מער פארווילדערט און אָפּגעשטאנענער. אינ די יאָרצענדליקער נאָכ דער פויערימ-רעפאָרמע, ווענ דער קאפּיטאליזמ אנט-וויקלט זיכ אינ רוסלאנד מיט ריזיקע טעמפּנ, אינ א פּעריאָד, ווענ די דעמאָקראטיש-רעוואָליוציאָנערע קאמפּנ פונ די פּאָלקיסטנ קעגנ דעמ פּעאָ־דאליש־גוטבאזיצערישנ רעזשימ פונ צארישנ רוסלאנד האָבנ שוינ געהאלטנ אינ פולנ גאנג און סע האָבנ זיכ שוינ אָנגעהויבנ אויסצופאָרמירנ די ערשטע רעוואָליוציאָנערע ארבעטער-אָרגאניזאציעס (70-ער יאָרנ) — האָט די ייִדישע שטעטלדיקע אָפּגעשטאנענקײַט געטראָגנ א באזונדערס שרײַענדיקנ כאראקטער.

די דאָזיקע מאסנ זײַנענ אינ אלגעמיינ געווענ „שריפטקענעוודיק", באזונדערס די מענער און אויכ א גרויסער טייל פרויענ. די נעבעכדיקע שריפטקענעוודיקײַט האָט זיכ אָבער געוויינלעכ באגרענעצט מיט א ביסל „איווריע", דה. מיט קאָנענ לייענענ די העברייִשע געבעטנ; בא א באשטימטנ טייל מענער אויכ אפּ אזויפיל, קעדיי צו קאָנענ פארשטיינ אפּ א זייער מאנגלהאפטנ און פארקריפּלטנ אויפנ געוויסע ביכער פונ דער ביבל. די גאָר געלערנטע, געוויינלעכ ראבאָנימ און קלייקוידעש, האָבנ אינ בעסטנ פאל געקאָנט לייענענ דעמ טאלמוד און אנדערע רעליגיעז־ריטואלע און טעאָלאָגישע ביכער, זיי האָבנ זיכ אָבער אפילע אפּ דעמ געביט ניט באזונדערס אויסגעצייכנט. ניט געקוקט אלזאָ אפּ דעמ, וואָס די דאָזיקע מאסנ זײַנענ אינ פארגלײַכ מיט די לײַבייגענע און נאָכרעפאָרמישע פויערימ געווענ „שריפטקענעוודיקער" און ניט געקוקט אפּ דער שאכער־מאכערישער דורכגעטריבנקײַט פונעמ לופטמענטש און די קענטענישנ אינ דער וועלט־פּאָליטיק, וואָס איז באהאנדלט געוואָרנ אינ שול־הויפּ און אינ קלויז הינטערנ אויווג, זײַנענ די שטעטלדיקע ייִדישע מאסנ אינ אלגעמיינ געווענ מער אָפּגעפרעמדט צו דערווירקלעכקײַט, צומ ארומ, זיי האָבנ געהאט ווענג וועלט און ווירקלעכקײַט נאָכ מער פארקריפּלטע פאָרשטעלונגענ איידער דער פויער. ערשטנס (טאקע אלס רעזולטאט פונ פעאָדאליש־לײַבייגנטימערישנ רעזשימ, צארישער ייִדנ-פּאָליטיק און קאָהאָלשער עקספּלואטאציע און טעראָר)— איבער דער קליינקרעמעריש־קליינמעקלערישער אומענדלעכ קליינלעכער, צוליב דער מעויעמד־קער קאָנקורענצ, אומענדלעכ עגאָיִסטישער שאכער-מאכער־באציִונג צו דער וועלט און צו דער גאנצער ווירקלעכקײַט. צווייטנס — איבער די מעשונע-ווילדע פאָרשטעלונגענ פונ דער טעאָלאָגיע מיט נײַע און טאָג־טעגלעכ צוקומענדיקע צוגאָבנ פונ כאסידיזמ און אנדערע קלעריקאלישע קוואלנ. דריטנס, האָבנ זיי, אנטשפּרעכנדיק צו זייער לאגע אינ דער געזעלשאפט און צו זייער גײַסטיקער אנטוויקלונג, ניט ווייניק „גײַסטיקנ גוטס" איבערגענומענ אויכ פונ דער דאָרפישער

„אידיאָטיע“. דערבײַ אָבער האָבנ זיי פונעמ פויער ניט איבערגענומענ די, זאָל זײַנ ווייניק באזיניקטע, מער אינסטינקטיווע, אָבער פאָרט פרישערע אונ געזינטערע באציִונג צו וועלט אונ ארומ, די קראפטפולע בונטארישקײַט, וואָס דער דאָזיקער פויער האָט פארמאָגט. דערצו זײַנענ זיי לויט זייער סאָציאל־עקאָנאָמישער ראָליע אינ דער געזעלשאפט ניט פייִק געווענ. די גײַסטיקע אָפּגעשטאנענקײַט פונ די שטעטלדיקע ייִדישע מאסנ האָט געהאט שטריכנ פונ א שווער־דעגענעראטיוונ כאראקטער.

די דאָזיקע פארמיסיקונג פונעמ באוווסטזײַנ האָט זיכ מענדעלע, ווי א נײַער הערקולעס, גענומענ אָפּרייניקנ אונ קעגנ איר קעמפנ. די לעצטע סיבעס פונ די דאָזיקע מאטוזאכנ אונ אויכ דעמ ריכטיקנ וועג, וויאזוי זיי צו באזײַטיקנ, האָט ער ניט געזענ, ער האָט זיכ אָבער גענומענ אופדעקנ די לאגע ווי זי באווײַזט זיכ אלס רעזולטאט, אונ דאָס אליינ איז שוינ געווענ א געוואלדיקער אופטו. אויכ די פריִערדיקע מאסקילימ האָבנ יעדער אפ זײַנ שטייגער געקעמפט קעגנ דער מיטלאלטערלעכער פינצטערניש, נעמענדיק אלס ציל פונ זייער אָנגריפ פארשיידנסטע וויכטיקע פונקטנ אירע. מענדעלעס גרויסע באדײַטונג באשטייט אָבער אינ דעמ, וואָס ער האָט אָנגעטאפּט דעמ טאָכ, דעמ צענטראלנ פונקט פונ דער אָפּגעשטאנענקײַט, וואָס ער האָט אינ זײַנע קינסטלערישע געשטאלטנ אָנגעוויזנ אפ דער דעגענעראטיווער פארקריפּלטקײַט אינ דער באציִונג פונ די ייִדישע מאסנ צו דער ווירקלעכקײַט, אפ זייער אָפּגעפרעמדטקײַט צו דער וועלט אונ, אפ זייער אומגעלומפערטער איזאָלירטקײַט פונעמ ארומ. דאָס האָט ער מער אָדער ווייניקער געטאָנ אינ אלע זײַנע בעסטע ווערק, אָבער אמשטארקסטנ אונ טרעפלעכסטנ אינ זײַנ „מאסאָעס“, דאָ האָט ער געשאָסנ אינ סאמע פינטל, דאָ האָט ער דירעקט אינ קינסטלערישע בילדער פונ גרויסער איבערצײַגונג־קראפט אופגעדעקט אונ באוויזנ די שרעקלעכע ניט־אנטשפּרעכונג פונ דעמ דעגענעראטיוונ באוווסטזײַנ, פונ די פארקריפּלטע פאָרשטעלונגענ צו דער עמעסדיקער ווירקלעכקײַט.

ער איז אויסנ געווענ געזעלשאפטלעכע דערשײַנונגענ פונ זײַנ צײַט, געטראָפנ האָט ער אָבער אויכ די קאָלאמינע אָפּגעשטאנענקײַטנ, וואָס עקזיסטירנ אלס איבערבלײַבענישנ סײַ אינ זייער אורשפּרינגלעכער סײַ אינ „מאָדערניזירטער“ געשטאלט ביז אינ אונדזער הײַנטיקער צײַט. דערינ באשטייט דער גרויסער ווערט פונ דעמ דאָזיקנ מײַסטער־ווערק. —

## 7

אינעמ צווייטנ אָפּשניט פונעמ צווייטנ פעריאָד קומענ אינ אָנהייב די „קליאטשע“ — די נאציאָנאלע טײַנעס פונ דער קליינבירגערלעכער מאסע;

אינעמ סאָפ פונ דעמ אָפשניט (אונ ביכלאל פונ צווייטנ פעריאָד) — „מאסאָעס", די קריטיק פונ דער דאָזיקער מאסע; אונ אינ דער מיט פונ דעמ אָפשניט — „דאָס ייִדל", „זמירעס", „פיירעק־שירע", קלעריקאל־נאציאָנאליסטישע אפאָלאָגיע פונ דער מאסע. דאָס זײַנענ אלצ פארשיידענע — כאָטש טאקע ווידערשפרעכיקע — זײַטנ פונ איינער אונ דער זעלבער קלײנבירגערלעכער וועלטאָנשויונג. מיר טאָרנ ניט פארגעסנ, אז דער מעהוס פונ דער „ייִדנ־פראגע" איז צו יענער צײַט דעריקער די פראגע וועגנ די שטעטלדיקע קלײנבירגער־מאסנ. פונדעמ דרינגט ארויס, אז דער באָדנ פונ דעמ אזוי צו זאָגנ „דעמאָקראטישנ" שאָוויניזמ איז דעמלט די לאגע פונ פאראָרעמטנ שטעטלדיקנ קלײנבירגערטומ. דאָס זײַנענ די אורזאכנ פונ די דערמאָנטע ווידערשפרעכיקע זײַטנ אינ מענדעלעס קלײנבירגערלעכ־ליבעראלער אידעאָלאָגיע פונ יענער צײַט.

אינ דער „קליאטשע" קלערט מענדעלע די קלײנבירגערלעכע מאסע אופ (מיט א זײַטנ־בליק אפ דער מעלוכע) וועגנ דער נעבעכדיקײַט פונ איר פאָליטישער לאגע אונ קלאפט ארײַנ אינ איר באוווסטזײַנ, אז סע געשעט איר אנ אוולע, אז סע קומט איר רעכט, אז זי איז דאָכ אינעמעסנ גאָר א „פארקישעפטער פרינצ"; אינ די קלעריקאל־שאָוויניסטישע „פאָעמעס" הייבט ער ארויס איר „נאציאָנאלע ווערדע"; אינ „מאסאָעס" ווענדט ער זיכ אפ „אינוויייניק" — ער דעקט אופ די קלײנבירגערלעכע מאסנ די נעבעכדיקײַט פונ זייער סאָציאלער, עקאָנאָמישער, שטייגערישער אונ גײַסטיקער עקזיסטענצ, דה. ער ארבעט איבער זייער „פארפולקומונג", קעדיי זיי רײַפ צו מאכנ פאר פאָליטישע רעכט; אונ לעסאָפ שטרײַכט ער אפסנײַ אונטער די סאָציאלע ווידערשפרוכנ צווישנ פאראָרעמטנ עקספלואטירטנ קלײנבירגערטומ אונ דער פעאָדאליש־קאפיטאליסטישער גווירימשאפט — אינעמ גרויסנ וואריאנט פונ „דאָס קלײנע מענטשעלע". אזוי בינדט זיכ בא אימ קריטיק אונ אפאָלאָגיע, סאָציאלער קאמפ אונ קלאל־ייִסראָעלדיקער שאָוויניזמ. דער באָדנ פונ די ווידערשפרעכיקע זײַטנ אינ זײַנ אידעאָלאָגיע איז די לאגע פונ פאראָרעמטנ שטעטלדיקנ קלײנבירגערטומ, וואָס איז דעמלט אויכ דער אייגנטלעכער אינהאלט אונ מעהוס פונ דער „ייִדנ־פראגע".

מיט זײַנ גרויסער איבערארבעטונג פונ „דאָס קלײנע מענטשעלע", ווי ער קערט זיכ אומ צו זײַנ ערשטנ בוכ אונ צעוויקלט אינ אויספירלעכע בילדער זײַנ אָנקלאָג קעגנ דער פעאָדאליש־גווירישער אונטערדריקונג אונ עקספלואטאציע פונ די מאסנ, שליסט מענדעלע אָפ דעמ אייגנארטיקסטנ פעריאָד פונ זײַנ שאפנ. פונדאנענ אונ ווײַטער האָט מענדעלע קײנ אייגנטלעכ נײַס אינ זײַנ שאפנ ניט מער ארײַנגעבראכט. ער שרײַבט נאָכ

אזעלכע ביז גאָר באדײַטנדיקע ווערק, ווי די גרויסע וואריאנטנ פונ „דאָס ווינטשפינגערל“ אונ „פישקע“ (נאָכ „מאסאָעס“ אָנ סאָפעק דאָס באדײַטנדיקסטע ווערק מענדעלעס), אָדער „שלוימע רעב כאימס“ (דער א. ג. ערשטער טייל) אא. אינ טאָכ אָבער ברענגט דאָס שוינ ניט מער ארײַנ קיינ אורשפּרינגלעכ נײַע שטריכנ אינ זײַנ שאפנ, ער כאזערט איבער, אנטוויקלט אונ באארבעט אלטע פּלענער, פארשארפט אונ פארדײַטלעכט פארשיידענע זײַטנ פונ זײַנ אידעאָלאָגיע, וואָס האָבנ זיכ שוינ אלס טענדענצנ אויכ פריער בא אימ באוויזנ, אנטוויקלט אונ בילדעט אויס זײַנע קינסטלערישע מיטלענ אונ זײַנ סטיל־פארמעגנ — אָבער קיינ וועזנטלעכע נײַע אָריגינעלע מאָמענטנ טראָגט ער שוינ אינ זײַנ שאפנ מער ניט ארײַנ.

## 8

די 80־ער יאָרנ ברענגענ א ווײַטערדיקע אנטוויקלונג פונ קאפּיטאליזמ, — אָבער אָנ די געהאָפטע ישועס פאר די קליינבירגערלעכע מאסנ. פארקערט, די אנטוויקלונג פונ קאפּיטאליזמ דריקט אלצ מער אונ מער אפּ דער עקאָנאָמיק פונעמ שטעטלדיקנ אָרעמענ קליינבירגער. מענדעלע ווערט אנטוישט אינ זײַנע האָפענונגענ אפּ דער אנטוויקלונג פונ קאפּיטאליזמ. דערצו זײַנענ נאָכ צוגעקומענ די פּאָגראָמענ אָנהייב 80-ער יאָרנ, א רעזולטאט פונ די סטירעס אונ קעגנזאצנ, וואָס האָבנ באגלייט די אנטוויקלונג פונ קאפּיטאליזמ אינ רוסלאנד אונ זײַנענ פונ איר ארויסגערופנ געוואָרנ. דאָס האָט שוינ ענדגילטיק אָפּגעשניטנ אלע האָפענונגענ אז „עמאנסיפאציע“־גאָבנ מיצאד דער „גוטער“ צארישער מעלוכע. דער קליינבירגערלעכער שרײַבער ווערט דעזאָריענטירט אונ ער שווײַגט גאנצע עטלעכע יאָר: „...יענע שיינע וועסנע־צײַט איז אוועק. אז אָכ אונ ווײ איז דעמ ייִדנס לעבנ! אונ מיר איז פאר צאָרעס פארגאנגענ דער כיישעק צו שרײַבנ. עס האָט מיר א צײַט לאנג אָפּגענומענ דאָס לאָשנ...“ (מענדעלע, אינ זײַנ ווידמונג פונ „פישקע“ מאָרגוליסנ).

וועגנ מענדעלעס דעמאלטיקע שטימונגענ זאָגט איידעס זײַנע א ביז גאָר כאראקטעריסטישע ארויסזאָגונג אינ איינעמ א בריוו[1] פונ יאָר 1881: „...איכ בינ איצט פולקומ אייניק מיט רוסאָ, וואָס האָט גערופנ די מענטשנ אוועקווארפנ צומ טײַוול זייער נארישע ציוויליזאציע, אונ צוריק אומקערנ זיכ אינ די וועלדער“. דאָ האָבנ מיר שוינ די טיפּיש־קליינבירגערלעכע בענק-

1 ש. גינזבורג: „מענדעלע מויכער־ספרימ אינ זײַנע בריוו“, „די צוקונפט“, 1923, נומער 1, ז. 63—71.

שאַפט צו די פּרימיטיווע „אורטימלעכע" געזעלשאַפטלעכע פאַרהעלטענישן, די רוסאָישע, טראַדיציאָנעל-קליינבירגערלעכע קעגנערישקייט צו דער „ציוויליזאַציע", צו דער קאַפּיטאַליסטישער אַנטוויקלונג.

אונטער דעם אײַנדרוק פון די פּאָגראָמען, וואָס מענדעלע האָט זיי לויט זײַן גאַנצער אײַנשטעלונג געקאָנט דערקלערן נאָר פון אַן ענגן נאַציאָנאַליסטישן אַספּעקט, אויסער יעדן צוזאַמענהאַנג מיט דער אַלגעמיינער פּאָליטישער און סאָציאַל-עקאָנאָמישער לאַגע אינעם לאַנד, פאַרשטאַרקן זיך בא מענדעלען, פּונקט ווי באַם גרעסטן טייל פון דער דעמלטיקער ייִדישער קליינבירגערלעכער און בורזשואַזער אינטעליגענץ, די נאַציאָנאַליסטישע שטימונגען.

דעם דאָזיקן איבערבראָך פון „דעמאָקראַטישער" אויפקלערערײַ צו קלעריקאַלן שאָוויניזם שילדערט איינער אַזאַ באַלטשוועדיקער פּובליציסט פון יענער צײַט זייער דײַטלעך: „די פּאָגראָמען האָבן פיל צאָרעס געבראַכט מיט זיך, נאָר דעם קלאַל, דעם גאַנצן פאָלק, דעם ייִדנטום, האָבן זיי געטאָן אַ גרויסע טויווע. דער גרעסטער אומגליק אונדזערער, אין די לעצטע צוואַנציק יאָר פאַר די פּאָגראָמען, איז געווען, וואָס מיר האָבן אָנגעהויבן לייקענען אין זיך אַליין, פאַרגעסן ווער מיר זײַנען. מיר האָבן געשריגן אין איין קאָל, מיר זײַנען רוסן, דײַטשן, פראַנצויזן, נאָר ניט קיין ייִדן. דער אַנטיסעמיטיזם אין דײַטשלאַנד, די פּאָגראָמען אין רוסלאַנד האָבן אונדז געעפנט די אויגן און האָבן אונדז דערמאָנט, אַז מיר זײַנען ייִדן, אַז מיר זײַנען אַ פאָלק, וואָס האָט אַן אַלטע היסטאָריע, וואָס האָט אַן אייגענע שפּראַך, וואָס האָט אַ באַזונדערע רעליגיע... דאָס אייביקע פון ייִדנטום האָט זיך ניט אָפּגעלייקנט (דער קלעריקאַל-נאַציאָנאַליסטישער לאָזונג „נצח ישראל לא ישקר!" — מ. וו.)... אַ קלאַפּ פון דרויסן האָט אונדז אויפגעוועקט און מיר האָבן זיך ווידער אומגעקערט צו זיך אַליין"...[1]

געווי דאָס אייגענע כאַזערט מענדעלע איבער און איליוסטרירט עס מיט זײַן דערציילונג „אַ גראָע האָר", וועגן אַ נאַציאָנאַליסטיש-קלעריקאַל געוואָרענעם אַמאָליקן „ראַדיקאַל", וואָס איז אַמאָליקע יאָרן צונויפגעקומען מיט יענע „כעווערלײַט", „וואָס ווילן פאַרבעסערן די וועלט" (די רעוואָליוציאָנערן — מ. וו.), איז שיר-שיר ניט אַרײַן מיט זיי „אין אַ צאָרע" און איז איצט געוואָרן אַ קלעריקאַלער כויוועו-ציִען — מיט מענדעלעס דײַטלעכער האַסקאָמע. זײַט די 80-ער יאָרן באַטאָנט שוין מענדעלע אין זײַנע ביכער באַזונדערס שטאַרק, אַז „מיר זײַנען אַ פאָלק, וואָס האָט אַן אַלטע היסטאָריע,

---

1 ב. בראַנדט: „צײַטן בײַטן זיך", אין שאָלעם-אַלייכעמס „ייִדישע פאָלקס-ביבליאָטעק", צווייטער בוך, 1889, אָפּטיילונג: וויסנשאַפטלעכע... און אַנדערע אַרטיקלען, זז. 17—18.

וואָס האָט אַן אייגענע שפּראַך (העברייִש, פאַרשטייט זיך, — מ. וו.), וואָס האָט אַ באַזונדערע רעליגיע". זײַן שאַפן גייט אָפּן בוקסיר פון דער רעאַקציאָנערער און נאַציאָנאַליסטישער ייִדישער בורזשואַזיע. ער הייבט אָן צו פּאָלגן גאָטלאָבערס [1] דעמלטיקן לאָזונג „גייט אין שול אַרײַן!"

## 9

מע דאַרף זיך דאָס אָבער ניט פאָרשטעלן אַזוי, אַז מענדעלע האָט אין די 80-ער יאָרן פולשטענדיק געריסן מיט זײַן אַלטער טראַדיציע און מיט אַלע זײַנע פריִערדיקע טענדענצן. אויך אין זײַן שאַפן פונעם דריטן פעריאָד, זײַט די 80-ער יאָרן וועלן מיר געפינען איבערגעבליבענע רעשטלעך פון זײַנע פריִערדיקע טענדענצן: קאַמף קעגן פעאָדאַלישער אָפּגעשטאַנענקייט און פעאָדאַלישע אינסטיטוציעס, אַרויסטרעטונגען קעגן פעאָדאַלישער גווירימשאַפט, פאַרטיידיקונג פון דער קליינבירגערלעכער אָרעמשאַפט. דער גרונט-טאָן ווערט אָבער אַ פעסימיסטישער („טרויעריק איז מײַן ניגון אין דער קאַפּעלע פון דער ייִדישער ליטעראַטור"... [2]), אַ ייִעשדיקער, זײַן בליק ווענדט זיך ניט אָפּ פאָרויס, נאָר צו דער פאַרגאַנגענהײַט, אין וועלכער ער אידעאַליזירט שוין איצט אָפט גראָד יענע מאָמענטן, וואָס ער האָט פריִער באַקעמפט, סע פאַרשטאַרקן זיך אָפט, ביז אָפּ אַ דאָמינירנדיקן אויפן, די נאַציאָנאַליסטישע און קלעריקאַלע עלעמענטן אין זײַן וועלטאָנשויונג.

אינעם ווערק, מיט וועלכן מענדעלע טרעט אַרויס אין דער עפנטלעכ־

---

1 זע ש. ל. ציטראָן: „די געשיכטע פון דער ייִדישער פרעסע", ב. 1, ווילנע, 1923, זײַט 139. דער לאָזונג פון דער ייִדישיסטישער רעאַקציאָנערער דעקאַדאַנס אינעם יערידע-פּעריאָד נאָך דער ערשטער רעוואָלוציע: „צוריק אין שול אַרײַן" — איז אַפילו לויט דער פאָרם זײַנער גאָרניט אָריגינעל און נײַ. מיר געפינען אים קימאַט בוכשטעבלעך אין גאָטלאָבערס אַ ליד פון אָנהייב 80-ער יאָרן (אין „ייִדישעס פאָלקסבלאַט"). דאָס ליד איז באַטיטלט: „גייט אין שול אַרײַן!" גאָטלאָבער דערקלערט דאָרט, אַז פאַר די ייִדן איז ניט געבליבן קיין שום אַנדערע אייצע, ווי:

טאַקע נאָר וויינען, טאַקע נאָר קלאָגן,
טאַקע נאָר קאָפּ אין דער וואַנט זיך שלאָגן,
פאַסטן און זאָגן טילים און סליכעס,
צו גאָט בעטן און וויינען און שרײַען,
ער זאָל אונדז פון די צאָרעס באַפרײַען,
פון די פּאָגראָמען, פון די רעציכעס,
אַזוי, ליבע ברידער, אַזוי מוז עס זײַן!
גייט־זשע, ליבע ייִדן, גייט אין שול אַרײַן!

2 מענדעלע, אין זײַן „פּ שקע"־ווידמונג מ. מאָרגוליסן.

קײַט נאָכ עטלעכע יאָר שווײַגן, אינעם „פריזיוו" (1884), כאַזערט מענדעלע איבער אַן אַלטע מאַסקילישע טעמע זײַנע — די קאָהאָלשע מאַכינאַציעס באַם „פריזיוו" („רעקרוטשינע"), „טאַקסע" אאַז. די געליטענע פונ די מאַכינאַציעס זײַנען שוינ דאָ אָבער ניט מער פיגורנ פונ דער אָרעמשאַפט (ווי אינ דער „טאַקסע"), נאָר אַ פײַנער מאַסקילישער מושלעם, אַ קאַנדידאַט אַפ ראַבינער. דער ראַבינער-„באַרופ" ווערט דאָ דירעקט מיט דײַטלעכע ווערטער אידעאַליזירט. דער באַל-טאַקסע, אַמאָל אַ סימבאָל פונ קאָהאָלשער רויבערײַ, ווערט איצט אַוועקגעשטעלט אַלס קאָרבנ פונ די גווירים, פאַרנײסים און קלײַקוידעשדיקע מעיוכאָסים. מענדעלע נעמט זיכ שוינ דאָ אָנ פאַר באַשטימטע דעגראַדירטע שיכטנ פונ יענעם קלאַס, וועלכנ ער האָט פריער אַלס גאַנצנ געדרוידעפט. טראָץ אַ גאַנצער רײ גלענצנדיקע קריטישע שילדערונגענ: פונעם שאַדכנ רעב פײַוויש, רעב עליע, פונעם אַלטנ קאַנטאָניסט, פונעם אינטריגאַנ רעב יויכעניצי, כאַסקל אאַ. איז אָבער די גרונט־שטימונג אַ רעגרעסיווע און די גאַנצע דראַמאַטישע אַנטוויקלונג באַדײַטונגלאָז ביז צו באַנאַליטעט. זײַנ עטינגערס „סערקעלע" איז דאָכ שוינ אַריבער העכער אַ האַלבער יאָרהונדערט!

מענדעלע ווענדט זיכ איצט צוריק צו דער „הײליקער" שפראַכ העברעיִש, וועלכע ער האָט אינ זײַנ צווייטנ פעריאָד באַניצט „רעצידיוויסטיש" בלויז אַפ צו פאַרענדיקנ זײַנע נאַטורוויסנשאַפטלעכע ביכער, באַ געוויסע פובליציסטישע אַרויסטרעטונגענ און באַ דער איבעראַרבעטונג פונ זײַנ עלטערנ „למדו היטב" — „האבות והבנים". זײַנ שעפערישע ענערגיע האָט ער אינ זײַנ צווייטנ פעריאָד קאָנצענטרירט אינ ווערק, וואָס זײַנענ געווענ געשריבנ אינ דער וועלטלעכער, וואָכעדיקער, פאַר די מאַסנ צוטריטלעכער, ייִדישער שפראַכ. איצט ווענדט ער זיכ ווידער צום „הײליקנ" העברעיִש, שרײַבט אָנ (1886) זײַנ „בסתר רעם" און באַמיט זיכ זײַט דעמאָלט אָנצוטאָנ זײַנ פריערדיקער שאַפונג אַ העברעיִשנ טאַלעס, זי אַריבערצוראַטעווענ אינ דער „אײביקײַט" דורכנ איבערזעצנ אַפ העברעיִש. אינ גרויסנ וואַריאַנט „ווינטשפינגערל" אידעאַליזירט ער אַ קלײַקוידעשדיקנ בעסמעדרעש-ייִד (ר' אוראָם), אַ פיגור, אינ וועלכער ער וואָלט אינ זײַנ פריערדיקנ פעריאָד אונטערגעשטראָכנ די באַטלאָנישקײַט פונ די „מאַסאָעס"-געשטאַלטנ. ער באַרעכטיקט לעטאָם און פאָעטיזירט ניט בלויז די „גוטע" פאָרשטייער פונ קלעריקאַליזם, נאָר אַפילע די כאַסידים (אינ אַ.ג. צווייטנ טייל „שלוימע רעב כאַיִמס"), קעגנ וועלכע די מאַסקילים האָבנ אַזוי שאַרפ געקעמפט. ער אידעאַליזירט דעמאָלט שוינ ניט בלויז דעמ ייִדישנ מיטעלנ סויכער פונ קאַפיטאַליסטישנ שניט („ווינטשפינגערל"), נאָר אויכ די אַמאָליקע פעאָדאַלישע קאָהאָלש-גווירישע עקספלואַטאַטערס (אינ אַ.ג. צווייטנ טייל „שלוימע רעב כאַיִמס") און דעמ גאַנצנ אַלטנ טראַדיציאָנעלנ שטייגער. ער איראָניזירט אינ „אַ גראָע האָר" איבער די אַלטע

דעמאָקראַטישע אידעאַלן. ער פאַרבינדט זיך ענג מיט די קלעריקאַל־נאַציאָ־
נאַליסטישע שרײַבערס ביאַליק, בען־אַמי, דובנאָוו אאַ., נעמט אָנטייל אין
דער ייִדישער איבערזעצונג פון ביבלישע ביכער, באַמיט זיך צו ווײַזן — ווי
באַלמאַכשאָוועס דריקט דאָס אויס — „די לינדערנדיקע קראַפט פון זײַנע (דעם
ייִדישן פאָלקס — מ.וו.) יאָנטויווים, יאָמים־נויראָים". קורץ: ער דרינגט דעמאָלט
אַרײַן אין דער „מאַטעריע ייִד, ווו ער פילט זיך ווי אַלס פעדעמל דערין" (באַל־
מאַכשאָוועס). ער גייט דעם וועג פון א רעזיגנירנדיק באַלטשוועדיקן קליינבירגער
אַף דער זײַט פון דער רעאַקציאָנערער בורזשואַזיע, כאָטש טאַקע מיט אָפּטע „דורכ־
רײַסן" אין דער זײַט פון זײַנע אַמאָליקע דעמאָקראַטישע טענדענצן.

דעמאָלט ערשט, און צוליב דעם דאָזיקן קער זײַנעם, איז מענדעלע
ברייט אָנגענומען געוואָרן פון דער בורזשואַזער אינטעליגענץ אַלס „נאַציאָ־
נאַלער שרײַבער". דער ציִעניסט בען־אַמי דערציילט, אַז „דער גרויסער
מעפורסעם איז ער געוואָרן די לעצטע פינף און צוואַנציק יאָר, אַז עס
איז אויסגעוואָקסן א ייִדישע נאַציאָנאַלע אינטעליגענץ". דאָס איז ריכטיק
אַף אַזויפיל, אַף וויפל עס האָט א שײַכעס צו מענדעלעס לעצטן פעריאָד,
און צו זײַן דעמאָלטיקער פּאָפּולערקײַט צווישן דער בורזשואַזער נאַציאָנאַ־
ליסטישער אינטעליגענץ. ס'איז אָבער דורכויס ניט קיין עמעס, וואָס בען־
אַמי דערציילט, אַז „דער האַמוין האָט פון אים (מענדעלען) גאָר ווייניק
געוווּסט נאָך אַפילע אין די 90־ער יאָרן". דער „אַפילע" פעלשט דעם
עמעס. עמעס איז פּונקט פאַרקערט: אין די 60־ער און 70־ער יאָרן זײַנען
מענדעלעס ווערק געווען זייער פּאָפּולער אין די ברייטסטע מאַסן (מיט
זײַן „דאָס קליינע מענטשעלע", „די טאַקסע" אאַ.), ווײַל ער האָט דעמאָלט
אויסגעדריקט זייער נויט, זייערע אינטערעסן און שטרעבונגען. גראָד מיט
זײַן שאַפן זײַט די 80־ער יאָרן איז ער די ברייטע פאָלק־מאַסן, דעם „האַ־
מוין", ווי בען־אַמי זאָגט (און אויך באַלמאַכשאָוועס וועגן די 90־ער יאָרן),
פרעמדער געוואָרן, כאָטש ער איז גראָד דעמאָלט געווען „דער גרויסער מע־
פּורסעם" בײַ דער ייִדישער נאַציאָנאַלער אינטעליגענץ. זײַנע פריִערדיקע
ווערק, ווי „דאָס קליינע מענטשעלע", „די טאַקסע" אאַ., זײַנען געבליבן
גאָר פּאָפּולער אויך אין די 80־ער יאָרן — און דאָס איז פעסטגעשטעלט מיט
פאַרשיידענע זיכרוינעס. זײַן פּאָפּולערקײַט בײַ די ברייטע האָרעפּאַשנע מאַסן איז
געווען ניט צוליב די ענדערונגען, וואָס זײַנען אַרײַנגעקומען אין זײַן שאַפן זײַט
די 80־ער יאָרן, נאָר צוליב דעם, וואָס סע בלײַבט פון זײַן שאַפן, אויב מע
רייניקט דערפון אַראָפּ, אויב מע קלאָרט דערפון אויס דאָס רעאַקציאָנערע,
וואָס איז אין אים צוגעקומען אינעם דריטן פעריאָד, זײַט די 80־ער
יאָרן.

ביז אינ די 80־ער יאָרנ האָט אינ מענדעלעס סטיל דאָמינירט דער סאטירישער פּאטאָס, אנטשפּרעכנדיק צו זײַנ געזעלשאפט-קריטישער אָנצילונג. זײַט די 80־ער יאָרנ אונ װײַטער װערט דאָס פירנדיקע אינ זײַנ סטיל אנ עלעגיש-ליריזירנדיקע עפּישקײַט, אנטשפּרעכנדיק צומ כאראקטער פונ פארסאכאקלונג אונ מעמוארישקײַט אינ זײַנ שפּעטנ שאפנ. דער קלײנבירגער אינ מענדעלענ זעט ניט קײנ ליכטיקע צוקונפט, ער זעט שױנ בלױז די פארגאנגענהײַט, װאָס איז געװענ פול מיט האָפענונגענ. װערט איצט „עפּיק" דאָס, װאָס איז פריִער געװענ סאטירע, װערט איצט סטיליזאציע דאָס, װאָס איז פריִער געװענ פּאראָדיע. דער פּראָטעסטירנדיקער אונ דעמאסקירנדיקער פּאטאָס װערט געבראָכנ אונ ער פארװאנדלט זיכ לעסאָפ אינ אידעאליזאציע.

ס'װעט אָבער זײַנ א טאָעס צו מײנענ, אז מענדעלע װערט אינעמ דריטנ פּעריאָד א דורכויס בורזשואזער שרײַבער, אז ער האָט זיכ אינגאנצנ דערװײַטערט פונ זײַנ קלײנבירגערלעכנ באָדנ. דאָס װאָלט פּאָשעט ניט געשטימט מיטנ עמעס. װענ דאָס זאָל זײַנ עמעס, װאָלט, אגעװ, ניט מעגלעכ געװענ, ער זאָל אזעלכע װערק, װי דאָס „װינטשפינגערל" אונ „פישקע", װאָס ער האָט אינ פריִערדיקנ פּעריאָד פארטראכט אונ אָנגעשריבנ, איצט (סאָפ 80־ער יאָרנ) גאָר באדײַטנדיק פארברײטערט, איבערארבעטנ אפ אנ אופנ, װאָס איז װײַט, אָבער ביז צו א געװיסער מאָס אויכ נאָענט צומ אורשפּרינגלעכנ פּלאנ אונ צו דער פריִערדיקער אָנצילונג.

װאָרעמ מע מוז פעסטשטעלנ, אז אכוץ די צוגאָבנ, װאָס שטאמענ פונ זײַנ קער צו דער בורזשואזיע, כאזערנ זיכ דאָ איבער אינ די דאָזיקע איבערארבעטונגענ (װאָס באקומענ ערשט דורכ דער איבערארבעטונג די פולע באדײַטונג, װאָס זײ האָבנ) גלײַכצײַטיק אונ סטירעדיק אויכ װאָגיקע עלעמענטנ פונ זײַנ פריִערדיקער פּראָגרעסיװער װעלטאָנשויונג.

צוגעקומענ איז דאָ, אינ „װינטשפינגערל" אונ „פישקע": פארשטארקטער נאציאָנאליזמ, טײלװײַז אנ אידעאליזאציע פונ דער פארגאנגענהײַט, פונ א באשטימטנ טײל רעאקציאָנערנ אלטנ שטײגער, פונ געװיסע גװיריש־טאקיפישע אונ קלעריקאלע פיגורנ, װאָס ער האָט פריִער לײַדנשאפטלעכ באקעמפט; אידעאליזאציע פונעמ מיטלבירגער לויטנ קאפּיטאליסטישנ שניט (דאָס באטײַט דאָ, אגעװ, בלויז, אז מענדעלע װײַזט דעמ קלײנבירגער דעמ װעג פונ א קאפּיטאליסטישער אנטװיקלונג, װאָס ער האָפט אונ װינטשט פארנ קלײנבירגערלעכנ קלאס). װאָס שײַעכ דער פאָרמ, איז צוגעקומענ: דער „עפּיש"-בארויִקטער טאָנ, פארשטארקטער סאנטימענטאליזמ אונ „נאציאָנאל"-אָנגעצילטע סטיליזאציע. אָבער אויכ דאָ, אינ זײַנ

שפעטנ שאפנ, באַזונדערס אינ די צוגאָבנ, וואָס מענדעלע האָט געמאַכט איבעראַרבעטנדיק „דאָס ווינטשפינגערל“ אונ „פישקע“ (דאָס וויכטיקסטע ווערק נאָכ „מאַסאָעס“), גיט מענדעלע גרויסע אונ באַדײַטנדיקע רעאַליסטישע בילדער פונ דער ווירקלעכקײַט, גענוג אָפט באַווײַזט זיכ די ווירקלעכקײַט, וואָס ער שילדערט רעאַליסטיש, שטאַרקער ווי זײַנ נײַע אײַנשטעלונג. ס'עררײַסנ זיכ גענוג אָפט דורכ דירעקטע אַרויסטרעטונגענ פונ שאַרפנ סאָציאַלנ פראָטעסט סײַ קעגנ דער אַלטער, סײַ קעגנ דער נײַער גווירימשאַפט, סײַ קעגנ אַלטע, סײַ קעגנ נײַע אונטערדריקונגענ פונ די קאָלאָמינע ייִדישע באַלעבאַטים אונ שײנע ייִדנ, אונ אויכ אומדירעקטער פראָטעסט דורכ אונטערשטרײַכנ דעמ ווערט אונ די ווערדע פונ די אונטערדריקטע אונ עקספּלואַטירטע מאַסנ-מענטשנ אונ אָרעמע („ווינטשפינגערל“, „פישקע“). מיר געפינענ אויכ אינ זײַנ שפעטנ שאַפנ גענוג אָפט בײַסיקנ כויזעק אונ שפאָט אָפנ ייִדישנ נאַציאָנאַליזמ, העברעיִזמ אונ ציִעניזמ („אינ אַ שטורעמ-צײַט“ אאַ.), — כאָטש טאַקע אינ סטירע צו אַנדערע זײַנע אַרויסטרעטונגענ מיט אַ פונקט קאַפּוירדיקער טענדענצ. סע באַווײַזט זיכ דאָ פוּל אונ בוילעט די וואַקלדיקײַט אינעמ אידעאָלאָגישנ כאַראַקטער פונעמ קלײנבירגער. מענדעלע האָט זיכ אינ דעמ פעריאָד אַנטוויקלט אַפ רעכטס, די בורזשואַזע טענדענצנ אינ זײַנ אידעאָלאָגיע האָבנ זיכ בײַ אימ פאַרשטאַרקט — ער גײט אָבער ניט אײַנגאַנצנ אונ ענדגילטיק איבער אַפ די פּאָזיציעס פונ דער בורזשואַזיע, ס'רײַסנ זיכ בײַ אימ אָפט אונ שטאַרק דורכ דעמאָקראַטישערע, קלײנבירגערלעכע טענדענצנ. ווײַל זײַנ שטרעבנ רעאַליסטיש צו שילדערנ די בילדער פונ דער ווירקלעכקײַט באַזיגט אָפט זײַנ באַוווּסטזיניקנ אידעאָלאָגישנ שטאַנדפּונקט. ער איז געבליבנ דער פאָרשטײער פונ קלײנבירגערטומ, אונ ער דריקט אויס דעמ קער פונ באַשטימטע שיכטנ זײַנע אינ דער זײַט פונ נאַציאָנאַלנ ליבעראַליזמ. מענדעלע גיט זיכ אינ דעמ פעריאָד אַ שטאַרקנ וואַקל אַפ רעכטס, אַמאָל אָבער אויכ צוריק אינ אַ מער לינקער ריכטונג. אַפ דעמ באַקלאָגט זיכ דאָס דער העברײיִסטישער ציִעניסט בענ-אַמי, אַז מענדעלע „איז ניט קײנ סיסטעמאַטישער שטרענג-לאָגישער דענקער, ער האָט אויכ עפּשער ניט קײנ אָפּגעשטעלטע גענויע וועלטאָנשויונג“. דעריבער זײַנענ זײַנע „געדאַנקענ“ „אָפט סויסער (ווידערשפּרעכנ — מ.וו.) אײנער דעמ אַנדערנ“ [1].

ערשט אַ סאַכ שפעטער, אָנהײב צענער יאָרנ פונ אונדזער יאָרהונדערט,

[1] אויכ דובנאָוו דערצײלט טאַרומעסדיק אינ זײַנע זיכרוינעס וועגנ מענדעלענ, וועלכע ער האָט אינ די לעצטע יאָרנ פאַרעפנטלעכט, אַז מענדעלע פלעגט זיכ אויכ אינ זײַנע פּריוואַטע אַרויסטרעטונגענ אַרויסזאָגנ אַמאָל פאַר ציִעניזמ, אַמאָל קעגנ, אַמאָל פאַר העברעיִזמ אונ פּאַלעסטינע, אַמאָל קעגנ, פאַר ייִדישיזמ, קעגנ אאַוו.

וועגן ער שרײַבט די רעאַקציאָנערסטע קאפיטלען אין זײַן אויטאָביאָגראַ־
פישן בוך „שלוימע רעב כאַיִמס", ווען ער אַרבעט מיט ביאַליקן און ראַוו־
ניצקין איבער דער יידישער איבערזעצונג פונעם כומעש און איבער אַ
סעריע אידעאַליזירנדיקע בילדער פון יידישע יאָנטויווים — ערשט דעמלט
איז שוין שווער אַרויסצוגעפינען שטריכן, וואָס זאָלן אים אָפּטיילן פון
יעדן אַנדערן בורזשואזן נאַציאָנאַליסט.

דער דריטער פעריאָד פון מענדעלעס שאַפן (80־ער יאָרן ביז צו זײַן
טויט) קאָן אויך, ווי מיר זעען, טראָץ די שטריכן, וואָס געבן אים דעם אַל־
געמיינעם כאַראַקטער, אײַנגעטיילט ווערן אין עטלעכע פאַרשיידן־ניואַנסירטע
אָפּשניטן. די גענויע באַהאַנדלונג פון די פאַרשיידענע אָפּשניטן אינעם דריטן
פעריאָד מענדעלעס גייט ניט אַרײַן אין דער אויפגאַבע, וואָס מיר האָבן זיך גע־
שטעלט מיט דער דאָזיקער אַרבעט. מיר זײַנען דאָ בלויז אויסן אונטערצושטרײַכן,
אַז אויך אינעם דריטן פעריאָד, באַזונדערס אין די 80־ער און 90־ער יאָרן, געפי־
נען זיך אין מענדעלעס שאַפן גאָר ווערטפולע „רעצידיוון" צו זײַנע פריערדיקע
מער דעמאָקראַטישע אָנשויונגען.[2] דאָס באַווײַזט זיך באַזונדערס אין די בעסטע
קאַפּיטלען פון „ווינטשפינגערל" און „פישקע" (אינעם גרויסן וואַריאַנט פון
יאָר 1888), וואָס געהערן צו די גלאַנצפולסטע בלעטער אין זײַן שאַפן.

---

2 פאַר דער „אַמפּליטודע פון זײַנע וואַקלונגען" זײַנען כאַראַקטעריסטיש די דאָקומענטירטע
ידיעות, אַז מענדעלע האָט אין דער צווייטער העלפט 70־ער יאָרן (דה. גראַד אינעם פע־
ריאָד פון „מאַסאָעס" און פונעם גרויסן וואַריאַנט „דאָס קליינע מענ־
טשעלע") אַרויסגעוויזן אַ באַשטימטן אינטערעס צו ליבערמאַנס סאָציאַליסטישער טעטיקייט און
אויך אַ געוויסע נאָענטקייט צו אַ גרופּע מיטאַרבעטער זײַנע (זע כ׳ א. גורשטיינס: „אַ נײַער
ווענדפּונקט אין דער מענדעלע־פאָרשונג", וויסנשאַפטלעכע יאָרביכער, ב. I, מאָסקווע, 1929, ז.
223). קאַמיאָנסקי שרײַבט דעמלט וועגן מענדעלען: „דער פּראָספּעקט (פון ליבערמאַנס „האמת" —
מ. וו.) האָט אויף אים געמאַכט אַ שטאַרקן רושעם... ער זאָגט, אַז זײַנע אָנזיכטן זײַנען די זעלבע
ווי די פונעם פּראָספּעקט. אויך דעם „קול־לעם"... זאָגט ער וועל איך פירן אויף דעם דאָזיקן
וועג פון עמעס, אָבער נאָר אויף אַ לעגאַלן אויפן..." קאַמיאָנסקי האָפט אַפילע, אַז מענדעלע וועט
מיטאַרבעטן אין „האמת" — „כאָטש דער (מענדעלע — מ. וו.) באַהויפּטעט אַקשאָנעסדיק, אַז פאַרן
פאָלק מוז מען שרײַבן יידיש און ניט העברייִש" (זע מ. בערקאָוויטש: „צוריק מיט 50
יאָר, אַרן ליבערמאַן און זײַן „האמת, היינט־יובילײ־בוך", 1928, ז. 195). הייסט דאָס: סאָציאַליס־
טישע שטימונגען קנאַפּ פאַר דעם פעריאָד, וואָס זײַט די 80־ער יאָרן. אויף דעם גייט אויך אָן
אָנצוהערעניש די רעמיניסצענץ פון זאַרכי אין מענדעלעס דערציילונג „אַ גראָע האָר", וואָס
טראָגט באַשטימטע אויטאָביאָגראַפישע שטריכן: „איך געדענק דאָך נאָך די אַמאָליקע יונגעלײַט
אין אונדזער צײַט, וואָס זיי האָבן געוואָלט, און וואָס פון זיי, נעבעך, איז געוואָרן, אַ טייל זײַ־
נען געזעסן, אָפּגעקומען אין טפיסע, אַ טייל זײַנען פאַרשיקט געוואָרן אַזש ווו דער שוואַרצער
פעפער וואַקסט דאָרט, און אַ טייל האָבן הונגעריק עלנט זיך אַרומגעבלאָנקעט אין דער וועלט.
אויך מיר, געדענקסטו, פלעגן זיך צונויפקומען מיט דער דאָזיקער קאָמפּאַניע, און שיר שיר זײַ־
נען מיר אויך ניט אַרײַן אין אַזאַ צאָרע"... (מענדעלעס ווערק, נײַנטער באַנד, פאַרלאַג „מענדעלע"
וואַרשע, 1924, זײַט 16).

## 1

מענדעלעס סטיל איז נאָכ זייער ווייניק באהאנדלט געוואָרנ אינ אונדזער מאַרקסיסטישער ליטעראַטור-פאָרשונג. אָבער גראָד וועגנ דער דאָזיקער טעמע האָט די ייִדישיסטישע קריטיק זייער א סאכ געשריבנ, ווײַל דורכ דער ייִדישיסטישער אינטערפרעטאציע פונ זײַנ סטיל, אונ דעריקער נאָר דורכ דעמ, האָט דאָס מענדעלע געדארפט אוועקגעשטעלט ווערנ אלס הויפּט־זײַל פונ ייִדישיזמ, דאָס איז געווענ דאָס באקוועמסטע מיטל צו פארוואנדלענ דעמ געזעלשאפט-קריטישנ שרײַבער אינ א ייִדישיסטישנ קינסטלער לעשעמ קונסט. דעריבער קאָנצענטרירט די ייִדישיסטישע מענדעלע־קריטיק איר אויפמערקזאמקײַט דעריקער אפ זײַנ סטיל. זי איגנאָרירט מער אָדער ווייניקער דעמ אינהאלט פונ זײַנ שאפנ אונ שטעלט אוועק אלס זײַנ הויפּט-פארדינסט — זײַנ שפּראכ אונ זײַנ סטיל. מאקע דערפאר אָבער איז נייטיק זיכ אויספירלעכ אָפּצושטעלנ אפ די פארשיידנערליי ייִדישיסטישע ארויסזאָגונגענ צו דער דאָזיקער טעמע, ווי אומבאדײַטנדיק ס'זאָל נית זײַנ די וואָג אונ דער ויסנשאפטלעכער ווערט פונעמ רוב דאָזיקע ארויסזאָגונגענ.

די מענדעלע-קריטיק פארמאָגט א טראדיציע פונ קימאט זיבעציק יאָר. מע קאָנ מיט א באשטימטער זיכערקײַט זאָגנ, אז וועגנ קיינ שומ ייִדישנ שרײַבער איז נית אזויפיל געשריבנ געוואָרנ סײַ פונ ייִדישע סײַ פונ נית-ייִדישע קריטיקער, ווי וועגנ מענדעלענ. מענדעלעס שעפערישע טעטיקײַט האָט זיכ געצויגנ זעכציק יאָר, אונ איז קעסיידער באגלייט געוואָרנ פונ א לעבהאפטיקער קריטיק, וועלכער ער האָט אופגעגעבנ נית ווייניק פראָבלעמעס. מיר קאָנענ זיכ נית גלאט אויסדרייענ מיט דער פלייצע צו דער דאָזיקער קריטיק־טראדיציע אונ זי סטאמ איגנאָרירנ, ווי זי וואָלט גאָרנית געווענ; גראָד דאָס וואָלט באטײַט צו עפענענ טיר אונ טויערנ פונ אונדזער ליטעראַטור־געשיכטע פאר אומקריטיש איבערגענומענע ווירקונגענ פונ דער דאָזיקער טראדיציע. דאָס איז די סיבע, פארוואָס מיר

מוזן זיך אזוי געגוי באשעפטיקן, זאָל זײַן כאָטש מיט די כאראקטעריסטישע ארויסזאָגונגען פון דער דאָזיקער טראַדיציע. —

מענדעלע האָט טאקע ביז גאָר באַדײַטנדיקס אופגעטאָן סײַ אין פראט פון שפּראַך און סײַ אין פראט פון סטיל. אָבער זײַן אופטוערישקײַט וואָס שײַעך פאָרם און אויסדרוק־מיטלען ליגט גאָר אין אַן אנדערער און אנט־קעגנגעזעצטער ריכטונג, ווי די, אפ וועלכער די ייִדישיסטן ווײַזן אָן. זײַן שפּראַך און זײַן סטיל, ווי ביכלאל זײַן ליטעראַרישע פאָרם, זײַנען אפ אזויפיל אופטועריש, אפ ויפל און ווי ווײַט זיי האָבן צום בעסטן אנט־שפּראָכן און אפּן פאסיקסטן ווירקזאמסטן אויפן אויסגעדריקט דעם ווערט־פולסטן טאָכ און אינהאלט פון זײַן סאָציאַלן שטרעבן.

דײַטלעכער: זײַנע פאָרמעלע אופטועג ליגן אפ דער ליניע פון דער געזעלשאפט־קריטיק, דה. אין באשאפן דעם סאטירישן סטיל פון גרויסן שניט מיט די אנשפּרעכיקע סיוזשעטן, פאבולעס, טיפּן, מיט דער אנט־שפּרעכיקער קאָנסטרוקציע, שפּראַך און פארשיידנערליי אנדערע סטיל־מאָ־מענטן. זײַן אופטו איז דאָ דער געזעלשאפט־קריטישער סאטירישער סטיל פון גרויסן שניט — און ניט, ווי די נאציאָנאַליסטן ווילן אײַנריידן, דאָס באשאפן די געזעלשאפט־אפּאָלאָגעטישע נאציאָנאַלע — אין עמעסן נאָ־ציאָנאַליסטישע — סטיליזאציע, וואָס ער האָט צומאָל, באזונדערס אין זײַן שפּעטן, פּעריאָד, „אויסגעבויט" פון זײַן פאראַדיסטיש־סאטירישן סטיל. זײַן שפּראַך איז דעמלט באַדײַטונגפול, ווען ער כאפּט אוף דאָס „אָפּגע־שטאַנענע" וואָרט פון די אָפּגעשטאנענע מאסן, קעדיי אמבעסטן צו שלאָגן זייער אָפּגעשטאַנענקײַט און ניט דעמלט, ווען ער וויל דערמיט זייער אָפּגעשטאַנענקײַט אמבעסטן גלעטן.

פּערעץ, וואָס איז דאָך געווען א טעאָרעטיקער פונעם מאָדערנעם ייִדישיזם, האָט צום פינף־און־זיבעציק־יאָריקן יובילײַ פון מענדעלען (1910) אָנגעשריבן א קליינעם, אָבער זייער קאָנצענטרירטן ארטיקל, אין וועלכן ער פײַערט מענדעלען אלס ערשטן פּראַקטישן ייִדישיסט אין דער ליטע־ראַטור. אפ דער דאָזיקער ליניע ליגן, לויט פּערעצן, מענדעלעס הויפּט־פאַרדינסטן: „בויט זיך א ליטעראַטור, האָט ער דעם עקשטיין געלייגט". מענדעלע „איז דער ערשטער, וואָס האָט געהאט ליבע און אכטונג... צום ייִדישן וואָרט און האָט עס געהאלטן און ערצויגן ריין..." דאָס איי־גענע שרײַבט דעמלט נאָמבערג: „דער ערשטער, וואָס לאָזט זיך ניט מיט־רײַסן פון דעם פּראָצעס (פון דער „זשאַרגאָניזאַציע" פון ייִדיש — מ.וו.), אפ וועמעס פּעסטן רוקן דער שטראָם שלאָגט זיך אָן און ווערט צוריק־געוואָרפן, איז געווען מענדעלע..." „וואָס אָנבאלאנגט דעם ריטמוס פון דער ייִדישער שפּראַך, שטייט נאָך מענדעלע ביז הײַנט אין דער שפּיץ פון

אלערליי סטילנ"... „מענדעלע, אלס דער ערשטער יידישער סטיליסט"[1]... נאָכ דער דאָזיקער שאצונג מענדעלעס דעריקער אלס שפּראַכ־שאפער און סטיליסט גייענ שוינ זייט דעמלט קימאט אלע יידישיסטישע, בורזשואזע און קליינבירגערלעכע שרייבער און קריטיקער. אמאָל אפילע שלעפּט זיכ דאָ נאָכ עמעצ נאָכ פונ די סאָוועטישע קריטיקער.

פארשטייט זיכ: פאר א פאָטער פונ יידישיזם, פאר פּערעצנ צו יענער צייט, ווענ ער איז שוינ לאנג אריבער אפ בורזשואזע פּאָזיציעס, האָט צו־שרייבנ מענדעלענ, אז ער איז געווענ דער ע ר ש ט ע ר ליבהאָבער און פארערער פונ „יידישנ וואָרט", אז ער האָט עס „געהאלטנ און ערצויגנ ריינ: נישט גערמאניזירט, נישט רוסיפיצירט, נישט אפילע אייראָפּייזירט, און ער איז דעריבער דער ערשטער, וואָס האָט א יידישנ סטיל באשאפנ, זיינ אינדיווידועל־יידישנ סטיל", געמוזט זיינ דער שטארקסטער ליב. פּערעצ האָט פאר מענדעלעס ק י נ ס ט ל ע ר י ש ק י י ט א י נ א ל ג ע מ י י נ ו ו י י נ י ק ס י מ פּ א ט י ע ס. ס'האָט אָבער געדארפט געשאפנ ווערנ די גאָלדענע יכעס־קייט פארנ בירגערלעכנ יידישיזם, און מענדעלעס יובילייִ האָט גוט געקאָנט דינענ פאר יידישיסטישער פּראָפּאגאנדע, און מענדעלע אליינ פארנ ערשטנ רינג אינ דער יכעס־קייט. אויכ פאר אלע איבעריקע יידישיסטישע קריטיקער איז דאָס געווענ זייער אָנעמבאר.

2

דער דאָזיקער טעזיס אנטשפּרעכט ניט דערווירקלעכקייט, ניט בלויז אינ דעם, וואָס ער אינטערפּרעטירט, נאָר אויכ אינ דעם, וואָס ער שטעלט פעסט אלס היסטאָרישע טאטזאכ.

פּערעצ דערקלערט: „מענדעלע איז דער ערשטער, וואָס האָט נאָכ א קורצער צייט פונ זייטיקע פּראָבנ אָנגעהויבנ שרייבנ „לישמאָ", ריינע קולטור־ווערטנ צו באשאפנ..." וואָס איז געמיינט מיט דער דאָזיקער קעגנשטעלונג פונ „זייטיקע פּראָבנ"—צו „„לישמאָ", ריינע קולטור־ווערטנ"? זיינע פּאָפּולער־נאטורוויסנשאפטלעכע און פּובליציסטישע יוגנט־ארבעטנ? די אידייִשקייט, די סאָציאלע אָנגעלאָדנקייט אינעם שאפנ פונעם צווייטנ פּעריאָד? פרעגט זיכ, ערשטנס: מיט וואָס זיינענ די דאָזיקע נאטורוויסנשאפטלעכע ווערק ניט געווענ קיינ „ריינע" קולטור־ווערטנ? און, צווייטנס, צי זיינענ ניט אויכ אלע שפּעטערדיקע און די סאמע בעסטע ווערק מענדעלעס דורכגעדרונגענ מיט „פּובליציסטיק", מיט די סאָציאלע פּראָבלעמעס, וואָס האָבנ אימ באשעפטיקט? צי איז ער ניט שטענדיק געבליבנ אידייִש

---

1 אינ „מענדעלע מויכער־ספאָרים, צו זיינ 75־יאָריקנ יובילייום" ווארשע, 1910, זז. 87־88

און סאָציאַל אָנגעלאָדן, „טענדענציעז" (כאָטש סע דאַרפֿן פֿאַרשיידן אָפּגעשאַצט ווערן די טענדענצן פֿון פֿאַרשיידענע פּעריאָדן)?

קלאָר, אַז פּערעצ, וואָס איז צו יענער צײַט שוין ווײַט אוועק פֿון זײַנע פֿריִערדיקע מער דעמאָקראַטישע אידעאַלן, מיינט דאָ פּאָשעט די פֿריִיקע ווערק מענדעלעס (1864—1869), זײַנ שאַרפֿערע דעמאָקראַטישע טענדענצ. — דאָס זײַנען עס די „זײַטיקע פּראָבנ", אַקעגנ וועלכע עס ווערנ געשטעלט די שפּעטערדיקע ווערק און איבעראַרבעטונגענ מענדעלעס (באַזונדערס זײַט די 80-ער יאָרנ), וואָס פֿאַרמאָגנ מער „עפּישע אָביעקטיווקײַט", אינ וועלכע מענדעלע באַווײַזט זיך ייִדישלעכער, געניגטער צו נאַציאָנאַליזמ און קלעריקאַליזמ, מעמײַלע אויכ געניגטער צו א „ריינעמ קונסט־שטאַנדפּונקט". טאַקע איבער דעמ קאָנענ זיי פּאַסיקער זײַנ פֿאַר אנ אָפּשאַצונג אינעמ ייִדישיסטיש-עסטעטיזירנדיקנ גײַסט. —

מענדעלע האָט פּונקט אַזוי ווי צו זײַנ שאַפֿנ ביכלאַל אויכ צו דער ייִדישער שפּראַכ ניט געהאַט קיינ לישמאָ־באַציונג. מיר פֿאַרמאָגנ א היפּש ביסל אַרויסזאָגונגענ מענדעלעס, וואָס זאָגנ איידעס, אַז ער איז געקומענ צו ייִדיש גאַנצ פּאָשעט פֿונ ריינע נוצלעכקײַט־צוועקנ, ניט צוליב „לישמאָ" און „ריינע קולטור־ווערטנ", נאָר פּאָשעט, קעדיי בעסער צו קאָנענ ווירקנ אַפּ די מאַסנ, פֿאַר וועלכע ער האָט געשריבנ. ער האָט זיכ היפּש לאַנג אינ דעמ פּראַט געוואַקלט. נאָכ אַרומ 1865—1867 יאָר פֿאַרטיידיקט ער העברייִש (ניט אויסשליסנדיק די ייִדישע שפּראַכ) אַלס מיטל פֿונ מאַסנ-אויפֿווירקונג, — העיוויס, זאָגט מענדעלע, ביכער אינ העברייִשער שפּראַכ האָבנ מער געדינט דער אויפֿקלערונג צווישנ ייִדנ איידער ביכער, וואָס זײַנענ געשריבנ אינ אַנדערע שפּראַכנ. מענדעלע דערקלערט דעמלט, אַז „אַפֿילע די געמיינע לײַט צווישנ ייִדנ קאָנענ לייענענ לאָשנ־קוידעש און לייענענ צומאָל אינ מוסער-ספֿאָרימ, אויב אַזוי זײַנענ זיי דאָכ א ביסל געלערנט" — אינ קעגנזאַצ צו די רוסישע מאַסנ, וואָס זײַנענ ביכלאַל ניט שריפֿטקענעוודיק. „דעריבער איז קיינ שומ סאָפֿעק ניט, אַז ווענ מע חאָלט פֿאַרשפּרייט צווישנ די ייִדישע מאַסנ פֿאַרשיידענע וויסנשאַפֿטלעכע ביכער, אָנגעשריבענע אַפּ העברייִש און מיט געשמאַק און פֿאַרשטאַנד אויפֿגעבויטע, וואָלט מענ זיי זייער גוט אויפֿגענומענ, און זיי וואָלטנ א סאַכ גענוצט. און די דאָזיקע ווערטער אונדזערע זאָגנ מיר ניט גלאַט אינ דער וועלט אַרײַנ, נאָר מיר קאָנענ זיי פֿאַרפֿעסטיקנ מיטנ איידעס פֿונ טאָג-טעגלעכער דערפֿאַרונג". מענדעלע פֿאַרופֿט זיכ דאַנ אַפֿנ דײַטשישנ אָריענטאַליסט פֿראַנצ דעליטש, אַז „די העברייִשע שפּראַכ איז ניט געשטאָרבנ" און אַז „זי איז געבליבנ די שפּראַכ פֿונ א פֿאָלקסטימלעכער ליטעראַטור"[1]. ניט

1 עין משפט, זשיטאָמיר, 1867, ז. 44.

געקוקט אַפֿ זײַנ ייִדיש־שרײַבנ זעצט ער טאקע פֿאָר זײַנ „תולדות הטבע“ אַפֿ העברעיִש ביז צום יאָר 1872. אנטשפּרעכנדיק צו זײַנע „דעמאָקראטישע“ באַשטרעבונגענ, עפּשער אונטער דער ווירקונג פֿונעם „דעמאָקראטיש“־ייִדישיסטיש געשטימטנ ליפּשיצ, אונ עפּשער אויכ טאקע אונטער דער ווירקונג פֿונ אַזעלכע קריטישע ארויסטרעטונגענ ווי א. קאָוונערס, ווענדט ער זיכ ריינ אוטיליטאַריסטיש צו דער שפּראַכ פֿונ די מאַסנ. אינ די 80־ער יאָרנ, ווענ ס׳פֿאַרשטאַרקט זיכ זײַנ נאַציאָנאַליזמ, ווענדט ער זיכ ווידער צו העברעיִש.

דער ייִדישיסטישער וואַריאַנט פֿונ נאַציאָנאַליזמ איז קיינמאָל ניט געווענ מענדעלעס זאַכ. ייִדיש איז אימ געווענ אונ געבליבנ דאָס „נוצלעכע“, העברעיִש „דאָס אייביקע“. די פֿאַרשטאַרקונג פֿונ זײַנ נאַציאָנאַליזמ גייט ניט אַפֿ דער ליניע פֿונ ייִדישיזמ, נאָר פֿונ העברעיִזמ.

אינ יאָר 1871 ווענדט זיכ מענדעלע צו דער מעלוכע מיט א ביטע וועגנ א דערלויבעניש ארויסצוגעבנ א זשורנאַל אַפֿ ייִדיש. צווישנ זײַנע מאָטיוונ רעכנט ער: אַז דורכ דער ייִדישער צײַטשריפֿט וועט מענ קאָנענ דערגרייכנ די „דערנעענטערונג מיטנ רוסישנ פֿאָלק“ (קעגנ דער דײַטשער אונ פּוילישער ווירקונג אַפֿ די ייִדישע מאַסנ), אונ מאַכנ פֿונ די מאַסנ „אויפֿריכטיקע רוסישע פּאַטריאָטנ“...[1] ווײַל מע זאָל דאָ פֿונ דעמ ארגומענט ניט דאַרפֿנ לייגנ אַפּנ כעזשבנ פֿונ דער אָבליגאַטאָרישער טרײַ־אונטערטעניקײַט, וואָס געהער זיכ פֿאַר א „פּראָשעניע“, איז אָבער די שפּראַכלעכע אַסימיליאַציע פֿונ די ייִדנ (לויטנ טיפּ: יאַהודימ פֿונ מוישעס גלויבנ, מיט רעליגיע, העברעיִש אונ דעמ גאַנצנ קלאַפּערגעצײַג) דער עמעסדיקער מיינ פֿונעמ „דעמאָקראַטישנ“ ליבעראַל צו יענער צײַט.

מענדעלע דערקלערט דאָס שפּעטער אויספֿירלעכער — אונ דאַפּקע אינ א צײַט, ווענ זײַנ נאַציאָנאַליזמ האָט זיכ גאָר באַדײַטנדיק פֿאַרשטאַרקט. זײַנ נאַציאָנאַליזמ גייט זיכ א באַזונדערנ וועג, דעמ יאַהודיש־העברעיִסטישנ (ניט צו פֿאַרבײַטנ מיט שטייגערישנ העברעיִזמ, וואָס וויל אײַנפֿירנ העברעיִש אַלס רייד־שפּראַכ, אַזאַ העברעיִסט איז מענדעלע קיינמאָל ניט געווענ). די שטייגער־שפּראַכ פֿונ די מאַסנ וועט אונ דאַרפֿ ווערנ רוסיש, אונ זשורנאַלנ אַפֿ ייִדיש געהערנ צו די מיטלענ אַפֿ צו דערגרייכנ דעמ דאָזיקנ ציל. וואָלט מענדעלע אינ יאָר 1885 געשטאַנענ אַפֿ א ייִדישיסטישנ שטאַנדפּונקט, וואָלט ער דעמאָלט בעשומויפֿנ ניט געשריבנ אַזעלכע ווערטער: „איכ בינ זיכער, אַז וואָס מער עס וועט זיכ רוקנ פֿאָרויס דאָס ליינזנ די פֿראַגע (די „ייִדנ־פֿראַגע“ — מ. וו.), אַלצ מער וועלנ פֿאַלנ

1 „צײַטשריפֿט“, ב. V, מינסק, 1931, אָפּטיילונג „פֿונ אונדזער אַרכיוו“, ז. 35.

די קינסטלעכע צוימען צווישן ייִד און קריסט און די רוסישע שפּראַך וועט אַרײַנדרינגען אין דער ייִדישער מאַסע; אָבער כאָטש איך ווינטש עס פון גאַנצן האַרצן, באַהויפּט איך — און דאָ איז נישטאָ קיין שום פּאַראַדאָקס — אַז די זשאַרגאָנישע ליטעראַטור אין דער ריכטונג, וועגן וועלכער איך האָב אויבן גערעדט (געמיינט איז די „אויפקלערונג" פון די מאַסן — מ. וו.), קאָן נאָר העלפן צו פאַרגיכערן דעם דאָזיקן פאַקט, צוגרייטנדיק אַ דאַנקבאַרן באָדן פאַר די זאָמען פון רוסישער בירגערלעכקייט. ענדלעך, וואָס איז שייַעך דער טײַנע, אַז דער זשאַרגאָן קאָן קלויםערשט נאָך געדיכטער מאַכן דעם כּוישעך, וואָס נעמט אַרום אײניקע מאָמענטן פון אונדזער לעבן, — איז דען ניט שפּראַך אַ פּאָשעט געווער, וואָס קאָן פּונקט אַזוי דינען פאַר דאָס גוטע, ווי פאַר דאָס שלעכטע, פאַר אויפקלערונג, ווי פאַר פאַרפינצטערונג, אָפּהענגיק פון דעם ווער און וויאַזוי עס באַניצט זי?.. מיר דוכט, אַז עס טאָר דערבײַ ניט זײַן קיין שום רייד ניט וועגן דער צוקונפט פון זשאַרגאָן, ניט וועגן זײַן ווערט נעבן דער רוסישער און דײַטשישער שפּראַך; די גאַנצע פראַגע באַשטייט נאָר אין דעם: ווען מיר אַנערקענען דעם אָנצווייפלדיקן פאַקט, אַז אַ גרויסער דיאַלעקט איז פאַרשפּרייט און הערשט — צי דאַרפן מיר אים דאַן ניצן ווי אַ מעכטיק געווער צו פּאָפּוליאַריזירן געזונטע אידייען און באַײַנפלוסן אין דער געהעריקער ריכטונג?.."

דאָס שרײַבט מענדעלע אַרום 1885 צו פּ. א. בעזסאָנאָוו, אַ מיטגליד פון דער רעגירונג־קאָמיסיע פאַר דער ייִדן־פראַגע, אין אַ בריוו, אין וועלכן מענדעלע איז ז״כ ווידעראַמאָל מישטאַדל צו באַקומען אַ דערלויבעניש אַפּ אַרויסצוגעבן אַ ייִדישע צײַטונג [1]. אָן ספק דאַרף מען אויך פון די דאָזיקע אַרויסזאָגונגען אַרופּלייגן אַ היפּשן ביילעק אַפּ דעם כאַראַקטער פונעם אַדרעסאַט און דעם ציל פון דעם בריוו. אָבער פּונקט אַזוי אָנסאָפּעקדיק איז אויך די טאַטזאַכע, אַז דאָס איז ניט די שפּראַך פון אַ מענטשן, וואָס האָט אַ שייַכעס צו ייִדישיזם אין פּערעצעס זינען. נאָך אַרום 1865—1867 זאָגט מענדעלע („עין משפט"), אַז די אינווייניקסטע פאַרפולקומונג פון די ייִדן דאַרף גיין אין „ז ײ ע ר ש פּ ר א כ" („בשפתם"). צוואַנציק יאָר שפּעטער זאָגט ער דאָס אייגענע. אַמאָל מיינט ער דערמיט העברייִש, דערנאָך סײַ העברייִש און סײַ ייִדיש — אָבער די אַנטוויקלונג פון זײַן נאַציאָנאַליזם גייט דעריקער אַפּ דער ליניע פון קלעריקאַליזם, אין וועלכן ס'ווערט אין בעסטן פאַל אײַנגעשלאָסן א ו י ך די ייִדישע שפּראַך, פּונקט

1 „דער זיידע צווישן אייגענע און פרעמדע, זיכרוינעס פון מענדעלעס טעכטער", וואַרשע, 1928, זז. 22 און ווײַטער.

ווי ביכלאָל ייִדישע מינהאָגים, יאָנטויווים, ייִדישער שטייגער אאַוו. ייִדיש אַלס „זעלבסטצוועק", אַלס „נאַציאָנאַל בינד-מיטל", אַלס „נאַציאָנאַלער אינ־האַלט" — קורץ, ייִדיש צוליב ייִדישיזם אין אייגנטלעכן באַטײַט, איז פרעמד געווען מענדעלעס אידעאָלאָגיע. דאָס איז אַ לעגענדע.

3

פּונקט אַזוי איז אויך די באַהויפּטונגען, אַז מענדעלע האָט דאָס „ייִדישע וואָרט" „געהאַלטן און ערצויגן ריין": „נישט געדמאַניזירט, נישט רוסיפיצירט, נישט אַפילו איירעפּעיִזירט" — אַ גוזמא. מענדעלע האָט זײַן שפּראַך גאָר ניט אַזוי שטאַרק געהאַלטן און ערצויגן „ריין". מענדעלע האָט זײַן שפּראַך, ערשטנס, זייער שטאַרק רוסיפיצירט. דאָס איז אַ פאַקט. ער האָט זי רוסיפיצירט אין דער מאָס, ווי דאָס איז נייטיק געווען פאַר זײַנע ליטעראַרישע אויפגאַבעס: קעדיי זי מאַכן צוטריטלעך פאַר די ברייטע מאַסן. די געניייטקײַט צו אַ באַשטימטן פּוריזם קומט ערשט סאָף 70־ער, און פאַרשטאַרקט זיך אַלץ מער דעריקער זײַט די 80־ער יאָרן.

ס'איז אויך נים ריכטיק, וואָס נאָמבערג זאָגט, „אַז... מענדעלע, ווי אַן עכטער קענער פון ייִדיש, היט זיך געוויינלעך פון סלאַוויזמען". ער היט זיך „געוויינלעך" ביז די 80-ער יאָרן, לעמאָשל, גאָר ווייניק פון סלאַווי־זמען. פאַרקערט, אין יענעם פעריאָד האָט זיך מענדעלע — צוליב רעאַליסטישע מאָטיוון — גענוצט מיט סלאַוויזמען אין אַזאַ ברייטן און פרייען אויפן ווי קיין ייִדישער שרייבער נישט ביז צו אים. אויך די „אַנטשולדיקונג" נאָמבערגס, אַז מענדעלע באַניצט נאָר „אַזוינע סלאַווישע ווערטער, וואָס קלינגען ווייך און מוזיקאַליש פאַרן אויער אָדער זײַנען ענלעך לויט זייער קלאַנג צו אַ ייִדיש וואָרט" איז פאַשעט אויספאַנטאַזירט (ס'פאַרשטייט זיך אַליין, אַז די סלאַוויזמען בײַ מענדעלען זײַנען געוויינלעך ביז צו אַ געוויסער מאָס „ייִדישיזירט" דורך ייִדישע פרעפיקסן, סופיקסן אאַוו.). מענדעלע באַניצט סלאַוויזמען אין די פאַלן, ווען זיי זײַנען אײַנגעפירט בײַ די מאַסן, אָדער ווען ער דאַרף אַרײַנפירן נײַע באַגריפן. זײַן געברויכן סלאַוויזמען גייט לויטן פּרינציפּ פון „גרעסטער עפעקטיווקײַט".

שפּעטער ווערט מענדעלע פּוריסטיש. דאָס איז פאַרבונדן מיט זײַן קער אָפּ רעכטס און מיט דער אָפּשוואַכונג פון זײַנע ראַדיקאַלערע טענדענצן. איז ער אָבער דאָ ניט קיין ערשטער. צענדליקער יאָרן פריִער איז ליִנגער געווען אַ סאַך מער און באַוווּסטזיניקער אָפּגעהיט פון גער־מאַניזמען און סלאַוויזמען איידער מענדעלע, אין אַ באַשטימטער מאָס קאָן מען דאָס אויך זאָגן וועגן אקסנפעלדן, כאָטש דאָס איז בײַ זיי

ניט בעקומענ פונ ייִדישיזמ, וועלכנ זיי וואָלטנ ניט פארשטאנענ אונ פונ וועלכנ זיי וואָלטנ זיכ אויסגעלאכט. זיי האָבנ פּאָשעט געוואָלט אויסמיַידנ, אז די שפּראכלעכע מיטלענ, וואָס זיי האָבנ באניצט פאר זייערע אויפקלער-צוועקנ, זאָלנ דיסקרעדיטירט ווערנ פונ די העברעיִסטישע קעגנער אלס א מאקאראָנישער מישמאש-זשארגאָנ. מיט זייער פּוריזמ האָבנ זיי פּאָשעט רעאגירט קעגנ דער העצע, וואָס דער העברייִשער שרײַבער טעוויע פעדער אונ אנדערע העברעיִסטנ האָבנ געפירט קעגנ דער ייִדישער שפּראכ אלס א צעקאליעטשעטנ וויסטנ זשארגאָנ. דערמיט האָבנ זיי געוואָלט הייבנ דעמ אווטאָריטעט פונ דער שפּראכ, אינ וועלכער זיי האָבנ געדארפט פירנ די אויפקלערונג, זי זאָל ניט ליַידנ פונ זיַיטיקע, ניט צו דער זאכ געהעריקע אָנגריפנ.

דעריקער אָבער איז? אויב מענדעלע האָט, באזונדערס אינ שפּעטנ פּע-ריאָד, זיכ באמיט „ריינ צו האלטנ" זיַינ שפּראכ פונ גערמאניזמענ אונ סלאוויזמענ — האָט ער זי אָבער גאָר ניט ריינ געהאלטנ פונ אנדערע עלע-מענטנ, וואָס האָבנ אינ זיַינ שפּראכ אריַינגעפירט א סאכ מער ווילדגראָז, וואָס האָבנ זי ניט ווייניקער געשעדיקט איידער סלאוויזמענ אונ גערמאניז-מענ. ער האָט זיַינ „וואָרט" אזוי שטארק העברעיִזירט, ווי זעלטנ עמעצ פאר אימ אָדער נאָכ אימ. אינ דעמ פּראט איז ער דער ע ר ש ט ע ר. אינ דעמ פּראט שלאָגט ער די „ייִדישיסטנ". וועגנ דעמ אָבער זאָגט פּערעצ גאָרניט, ער האלט עס דעמלט ניט פאר קיינ שאָדנ — וויַיל ער האָט דאָס אייגענע שוינ אליינ אינ זיַינ שאפנ שטארק דורכגעפירט. דער נאציָאָנאליסטישער ייִדישיזמ האָט גאָרניט קעגנ אזא העברעיִזאציע.

מענדעלע האָט געמאכט דעמ אָנהייב פונ דער נײַער ייִדישיסטישער העברעיִזאציע-כוואליע אינ דער שפּראכ. פריִער זיַינענ די אָנגעוואלגערטע העברייִשע עלעמענטנ בא מענדעלענ געוועזנ א וויכטיקער באשטאנד-טייל פונ זיַינע פּאראָדיסטיש-סאטירישע קאוואָנעס, א פאָרשריטלעכע דערשײַנונג, כאָטש זי האָט אָנגעוויזנ אפ דער פּעאָדאלישער אָפּגעשטאנענקײַט פונ דער מאסע, צו וועלכער ער האָט זיכ געווענדט „אינ זייער שפּראכ"[1]. שפּע-טער אָבער, ווענ ער האָט פונעמ שפּאס געמאכט אנ ערנסט, פונ דער פּאראָדיע — אנ ערנסט-געמיינטנ „סטיל", איז שוינ די אָנגעוואלגערטע הע-

---

[1] וועגנ מענדעלעס איבעראַרבעטונג פונ זשול ווערנס א דע־ציילונג „דער לופט־באַלאָנ" (1869) שרײַבט צעדע־בוימ („קול מבשר", 1869, נומער 25, זז. 171—172): „מע קענ שווערנ, עס איז אנ עכט ייִדיש אָריגינאל: אינ אזא עכט ריינ-ייִדיש איז די גאנצע מיַיסע באשריבנ, אָנ א שומ געמיש פונ דייטש, מיט אלע אימ פּאָלקגעברויכטע אויסדריקע, אינ דעמ זעלבנ טאָנ, דאר ניט קיינ לאָשנ פונ מארק־ייִדענעס, נאָר פונ בעסערע לײַטישע מענטשנ, פונ פראָסטע קלוגע אונ וועלטלעכע ייִדנ, וואָס האָבנ געלערנט אינ א כיידער אונ זיַינענ געקומענ צווישנ לײַט".

ברעיִאציע פונ זײַנ ייִדיש געוואָרנ א רעאקציִאָנערע טאטזאב. אינ דעמ פראט האָט מענדעלע ניט ווייניק געשאדט דער אנטוויקלונג פונ דער ייִדי־שער ליטעראטור־שפראכ.

דערמיט האָט ער אָנ סאָפעק קאליע געמאכט זײַנ הויכקינסטלערישע אונ אויסדרוקפולע שפראכ, געשטערט די ווירקונג פונ זײַנ ווערק אפ די מאסנ. אויב ס'איז אונדזער פראָלעטארישנ לייענער שווער צו לייענענ מענ־דעלענ אָנ זייער אויספירלעכע ווערטער־דערקלערונגענ, איז דאָס דעמ אמאָליקנ מאסנ־לייענער ניט גאָר קיינ סאכ גרינגער געווענ. אינ דעמ פראט האָט מענדעלע דאפקע זײַנ שפראכ ניט ריינ געהאלטנ — נאָר זשארגאָניזירט אפ א קלעריקאל־נאציִאָנאליסטישנ אויפנ.

מענדעלע האָט זײַנ ייִדיש אפילע ניט „אייראָפעיִזירט”, — דאָס איז (לע־היפעכ צו דער שפראכ פונ פערעצעס פריִיִקער שאפונג) אבסאָליוט ריכ־טיק. דעריבער איז ער אָבער ניט „דער ערשטער, וואָס האָט א ייִדישנ סטיל באשאפנ”, נאָר א קלעריקאליש־באפארבטנ עכט־ייִדישלעכנ סטיל, א לאָמדישנ אונ צוגלײַכ א צענע־אורענעדיקנ ייִדישלעכנ סטיל. בא די אופקלערער עטינגער אונ אקסענפעלד אינ די אויגנ וואָלט אזא מינ רעאק־ציִאָנערע „פאָלקיסטישקײַט” געווענ ווילד־פרעמד. אונ אפ אזויפיל זײַנענ זייערע שפראכלעכע אופטוענ סאר זייער צײַט געווענ אומענדלעכ פאָרשריטלעכער איידער מענדעלעס סטיל פונ יענער צײַט, ווענ ער הערט אופ צו זײַנ א פאראָדיע. דעמלט ווערט בא מענדעלענ די ייִדישע שפראכ א „פרוזדור”, א קאָרידאָר — צו דער „אייביקער” העברייִשער שפראכ, בײַס פאר עטינגערנ אונ אקסענפעלדנ איז ייִדיש געווענ א פאָרשריטלעכער אָפ־גאנג פונ דער פעאָדאלישער ייִדישלעכקײַט צו דער אייראָפּיִשער ציווי־ליזאציע.

4

דער אופקלערער עטינגער האָט זיכ באמיט צו אייראָפעיִזירנ ניט בלויז דעמ אינהאלט, נאָר אויכ די פאָרמ פונ זײַנ שאפנ. אונ ניט ווי דיק, לעמאָשל, דורכ פארייִדישלעכונג פונ סאָפעקדיק־„אייראָפּיִישע” ליטע־ראַרישע ווערק אונ דורכ אומגעלומפערטע אונ אומפארשטענדלעכע קוידע־וִישע דײַטשמעריזמענ, אונ ניט ווי לינעצקי דורכ אומבאהאָלפענע סלא־וויזמענ, נאָר סײַ מיטנ אינהאלט סײַ מיט די בילדער, מיטנ סיוזשעט, מיט דער סטרוקטור, מיטנ זאצבוי אאוו. קורצ: מיט דער קולטורעלקײַט פונעמ גאנצנ סטיל. דאָס איז דעמלט געווענ אָנ סאָפעק א פאָרשריטלעכע טאטזאכ. אפ וויפל מענדעלע איז אנ אופקלערער, שטרעבט ער מיט דעמ אינהאלט פונ זײַנ שאפנ צו אייראָפעיִזאציע. דער פאקט אָבער, וואָס ער

„נידערט“ אראָפּ מיט זײַן פֿאָרם ניט בלויז צו דער פֿאָרשריטלעכקײט פֿון די מאסן, נאָר אױך צו זײער אָפּגעשטאַנענקײט, שלעפּט זיך נאָך איר נאָך און ווערט לעסאָף (זעט די אכציקער יאָרן) אויך אין דעם פּראַט פֿון איר גענומענע אין שפּאַן — דער דאָזיקער פֿאַקט איז גיכער פֿאַר אַלץ פֿאַר־בונדן מיט יענע עלעמענטן אין מענדעלעס װעלטאָנשױונג, װאָס זײַנען ענלעך צום עפּיגאָנישן פֿאָלקיזם. מענדעלע איז טאַקע אַן ערשטער אין דעם פּראַט, װאָס ער פֿאַרייִדישלעכט ניט נאָר זײַן שפּראַך, נאָר אַפֿילו זײַנע בילדער, פּײזאַזשן אאַװ. ביז אין אינטימסטע דעטאַלן און באַפֿאַרבט זײ קלעריקאַל־נאַציאָנאַליסטיש. און דעמלט, װען דאָס האָט אױפֿגעהערט צו זײַן אַ פּאַראָדיסטישע מאַניר און איז געװאָרן פּרעטענציעזער ערנסט געמײנ־טער סטיל, „נוסעך“ — איז דאָס טאַקע געװאָרן אַ רעאַקציאָנערער און קינסטלעריש־שעדיקנדיקער פֿאַקט. פּערעצ האָט אָט אָ דעם סטיל געקאָנט אָנעמען ערשט דעמלט, װען ער איז שױן אַלײן אױך געװען שװער אָנ־געשטעקט מיט דער דאָזיקער מאַניר.

דעם דאָזיקן קלעריקאַל־נאַציאָנאַליסטישן „נוסעך“ מענדעלעס האָט ביאַ־ליק געקאָנט ליבן פֿון פֿולן האַרצן און זען אין אים דעם אײגנטלעכן הױפּט־אױפֿטו. ער שרײַבט: „דאָס װיכטיקסטע אָבער, װאָס ער (מענדעלע — מ. װ.) האָט געשאַפֿן, איז דער יעסאָד — און עפּשער דער סאַכאַקל פֿון זײַן אַלעם: דאָס איז „נוסעך“, פֿאָשעטער ליטעראַרישער נוסעך“ [1]. ביאַליק זאָגט װײַטער: „נוסעך — זאָגן ייִדן — איז מיסיני“ (צונױפֿגעבונדן מיט דער אוראַלטער רעליגיעזער טראַדיציע — מ. װ.)“... דער דאָזיקער ייִדישלעכער „נוסעך“ מענדעלעס איז אָבער גאָרניט אַזאַ „פֿאָשעטער ליטעראַרישער נוסעך“, װי ביאַליק האָט דאָס געשילדערט. ס׳איז ניט גלאַט אַ ליטעראַרישער סטיל־קאַנאָן ביכלאַל, װי ביאַליק דערקלערט װײַטער, נאָר אַזאַ ליטעראַרי־שער קאַנאָן, נאָך װעלכן ביאַליק גופֿע קאָן אין אײגענער פּראָזע זײַ־נער באַקװעם נאָכגײן, סײַ װען ער שרײַבט ייִדיש סײַ װען ער שרײַבט העברעיִש. דאָס איז אַ דורכױס ספּעציפֿישער ייִדישלעכער קלעריקאַל־נאַציָ־אָנאַליסטישער קאַנאָן. דאָס איז ניט אַזאַ „נוסעך“, מיט װעלכן מענדעלע האָט געקאָנט „אומבאַמערקט אַרײַנקריכן דעם פֿאָלק אין מאַרך אַרײַן, שטילערהײט זיך אים אַרײַנבאַקן אין האַרצן“, װי ביאַליק װיל פֿעסטשטעלן. דער דאָזיקער נוסעך האָט ניט קײן שײַכעס צום „פֿאָלק“ — נאָר צום ציִוֹ־ניסטישן און קלעריקאַלן בורזשואַ.

---

[1] ח. נ. ביאַליק: „מענדעלעס נוסעך“, ציטירט לויט ב. XX פֿון מענדעלעס װערק, זיכ־רױנעס װעגן מענדעלען. פֿאַרלאַג „מענדעלע“, ז. 9 און 12.

## 5

דער גרעסטער טייל בירגערלעכע און קליינבירגערלעכע קריטיקער, וואָס האָבנ געשריבנ וועגנ מענדעלענ זײַט זײַנ יובילײ אינ יאָר 1910, האָבנ דאנ שוינ עפעס גאָר באזונדערס אונטערגעשטראָכנ דעמ הויפט־פארדינסט מענדעלעס אלס באשאפער פונעמ עכט־ייִדישנ (לייענ: ייִדישלעכנ) סטיל. מע מוז פעסטשטעלנ, אז פערעצ האָט אינ זײַנ צוויי זײַטלעכ לאנגנ ארטיקעלע וועגנ מענדעלענ ארויסגעזאָגט אומפארגלײַכלעכ שארפזיניקערע און אינטערעסאנטערע געדאנקענ, איידער ווי אלע זײַנע נאָכזאָגערס אינ אלע זייערע אָנצאָליקע ארטיקלענ אינאיינעמ גענומענ. פערעצ האָט דאָרט אויסגעקלאָרט עטלעכע וועזנטלעכסטע מאָמענטנ אינ מענדעלעס שאפנ און אפ זיי אינטערעסאנט און ריכטיק אָנגעוויזנ. אינ דער אייגענער צײַט אָבער האָט פערעצ דער ערשטער מיט אזא שארפער ייִדישיסטישער פאָרמולירונג באטאָנט מענדעלעס הויפט־ווערט אלס באשאפער פונעמ „אינדיווידועל־ייִדישנ סטיל", פונ דער „לישמאָ"־קונסט אינ דער ייִדישער שפראכ. די איבעריקע ייִדישיסטישע אָפשאצער מענדעלעס האָבנ דאנ שוינ ווארײַרט דעמ דאָזיקנ טעזיס אפ די פארשיידנסטע אופאנימ. וועגנ דעמ ייִדישלעכנ סטיל אינ מענדעלעס פײַזאזש שרײַבט יעהויאָש: „אפ אלע זײַנע געמעלנ קענט איר זענ דעמ הייליקנ גלאנצ פונ סאָפרישער טינט". מענדעלע איז — לויט יעהויאָשנ: „ייִדיש דורכ און דורכ, אינ זײַנ ארט פונ זענ, אינ זײַנ קוק, אינ זײַנ אופאסונג און אינ זײַנ באציִונג און זײַנ שטעלונג צו דער נאטור, אזוי ווי צו דער וועלט" [1].

ניגער שרײַבט: „יעדער שרײַבער האָט סימאָנימ, לויט וועלכע מע דערקענט אימ. מענדעלענ דערקענט מענ נאָכ זײַנ שפראכ. ניט ווײַל זי איז אנ אייגנארטיקע — וועלכנ שרײַבערס שפראכ איז ניט אייגנארטיק? — נאָר ווײַל זי איז אנ אייגענע. קיינער אכוצ אימ האָט זי ניט. עס האָט זי דאָס פאָלק, ווו איר ערשטער מאָקער איז. אָבער באמ פאָלק איז זי א ווילד־גראָז, בא מענדעלענ א בלומ"... אאוו. [2]. פונ די דאָזיקע צעטומלט־פרעטענציִעזע פלוידערײַענ ניגערס ווערט בלויז קלאָר, אז ער וויל דאָס אייגענע זאָגנ, ווי פערעצ און ביאליק.

באלמאכשאָוועס דריקט דאָס אזוי אויס (ענלעכ ווי יעהויאָש): „אבראמאָוויטש איז דער אנטדעקער פונ דער ייִדישער (דאָס הייסט ייִדישלעכער —

1 „נאטור־שילדערונגענ אינ דער ייִדישער ליטעראטור", „די צוקונפט", ניו־יאָרק, 1911, נומער 5, ז. 259.

2 „וועגנ ייִדישע שרײַבער", ווארשע, 1912, ערשטער באנד, ז. 35.

מ. וו.) נאטור־באטראכטונג, ער האָט, קאָנ מענ זאָגנ, מעגײַער געווענ (! — וו. מ.) די נאטור, ער האָט זי אונדז געשילדערט אינ א שפראכ, וואָס איז ביז אימ נאָכ אפ דער וועלט ניט געווענ, אונ וועלכע פאסט אזוי צומ פאָלקס־גײַסט פונ דער גרויסער יידישער מאסע. מ. ראָזענפעלד, טיילווײַז פרוג, אונ קימאט אלע הײַנטיקע אונדזערע פאָעטנ שטייענ אינ דער נאטור־שילדערונג אונטער דעמ אײַנפלוס פונ אבראמאָוויטשעס שפראכ (לייענ: פונ אבראמאָוויטשעס יידישלעכנ „נוסעכ“ — מ. וו.). ער האָט ווי אנטפלעקט פאר אונדזער ליטעראטור דעמ שליסל צו א פארמאכטער טיר, א צײַט לאנג *פארמאכט* פאר די בעסטע פונ אונדזערע ליטעראטנ“[1].

אקעגנ דעמ דארפ מענ פעסטשטעלנ, ערשטנס: די יידישלעכקייט פונ מענדעלעס סטיל שטאמט פונ אנ אורשפרינגלעכ דורכויס אנטי־יידישלעכנ פאראָדיסטישנ, אָפשפאָטערישנ, איבערקרימענדיקנ טאָנ, וועלכנ מענדעלע האָט געיארשנט פונ דער אלטער טראדיציע אינ דער העברייישער פאראָדיסטישער ליטעראטור אונ פונ מאסקילישנ העברייִשנ פאראָדיעס-זשאנר („מגלה טמירין“ אא.). דער אורשפרינגלעכער קוואל פונ מענדעלעס שפעטערדיקנ יידישלעכנ „סטיל“ האָט גראָד געדארפט זײַנ א מיטל פונ בייזנ אָנראכמאָנעסדיקנ קאמפ קעגנ דעמ יידישלעכנ „נוסעכ“. דאָס איז ערשט שפעטער געוואָרנ, אנטשפרעכנדיק צו מענדעלעס קער אפ רעכטס. יענער מאגידיש־מעליצעדיקער „סטיל“, וועלכנ סע ליבנ אזוי ביאליק, יעהויאָש אא.

צווייטנס, אויב שוינ אפאנעמעסנ ריידנ וועגנ אנ אָנהייב פונ א מאָדערנעמ, ערנסטנ *ערשטנ* ליטעראַרישנ סטיל־קאנאָנ (אונ ניט וועגנ אנ אורשפרינגלעכנ כויזעק־סטיל, וואָס מע וויל אימ נעמענ ערנסט) קאָנ מענ אימ א סאכ גיכער געפינענ בא עטינגערנ (נאָכ וועמעס סטיל־טראדיציע פערעצ איז אינ זײַנ בעסטנ פעריאָד נאָכגעגאנגענ). דער דאָזיקער קאנאָנ איז אָבער געווענ „אייראָפעיִזירט“. ס'האָט זיכ די עלטערע יידישיסטנ ניט געלוינט אפ אימ באזונדערס אָנצווײַזנ (אלס עלטערזיידע פונעמ יידישיזמ איז עטינגער פראָקלאמירט געוואָרנ באזונדערס דורכ ווײַנרײַכנ), כאָטש עס בלײַבט א פאקט, אז גראָד די עטינגערישע סטיל־טראדיציע האָט שטארק געווירקט אפ דער אויסבילדונג פונ א וועלטלעכנ, ניט־יידישלעכנ אייראָפייִשנ סטיל אינ דע־ עלטערער יידישער ליטעראטור אונ צווישנ אנדערע טאקע אויכ אפנ יונגנ פערעצ.

דריטנס, איז די באהויפטונג, אז מענדעלעס יידישלעכער „נוסעכ“, איכ מיינ די יידישלעכע עלעמענטנ פונ זײַנ סטיל, האָבנ געהאט א באדײַטנדיקע ווירקונג אפ דער אנטוויקלונג פונעמ סטיל אינ דער

1 ציטירט לויט „קריטיק“, קיעוו, 1920, זז. 41—42.

יידישער ליטעראַטור, ביז גאָר איבערגעטריבן. זייער מעגלעך, אז די יידישע עלעמענטן פון מענדעלעס „סטיל" האָבן געהאַט א באַשטימטע ווירקונג אויף דער נאַטורשילדערונג בא מ. ראָזענפעלדן, אין יענע טיילן פון זיינע שאַפן, וווּ ס׳קומט באַזונדערס בולט צום אויסדרוק זיין נאַציאָנאַליזם; מעגלעך אויך, אז די דאָזיקע עלעמענטן האָבן געקאָנט האָבן א ווירקונג אויף פרוגס נאַציאָנאַליסטישער פּאָעזיע — ווי באַלמאַכשאָוועס וויל האָבן. ריכטיק איז, אז מענדעלעס העברעיישער „נוסעח" האָט „געעפנט א וועג" אַכאַד־האַאָמען און ביאַליקן, ווי בען־אַמי שטעלט פעסט [1]. אָבער אויב בען־אַמי באַהויפּטעט, אז „מיט זיין ערשטער אַרבעט (דאָס הייסט מיט זיינע שאַפן אויף יידיש, מיט זיין יידישלעכן „סטיל" — מ. וו.) האָט ער (מענדעלע — מ. וו.) געעפנט א וועג פערעצן און שאָלעם־אַליי‏כעמען", איז דאָס צום טייל פאַלש און צום טייל איבערגעטריבן און פאַרדרייט. ניט פאַראַן אין דער יידישער ליטעראַטור פון יענער צייט קיין גרעסערע און שאַרפערע סטיל־קעגנזאַצן, ווי מענדעלעס יידישלעכער „נוסעח" און פערעצעס — פערעצעס פון זיין ערשטן פעריאָד — אימפּרעסיאָניסטישער סטיל. פערעצ גייט דעמלט נאָך נאָך עטינגערס סטיל־טראַדיציע. בענעגייע שאָלעם־אַלייכעמען איז דאָס פאַלש באַנומען און פאַרדרייט. שאָלעם־אַלייכעם האָט פון מענדעלען איבערגענומען ניט זיין יידישלעכן „נוסעח", נאָר זיין כויזעקדיק־פּאַראָדיסטישן טאָן. אויף דער ווירקלעכער, פּאָרטרעטלעכער, קינסטלעריש־ווערטפולער אַנטוויקלונג פון ליטעראַרישן סטיל האָבן גראָד די יידישלעכע עלעמענטן אין מענדעלעס „נוסעח" ניט געהאַט קיין באַדייטנדיקע פּאָזיטיווע ווירקונג.

זיין סטיל איז שטאַרק און ווירקזאַם און פאַרמאָגט א גוואַלדיקן ווערט פאַר דער ליטעראַרישער ירושה דאָרט, וווּ ער אַנטשפּרעכט דעם פּאָרטרעטלעכן אינהאַלט פון זיינע וועלטאַנשויונג, דאָרט, וווּ ער שלייפט, דיסציפּלינירט און קולטיווירט די מאַסעווע האַמוינישע פּראָסטע שפּראַך, אָדער דאָרט, וווּ ער איז אָפּשפּעטעריש־פּאַראָדיסטיש. ער איז נישטיק, ווען ער ווערט א פּרעטענציעזער, נאַציאָנאַליסטיש־באַגרענעצטער און קלעריקאַל־באַפאַרבטער יידישלעכער „נוסעח". די ווירקונג פונעם דאָזיקן „נוסעח" האָט ניט געבראַכט גאָרניט באַדייטנדיקס פאַר דער אַנטוויקלונג פון א סטיל אפילו אין דער בורזשואַזער יידישער ליטעראַטור, אויב ניט רעכענען די לעכערלעך־אומגעלומפּערטע, נאַציאָנאַליסטיש־פרומלעכע „שפּראַך" פון די היינטצייטיקע יידישיסטן ווייַנרייַך און קאָמפּאַניע. מיט דעם דאָזיקן „נוסעח"

---

[1] „זיכרונות וועגן מענדעלען", ב׳ XX פון מענדעלעס ווערק, פאַרלאַג „מענדעלע", וואַרשע, ז׳ 30.

האָט מענדעלע קיין שום „וועג" ניט געעפנט — סײַדן פאַר דער אנאכראָניס־טישער העברעיִשער ליטעראַטור.

עמעס איז: מענדעלעס שאפן האָט געהאט א גרויסע ווירקונג אפּ דער אנטוויקלונג פון דער ייִדישער ליטעראַטור־שפּראַך, אָבער מיט גאָר אנדערע זײַטן פון זײַן סטיל, מיט גאָר אנדערע עלעמענטן איידער ווי די, וואָס די ייִדישיסטן ווילן האָבן. ניט מיט דער ייִדישלעכקײַט און נאַציאָנאַ-לישקײַט פון זײַן סטיל, נאָר מיט די עלעמענטן פון האמויניִשקײַט אין אים. מענדעלע האָט אופגעהויבן ריזיקע נײַע שפּראַך-פּלאַסטן פון די גע-דיכטסטע האמויניִשע מאסן, האָט די דאָזיקע נײַע שפּראַך-מאַטעריאַלן גראַמאַטיקאַליש־סטיליסטיש שטרענג דיסציפּלינירט, לויט פּרינציפּן, וואָס ער האָט זיי אופגעבויט אנטשפּרעכנדיק צו זײַנע געזעלשאַפטלעכע טענדענצן, מיט דער הילף פון טיפּסטער און אופמערקזאַמסטער באַאַרבעטונג פון דער מאסן-שפּראַך גופא, דורך א טיפן און ליבעפולן אַרײַנדרינגען אין איר אייגנטלעכסטן געוועב און אין דעם בעסטן, לעבעדיקסטן, וואָס זי פאַרמאָגט, אונטערוואַרפנדיק דאָס אַלץ אונטער די אידייען פון זײַנע ווערק.

מענדעלע האָט גינסטיק געווירקט אפּ דער שפּראַך פון דער ליטעראַטור, און טאקע אויך אפּ פּערעצן און שאָלעם־אַליכעמען, מיט דער וווּנדערלע-כער „פּלעבייִשער רײַכקײַט", פּילפאַרביקײַט, לעבעדיקײַט, טרעפ־זיכערקײַט, וואָס איז פאַראַן אין זײַן שפּראַך־סטיל נעבן, און אָפט אין ווידערשפּרוך, צו דער היפּער־„פּאָלקלאָרישער" ייִדישלעכקײַט, ער האָט געווירקט מיט דער האַרציקער אינטימקײַט פון זײַן שפּראַך-סטיל, אפּ וויפל די דאָזיקע מײַלעס זײַנען אַן אויסדרוק פון געזונטער האמויניִשקײַט, אפּ וויפל דאָס אַלץ איז ניט פאַרקריפּלט געוואָרן אין א צענערענעדיקער אָדער קלויזישער סטילי־זאציע.

די דאָזיקע מײַלעס באַווײַזן זיך באזונדערס דעמלט, ווען מענדעלע ווענדט זיך דירעקט צו שילדערונגען פון האמויניִשן לעבן. דאָס זאָגט איידעס וועגן זײַן טיפער ליבע צו די האמויניִשע מאסן. מענדעלע האָט געווירקט גוואַלדיק דערציִעריש, סײַ מיט זײַן שטענדיקן אָנזאָג, אז די ייִדישע שפּראַך איז ניט קיין העפקער, אז מע דאַרף איבער איר אַרבעטן ווי איבער יעדער אנדער שפּראַך, סײַ מיט דעם שטרענגן בײַשפּיל, וואָס ער האָט אין דעם פּראַט מיט זײַן שאפן געגעבן. אָט דאָס אַלץ זײַנען די עלעמענטן פון זײַן שפּראַך־שעפערישקײַט, וואָס האָבן געהאט א גרויסע ווערטפולע ווירקונג אפּ דער ליטעראַרישער אנטוויקלונג. דאָס איז דאָס ווערטפולסטע אין זײַן שפּראַך אַלס ירושה פאַר דער קולטור פון פּראָלעטאַריאַט. בעשומויפן אָבער ניט זײַן „מעגײַער זײַן" די

נאטור און די „אָריגינעלע עכט יידישע כסימע"[1], נים די יידישלעכקייט פון מענדעלעס סטיל, ווען ער האָט אָנגעהויבן צו פארוואנדלען די באַוווסטע פאראָדיסטישע עלעמענטן אין א נאציאָנאלער סטיליזאציע. —

מענדעלע איז געווען דער ערשטער באדייטנדיקער קינסטלער אין דער יידישער ליטעראטור בכלל און דער ערשטער ווירקלעכער פראָזאיקער ביפראט. דאָס איז א באנאלער עמעס, וואָס איז פאר יעדערן זעלבסט־פארשטענדלעך. ער איז אויך געווען אן ערשטער אינעם אויפן, ווי ער האָט זיך אלס קינסטלער באצויגן צו דער שפראך. א היפשער קערן עמעס איז אין דער באטאָנונג פון מענדעלעס פריאָריטעט אפן געביט פון קינסט־לערישער שפראך־פורעמונג יאָ פאראן, אָבער גאָר אין אן אנדערן זינען, ווי ביאליק און פערעץ האָבן דאָס אינטערפרעטירט. מענדעלע האָט דער ער־שטער געשאפן אין דער יידישער שפראך הויכע דערציילערישע פראָזע אין א שפראך־סטיל, וואָס איז געווען אָנגעזאפט מיט זיין באוווסטזי־ניקער באציִונג צו דער געזעלשאפטלעכער ווירקלעכ־קייט און וואָס איז פון דער דאָזיקער באציִונג מייסטע־ריש געפורעמט געוואָרן.

אויך אין אקסענפעלדס פרימיטיוון רעאליזם דינט דאָס וואָרט צו זיין געזעלשאפטלעכער אָנצילונג, אויך אין עטינגערס, דיקס און לינעצקיס ווערק. סע גייט אָבער וועגן דער מאָס, אין וועלכער דאָס וואָרט איז דורכגע־דרונגען און דורכגעפורעמט פון דער אינהאלט־אָנצילונג, אפ וויפל דאָס וואָרט ווערט באוווסטזיניק באהערשט און קינסטלעריש ווירקזאם לעטויוועס דעם אינ־האַלט. בא מענדעלען דערגרייכט די דאָזיקע באוווסטזיניקע און מייסטע־רישע באהערשונג פונעם וואָרט די עמעסדיק קינסטלערישע מאדרייגע פון אויסדריק־פייִקייט און ציל־געוועגדטקייט. זיין וואָרט איז ביז די אינטימסטע קניימשן געפורעמט אנטשפרעכנדיק צו זיין באוווסטזיניקער באציִונג צו דער געזעלשאפטלעכער ווירקלעכקייט. אין דעם פראט איז ער אויך אלס מייסטער פון שפראך־סטיל אן ערשטער אין דער יידישער ליטעראטור און נעבן שאָלעם־אליינכעמען אויך דער גרעסטער אין דער גאנצער יידישער בירגערלעכער ליטעראטור.

## 6

באלמאכשאָוועס זאָגט אויס דעם סאָד, פארוואָס די יידישיסטן קוועלן אזוי שטארק אָן פון מענדעלעס יידישלעכן „נוסעכ". „מיר שעצן און ליבן אבראַ־

1 רבי קצי (ראווניצקי) אין זיין ארטיקל „נייע ביכער", „יידישע פאָלקס־ביבליאָטעק", צווייטער בוך, 1889, ז. 276.

מאָוויטשנ פאר זײַנ נאטירלעכנ צובונד צו אלצ, וואָס איז ייִדיש, צו אלצ, וואָס צייכנט זיכ אויס מיט א ייִדיש טנועלע, גרימאסעלע אונ א ייִדישנ ריטמוס“. ניט צוליב זײַנ, מענדעלעס, קאמפ קעגנ דער ייִדישער „טנועלע, גרימאסעלע אונ א ייִדישנ ריטמוס“ — וואָס דאָס איז דאָכ געווענ דער דײַטלעכער אורשפּרינגלעכער ציל פונ זײַנ סטיל — נאָר גראָד צוליב דער פארקריפּלונג פונ דעמ דאָזיקנ אורשפּרינגלעכנ סטיל, וואָס האָט באַדארפט באַרעכטיקנ די פריִער באַקעמפטע ייִדישע „טנועלע, גרימאַסעלע אונ א ייִדישנ ריטמוס“.

באלמאכשאָוועס זאָגט ווײַטער: „אפילע די, וואָס האלטנ נישט פונ צוקונפט פונ ייִדיש, ווערנ נישטוימעמ אונ שטארק ניספּאָעל פונ דעמ וווּנדער, וואָס דער זשארגאָנ, וואָס איז אפילע פאר טאלאנטפולע פּאָעטנ נאָכ געווענ א מאָשל צו אלדער ווילדקײַט פונ ייִדישנ לעבנ (מיט מײַסטערשאפט באקעמפט אינ מענדעלעס פּאראָדיסטישנ סטיל — מ. וו.) — איז מיט איינמאָל (אינ מענדעלעס נאציאָנאליסטישנ „נוסעכ“ — מ. וו.) ארויס פונ אבראמאָוויטשעס פעדער מיט א ייִכעס־בריוו פונ א קלאָרער, רייִנער שפּראכ“. אינ מענדעלעס ייִדישלעכנ „נוסעכ“ פארערנ די ייִדישיסטנ דעמ ייִכעס־בריוו פונ זייער קלעריקאל־נאציאָנאליסטישנ ייִדישיזמ.

באלמאכשאָוועס דערקלערט ווײַטער: „וואָס אינ דער צײַט פונ דער האסקאָלע־עפּאָכע האָט אויסגעזעענ אינ די אויגנ, ווי מיסט (מיר מיינענ די ייִדישע סוויווע) — האָט באקומענ באמ ייִדנ (לייענ: באמ ייִדישנ בורזשוא אונ קליינבירגער אינ דער עפּאָכע פונ אימפּעריאליזמ — מ. וו.) א באזונדער אָנציִונג־קראפט. דער הײַנטיקער ייִד (!) זוכט גראָד „דעמ ווינקל“ (דאָס הייסט: דאָס אלטע מיסט — מ. וו.), ווו ער זאָל זיכ קאָנענ באַהאלטנ, דה. ווו ער זאָל זיכ קאָנענ פילנ, ווי בא זיכ, ווי אינ דער היימ“ [1]. מע קאָנ דאָס גאָרניט בעסער זאָגנ, ווי באלמאכשאָוועס האָט דאָס דאָ געטאָנ.

אונ באלמאכשאָוועס ציט ווײַטער זײַנ געדאנק: „געוויס האָט זיכ דאָס אויסערלעכע פּאָנעמ פונ הײַנטיקנ לעבנ געענדערט, אויכ אינערלעכ זײַנענ מיר אנדערע געוואָרנ. די טיפערע אָבער, די שטיל־פארבאָרגענע קנייטשנ פונ אונדזער גאָלעס־נעשאָמע (לייענ: פונ דער רעאקציאָנערער, קליינבירגערלעכער אונ בורזשואזער פּסיכאָלאָגיע אינ אונדזער פּעריאָד — מ. וו.), וואָס דאָס זעט נאָר א גאָט־געבענטשטער קינסטלער, האָבנ זיכ ווייניק וואָס געענדערט. אונ ווענ אונדז געלינגט זיי צו אנטפּלעקנ, האָבנ מיר עס צו פארדאנקענ איינציק אונ אליינ אבראמאָוויטשנ, וועלכער האָט זיכ געשטעלט

---

[1] באלמאכשאָוועס, „קריטיק“, זז. 35—36.

די אופגאבע (? די פראגע איז בלויז: ווען, מיט וועלכע ווערק, אין וועלכע פעריאָד? — מ. וו.) צו כאפן מיט זיין פענדזל „דאָס פינטעלע ייד". „שאָלעם יאנקעוו אבראמאָוויטש איז געוואָרן דער שילדערער פון דער קנעסעס־יסראָעל מיט איר וואָכעדיקער קעדושע און איר צעטומלטן, אָרעמען גאשמיעסדיקן לעבן"[1].

דאָס איז די סיבע, פארוואָס די יידישיסטן מוזן פונקט אזוי, ווי די העברעיסטישע ציעניסטן, אונטערשטרייכן דעם ווערט פון מענדעלעס „נוסעך", פון יענעם סטיל, וואָס האָט זיך באקומען, ווען זיין שארפער און ליידנ־שאפטלעכער פאראָדיע־טאָן איז געוואָרן געגליוווערט און פרומלעך. פרעמד און באדייטונגלאָז בלייבט פאר זיי יענער לעבעדיקער סטיל מענדעלעס, וואָס האָט געדינט אפ אראָפצורייסן די מאסקעס פון די פעאָדאלישע עקספלואטאטערס און פון דער אָפגעשטאנענער געזעלשאפט. מענדעלע אליין זאָגט וועגן זיך: „און א וואונדערלעכע זאך: ווי נאָר איך האָב אָנגעהויבן צו שרייבן לידער און די ערשטע פרוכט פון פען, א געהיילקטע צו גאָט — איז צו מיר געקומען דער סאָטן, דאָס איז דער אָפשפעטערישער מאלעך, וואָס געוועלטיקט איצט אין מיר אין געשטאלט פון מענדעלע מויכער־ספאָרים, און האָט מיך אָנגערייצט אָפצושפעטן פון מענטשן און אראָפרייסן די מאסקע פון זיי" (זע „ספר זכרון", 1889, ווארשע, מענדעלעס אווטאָביאָגראפיע, ז. 120). די דאָזיקע ווערטער גופע זיינען שוין סטיליזירט אין זיין פרומלעכן נוסעך. אָבער דער גרייזער סאטיריקער זאָגט דאָ דעם עמעס: אין דער פרי־צייט האָט איבער מענדעלעס שאפן געהערשט די סאטירע אין דער געשטאלט פון מענדעלע מויכער־ספאָרים, וואָס איז געווען א דעמאסקירנדיקער מעפיסטאָפל, איידער ער איז געוואָרן א באלטשוועדיקער מאגיד.

ארום 1885, האָט מענדעלע אזוי פאָרמולירט[2] זיין שרייבערישע אופגאבע: „...אין יידישן פאָלק, ווי אין יעטווידער געזעלשאפט, זיינען פאראן אייגענע אינווייניקסטע שטייגער־כאפאסן, וואָס דער רוסישער מענטש האָט צו זיי גאָר א קנאפע שייכעס; איך מיין — יענע אלע קאָמפליקאציעס, יענע אומרעכטן און אונטערדריקונגען, וואָס געהערן צום געביט פון באציונגען צווישן ייד און ייד; עס איז נאטירלעך און נויטווענדיק, אז מענטשן, וואָס האָבן ליב זייערע אייגענע, זאָלן זיי העלפן מיט א וואָרט, וואָס זאָל זיין פארשטענדלעך אלעמען און

[1] באלמאכשאָוועס, „קריטיק", ז. 23.

[2] אין זיין בריוו צו בעזסאָנאָוו, זע אויבן ז. 124.

יעדערנ, א וואָרט, וואָס דערמוטיקט אונ דערמאסקירט (פונ מיר
אונטערגעשטראָכנ — מ. וו.)". ווו איז דאָ „דאָס פינטעלע ייִדי"? ווו — „די
קנעסעס יִסראָעל מיט איר וואָכעדיקער קעדושע"?

מיט זײַנ סאטירישנ סטיל איז מענדעלע אויסנ געווענ צו באַ־
קעמפנ דעם גאנצנ פאראָדירטנ אָפגעשטאנענעם „סטיל" אינ ברייטסטנ זי־
נענ פונ וואָרט אונ אויכ די סיבעס, וואָס האָבנ אים אינ לעבנ ארויס־
גערופנ. שאָלעמ-אלייכעמ האָט אָנגעקניפט אָנ די טראדיציעס פונ מענדע־
לעס סאטירישנ סטיל, ווײַל ער האָט געדארפט אופדעקנ דעם מענא־
כעמ־מענדל פונ דער קאפיטאליסטישער פאָרמאציע, פונקט ווי מענדעלע
האָט מיט דעמ דאָזיקנ סאטירישנ סטיל אופגעדעקט דעם מענאכעמ-מענדל
פונ דער פארקאפיטאליסטישער פאָרמאציע. קיינ ווײַטערדיקע אנטוויקלונג
האָבנ די דאָזיקע עלעמענטנ פונ זײַנ סטיל, סײַ אינ זייער פאראָדיסטי־
שער סײַ אינ זייער פאטעטישער ליגאטור, ניט מער געקאָנט האָבנ. ער
האָט אינערגעצ ניט מער געקאָנט פירנ — סײַדנ צו דער פלוידערדיקײַט פונ
אָנויכיס „רעב אבע" אונ צו דער געל־פעליעטאָניסטישער עפיגאָניש־
קײַט פונ די קאָלערליי „טונקעלע" אינ „הײַנט", „מאָמענט" אאוו. ווײַל:
אינ זייער פראָגרעסיווער פאָרמ זײַנענ די דאָזיקע עלעמענטנ אינ זײַנ
סטיל געווענ ניט קיינ „פארגעניגנ", נאָר א ביטערע נויטווענדיקײַט,
אונ אינ זייער רעגרעסיווער פאָרמ זײַנענ זיי שוינ פונ אָנהייב אָנ געווענ
פארמישפעט צו זײַנ א סאָפ אונ ניט קיינ אָנהייב.—

אויסרעכענענדיק די הויפט־מײַלעס מענדעלעס, דערמאָנט פערעצ צומ
סאמע סאָפ אויכ, אז מענדעלע איז „געווענ דער ערשטער, וואָס האָט
דערזענ אונ צו זײַנ דאָר מאסקילימ אונ קולטורטרעגער געזאָגט: „פונ
רעפאָרמענ רעדט איר, פונ האסקאָלע, — דאָס פאָלק דארפ ברויט", אונ דער
ערשטער, וואָס האָט דערזענ דעמ קאָהאָלשנ באלטויווע אינ זײַנ ווירקלע־
כער געשטאלט, אונ דעמ אינטעליגענט פונ זײַנ דאָר, „בעשאס ער כאפט
זיכ ארופ רײַטנ אפ דער קליאטשע". דאָס אלצ איז ריכטיק. אונ נאָכ
מער: דאָס איז דאָס וויכטיקסטע אינ מענדעלענ. דאָס שטייט אָבער אינ
ווידערשפרוכ צו אנ אנדערנ טעזיס פערעצעס אינעמ זעלבנ ארטיקל, אז
מענדעלעס א הויפט־ווערט באשטייט אינ דעמ, „וואָס ער האָט נאָכ א קור־
צער צײַט פונ זײַטיקע פראָבנ אָנגעהויבנ שרײַבנ לישמאָ, ריינע קולטור־
ווערטנ צו באשאפנ..." אויב איינס איז א הויפט-ווערט, מוז דאָס צווייטע
זײַנ א מאנגל, א הויפט-כיסאָרנ. אנדערש קאָנ ניט זײַנ. גרויס איז מענדעלע
ניט מיט זײַנ שרײַבנ „לישמאָ", מיט זײַנ באשאפנ „ריינע קולטור־ווערטנ". אויב
פערעצ האָט דערמיט געמיינט „פישקע" אונ „מאסאָעס", זײַנענ די דאָזיקע
מײַסטער־ווערק לאכלוטנ ניט געשריבנ געוואָרנ „לישמאָ", אלס „קונסט צו־

ליב קונסט״; אָבער אפילע אזעלכע ווערק, ווי „דאָס ווינטשפינגערל״ (גרויסער וואריאַנט) און טײלנ פונ „שלוימע רעב כאיִמס״ זײַנענ נאָר דערפאר נאָכ הײַנט באדײַטנדיק, ווײַל ס׳זײַנענ אינ זיי פאָרט געבליבנ וויכטיקע עלעמענטנ פונ זײַנע פריִערדיקע „זײַטיקע פראָבנ״, א שטארקער אָפּהילכ פונ זײַנע פריִערדיקע רעאליסטישע קריטישע טענדענצנ.

# 1. ניכטערקייט און סאַנטימענטאַלישקייט

אינעם קינסטלערישן „קרעדאָ“, וואָס מענדעלע האָט סקיצירט אין זיין אויבן דערמאָנטן בריוו [1] צו פ. א. בעזסאָנאָוו (דעם ליבעראַלן מיטגליד פון דער רעגירונג־קאָמיסיע פאַר דער ייִדן־פראַגע), האָט ער געגעבן, כאָטש דאָס איז געשריבן אין די 80־ער יאָרן, אויסגעצייכנט קלאָרע פאָרמולירונגען וועגן זיין שטאַנדפּונקט אין די 60-ער און 70־ער יאָרן. מיט די דאָזיקע אויסקלאָרונגען איז ער אויסן צו באַרעכטיקן זיין פריִערדיקן סאַטיריש־קריטישן גאַנג און אים צו פאַרטיידיקן קעגן א טאָעסדיקער ליבעראַל־פּי־לאָסעמיטישער מיינונג, אַז קריטישע סאַטירע קאָן דאָ שעדלעך ווירקן און דינען אַלס אַרגומענט פאַר אַנטיסעמיטיזם.

מענדעלע שרייבט: „וואָס נעגייע מיר פּערזענלעך (מענדעלע מיינט זיין קינסטלערישן מעטאָד — מ. וו.), איז, אָפן געזאָגט, האָט איך פאַר זיך אויפ־ריכטיקייט, אַכוץ אַלע זייטיקע סטימולן — פאַר אַן עטישן כויוו. איך בין בא דער מיינונג, אַז מיטן עמעס, און איינציק אַליין מיטן עמעס (דאָס הייסט, מיטן „רעאַליזם“ — מ. וו.), קאָן מען דערגרייכן די ליזונג פון דער ייִדן-פראַגע אפּ א גערעכטיקן יעסאָד. און אַזוי ווי איך האָב ייִדן ליב מיטן גאַנצן האַרצן, האָב איך דעריבער אויסגעקליבן אין דער ליטעראַטור דעם וועג פון סאַטירע (פון מיר אונטערגעשטראָכן — מ. וו.), גאָר־נישט מוירע האָבנדיק צו פאַנאַנדערנעמען און אויפדעקן אונדזערע אינווייניקסטע פעלערן“...

„אינווייניקסטע“ קריטיק, קעדיי רייף צו מאַכן פאַר „עמאַנסיפּאַציע“, אויפצוקלערן די „אויסווייניקסטע“ וועלט, די ליבעראַלע פּילאָסעמיטן, וועגן דער שעדלעכער עקספּלואַטאַרישער ראָליע פון דער ייִדישער פּע־

[1] „דער זיידע צווישן פרעמדע און אייגענע, זיכרוינעס פון מענדעלעס טעכטער“, וואַר־שע, 1928, ז. 22 און ווייטער. די ציטאַטעס ווערן געבראַכט לויט דער ייִדישער איבערזעצונג אין דער דאָזיקער אויסגאַבע.

אָדאלישער גווירימשאפט, אָבער דעריקער, אופצוקלערנ וועגנ דער דאָזיקער ראָליע פונ דער גווירימשאפט די פונ איר עקספלואטירטע אונ אָפגעשטאנענע מאסנ גופע, צו וועקנ זייער זעלבסטבאוווסטזײַנ אונ זיי צו געבנ וואפנ קעגנ זייערע אינווייניקסטע אונטערדריקערס. „גלײַכצײַטיק מיט דעמ (מיטנ „אוועקשטעלנ די ייִדנ־פראגע פונ דרויסנ“ — מ. וו.) איז נויטווענדיק נאָכ אנ אינווייניקסטע ארבעט. די איבערצײַגטע אינטעליגענצ דארפ וועקנ אינ איר (אינ דער פאראָרעמטער מאסע — מ. וו.) זעלבסטבאוווסטזײַנ, דורכ אופדעקנ אירע נעגאטיווע זײַטנ, זי זאָל דאָס אליינ וויסנ, אונ עס זאָל אינ איר ארײַנגעפלאנצט ווערנ ריכטיקע בליקנ צומ ארומ. די מאסע זאָל דאָ ענדלעכ באקומענ א געווער צו באקעמפנ דעמ שעדלעכנ אײַנפלוס פונ יענע פערזאָנענ, וואָס אינ זייערע אינטערעסנ ליגט, צוליב די אָדער יענע טײַמימ, אײַנצוהאלטנ דעמ סטאטוס־קוואָ סײַ אינווייניק סײַ דרויסנ“... דעריבער, האלט מענדעלע, איז אינ דער ליטעראטור נייטיק א פארשטענדלעכ אונ קלאָר וואָרט, „וואָס דערמוטיקט אונ דעמאסקירט“...

דאָס האָט אלצ א שײַכעס צו זײַנ קריטיק פונ „אינווייניק“. דער „דרויסנ“, די „פּאָליטישע“ אָרדענונג איז פאר מענדעלענ — ווי מיר האָבנ שוינ פריִער געזאָגט — ניט קיינ אָביעקט פונ קריטיק. די דאָזיקע גרענעצ פונ זײַנ קריטיק האָט אָבער געמוזט צוריק ווירקנ אויכ אפ זײַנ קריטיק פונ אינווייניק, זי באגרענעצנ, ער האָט דעריבער געמוזט ניט בלויז „דעמאסקירנ“, נאָר אויכ „דערמוטיקנ“, דה., אז מיט דער סאָציִאלער „זעלבסטקריטיק“ איז בא אימ אָרגאניש פארבונדנ די סאָציִאלע „זעלבסטאפּאָלאָגיע“.

דער דאָזיקער געזעלשאפטלעכ־קינסטלערישער „קרעדאָ“ שטימט פּרינציפּיעל מיט זײַנע פּראָגראמאטישע ארויסזאָגונגענ פונ קימאט צוויי יאָרצענדליק פריִער („עין משפט“), זיי זײַנענ דאָ בלויז שארפער פאָרמולירט אונ אנטוויקלט. זיי קאָנענ דעריבער דינענ אלס אויסגאנג־פּונקט, סײַ באמ אויסקלאָרנ דעמ אינהאלט, סײַ באמ דערקלערנ די פאָרמ פונ מענדעלעס שאפנ אינ זײַנ צווייטנ פעריִאָד (1864—1879).

זײַט דעמ איבערבראָכ אינ מענדעלעס אידעאָלאָגיע, פארורזאכט פונ דער קליינבירגערלעכער אנטוישונג אינ דער „ציוויליזאציע“, אינ דער קאפּיטאליסטישער אנטוויקלונג, פארשווינדט בא מענדעלענ די געזעלשאפטלעכע האָפערדיקײַט אונ זײַנ זיכערקײַט, וואָס שײַעכ דער פריִערדיקער אופקלערערישער פּראָגראמ. די רעאקציע אינ די 80־ער יאָרנ, אונ די פּאָגראָמענ, וואָס זײַנענ סאָפּקאָלסאָפּ א רעזולטאט פונ די סטירעס אינ דער אנטוויקלונג פונ קאפּיטאליזמ אונ איינער פונ די אויפאנימ, ווי די דאָזיקע סטירעס האָבנ זיכ אויסגעווירקט אינ

באַציִונג צו די קלייןבירגערלעכע ייִדישע מאסנ[1] — האָבנ די אנטוישונג־שטימונגענ בלויז פארגיכערט און פארשטארקט. דער דעמאָקראטישער קאמפּ, וואָס שטרעבט אראָפּצוווארפנ דעם זעלבסטהערשעריש-גוטבאזיצעריש־קאפּי־טאליסטישנ רעזשים, איז פאר מענדעלענ געבליבנ פרעמד. ווערט זייַנ אָנ-צילונג אלצ מער און מער מעטושטעש — און אלס איינציק זיכערע טאַטזאַכ בלײַבט פאר אים: די נאציאָנאלע אונטערדריקונג פונ די ברייטסטע ייִדי־שע מאסנ, דער „שטילער דויערנדיקער פּאָגראָם״, די פארשטארקונג פונ די רעכטבאגרענעצונגענ. אינ אלגעמיינ פארלירט איצט מענדעלע זייַנ פריִעריקנ ניכטערנעמ קוק אפּ דער לאגע פונ דער מאסע, אפּ דער ראָליע פונ די עקספּלואטאטאָרישע קלאסנ, אפּ דעמ טראדיציאָנעלנ לעבנשטייגער. זייַנ אופקלערערישער אָפּטימיזמ ווערט אלצ מער פארטונקלט, און זייַט דעמ „פריזיוו״ קערט זיכ אינ זייַנ שאפנ אלצ דייַטלעכער ארויס די טענדענצ צו באַרעכטיקנ און צו ראָמאנטיזירנ די ביזקאפּיטאליסטישע פארהעלטענישנ. פריִער האָט מענ אינ זייַנ צוגאנג געקאָנט באמערקנ נעבנ דאָמינירנדיקער „ניכטערקייַט״ אויכ עלעמענטנ פונ סאנטימענטאליזמ. דעמאָלט איז דאָס געווענ א סאכ נענטער צו דער קאטעגאָריע „ליבע״, איידער צו סאנטימענטאלישקייַט; איצט דאָמינירט שוינ די סאנטימענטאלישקייַט, און די מאָמענטנ פונ שטרענגער ניכטערקייַט קומענ שוינ פאָר אלס דורכרייַסנ. אָנשטאָט דער עמעסער פאָר-שריטלעכער פאָלקס-ליבע, וואָס דערזעט און וועקט די מעכטיקע שאפע-רישקייַט פונ די ארבעטנדיקע מאסנ — לאָזט זיכ בא מענדעלענ אלצ אָפטער הערנ דער אײַנשלעפערנדיקער, סאנטימענטאל-באקלאָגנדיקער נ ע ב ע כ ־ ט אָ נ. זייַנ רעאליזמ שליסט זיכ איבער אינ ראָמאנטיזמ. סאטירע רוקט זיכ אָפּ אינ א זייַט. אינ פאָדערגרונט פונ זייַנ שאפנ שטייט איצט ברייטע געמיטלעכע „עפּיש-רוִיקע״ אָביעקטיווקייַט און לירישע פּאָעטיזירונג — פאסיקע אויסדרוק-מיטלענ פאר געזעלשאפטלעכער אפּאָלאָגיע פונ א ברייטנ פארנעמ.

די סטירעס אינ מענדעלעס קונסט שפּיגלענ אָפּ די סטירעדיקייַט אינ

[1] די פּאָגראָמענ אינ 1881—1882 זייַנענ אָרגאניזירט געוואָרנ דורכנ דעמאלטיקנ די־רעקטער פונ פּאָליציי־דעפּארטאמענט, דעמ שפּעטערדיקנ מיניסטער פּלעווע. זיי האָבנ געהאט דעמ צוועק אָפּצוווענדנ די אָנגעוואָקסענע סינע פונ די שטאָטישע קלײנבירגערלעכע מאסנ צו דער צארישער זעלבסטהערשאפט אפּ א — זאָל זייַנ „אינוויי־ניקסטנ״ — „נאציאָנאלנ פּײַנט״. אויסניצנדיק די אָפּגעשטאנענקייַט פונ די ראָזיקע פּיליסטערישע מאסנ, האָט די צארישע מע־לוכע דורכ די פּאָגראָמענ אפּ ייִדנ (אלס ענטפער אפּ די רעוואָליוציאָנערע ארויסטרעטונגענ פונ די נאראָדנאָוואָלצעס) געוואָלט אָפּשרעקנ די רעוואָליוציאָנערנ און זיי וויַיזנ „דעמ צאָרנ פונעמ פאָלק״. די טראדיציאָנעלע אנטיפּאטיע פונ די שטאָטישע אָפּגעשטאנענע מיעשטשאנעס צו די ייִדנ און דער פאקט, אז צווישנ די נאראָדנאָוואָלצעס זייַנענ פאראנ געווענ אויכ ייִדנ — איז זיכ דאָ צו דעמ צוועק זייער גוט צוניצגעקימענ.

דער געזעלשאפטלעכער סיטואציע פונ דער פאראָרעמטער שטעטלדיקער קלײנבירגערלעכער מאסע, וואָס שטעקט נאָכ טיפ אינ אזעלכע פארהעלטענישנ, וועלכע זײַנענ ניט ווײַט אוועק פונ די פעאָדאלישע — אונ דאָס אינ א פעריאָד פונ אנטוויקלונג פונ קאפיטאליזמ. די דאָזיקע מאסע געפינט זיכ אינ קלעמ: צווישנ די אלטע, נאָכ ווײַט ניט אָפגעשאפטע צאָרעס פונ דער פעאָדאלישער אָרדענונג — אונ דעמ דרוק פונ אופקומענדיקנ קאפיטאליזמ.

מענדעלע זעט קלאָר די סטירעס צווישנ די פעאָדאלישע רעשטלעכ אונ דער נײַער אָרדענונג, אָבער די אינעווייניקסטע סטירעס פונ דער נײַער אָרדענונג גופע, איר ווירקונג אפ דעמ קלײנבירגערלעכנ קלאס הייבט ער ניט אָנ צו באנעמענ. אינ לעבנ שטויסט ער זיכ, וואָס שפעטער אלצ מער, צונויפ מיט די דאָזיקע סטירעס פונ דער נײַער אָרדענונג, ער ווייס אָבער ניט זייער באטײַט, זיי פאלנ ארויס אלס „אומגעוזעצלעכע“, „אומנאטירלעכע“ פונ זײַנ וועלט-באנעמ, אקעגנ זיי שטייט זײַנ וועלטאָנשויונג הילפלאָז אונ פארלאָרנ.

די דאָזיקע בלינדקײַט בענעגייע דעמ מעהוס פונ דער נײַער קאפיטאליסטישער אָרדענונג האָט באקומענ איר טיפ-קאָנסערוואטיווג כאראקטער דורכ דער ספעציפישער שטעטלדיק-קלײנבירגערלעכער נאציאָנאלער באגרענעצטקײַט פונ זײַנ וועלטאָנשויונג. שטארקע רעשטלעכ פעאָדאליזמ, וואקסנדיקער קאפיטאליזמ, א שטעטלדיק פאראָרעמט אונטערדריקט אונ האלב-פאראזיטיש קלײנבירגערטומ, וואָס לײַדט פונ בײדע, אנ „אופקלערערישע“ וועלטאָנשויונג, וואָס בלײַבט אָבער שטעקנ אינ פיליסטערישער באגרענעצטקײַט — דאָס זײַנענ די הויפט-סטירעס, אינ וועלכע מענדעלע האָט געשטעקט פונ סאמע אָנהייב אָנ אונ וואָס האָבנ זיכ מיט דער צײַט בלויז מער אונ מער פארשטארקט.

די רעשטלעכ „ניכטערקײַט“ שטויסנ אימ ארויסצוטרעטנ קעגנ דעמ ציאָניזמ, לעמאָשל („אינ א שטורעמ-צײַט“ אא.), זײַנ יערידישקײַט רופט בא אימ ארויס סימפאטיעס צומ ציאָניזמ („א גראָע האָר“ אא.). ער באציט זיכ ניכטער-סקעפטיש צו דער העברעיִש-פראָפאגאנדע — אונ איז אלײנ העברעיִסטיש ביז צו רעליגיעזקײַט. גענוג אָפט רײַסנ זיכ אויכ איצט בא אימ דורכ בייזע שטעכווערטער קעגנ די אלטע אונ נײַ-מאָדישע שטאָטבאלטויוועס, גווירימ, פאָלק-פארזאָרגערס (זע „ווינטשפינגערל“, גרויסער וואריאַנט), קעגנ דעמ פארקריפלטנ טראדיציאָנעלנ לעבנשטייגער אאוו. — אונ אינ דער זעלבער צײַט דערגרייכט זײַנ אפאָלאָגיע פונ די דאָזיקע פיגורנ אונ פונ דעמ דאָזיקנ שטייגער ביז צו ראָמאנטיזירנדיקער אידעאליזאציע (אינ „די גראָע האָר“, „ווינטשפינגערל“ גרויסער וואריאַנט, „שלוימע רעב כאַימס“ אא.).

אויכ פריער זײַנענ בא מענדעלענ פאראנ געווענ עלעמענטנ פונ סאנ-

טימענטאלער געזעלשאפט־אפּאָלאָגיע. אָבער סאָפּקאָלסאָפּ האָט דאָס דעמלט פּאָרט געהאט אנ אנדערנ באטײַט. דעמלט זײַנען זיי געווײַנלעכ פּאָרט אפּ א געוויסנ אויפּנ געווענ פארבונדנ מיט זײַנ געזעלשאפט־קריטיק; דער סאנ־טימענטאל־אפּאָלאָגישער עלעמענט איז דעמלט דעריקער אויסנ געווענ צו הייבנ דאָס זעלבסטבאוווסטזײַנ פונ דער מאסע אינ אירע אייגענע אויגנ, אונ איר מענטשלעכנ ווערט אינ די אויגנ פונ די ייִדישע אונ ניט־ייִדישע מאכטהאָבערס. אפּ אזא אויפּנ זײַנען די עלעמענטנ פונ אפּאָלאָגיע אָפּט געווענ סטירעדיק צו דער געזעלשאפט־קריטישער טענדענצ, זיי האָבנ זי אָבער לאכלוטנ ניט אויסגעשלאָסנ אונ זײַנען אויסנ געווענ ביז צו א באשטימטער מאָס — איר צו דינענ. אינ יענעמ פעריאָד האָט אינ זײַנע אפּאָלאָגעטישע עלעמענטנ פּאָרט מיטגעקלונגענ א שארפער טאָנ פונ קלאסעווער פראָנדיראָ־רישקײַט, דעריבער איז זײַנ דעמלטיקער סאנטימענטאליזמ געווענ אנ אָפּ־טימיסטישער. וואָס שפּעטער אָבער האָט אפילע די צומאָליקע קלאסעווע טײַנע אלצ אָפּטער אונ מער געדארפט דינענ דער נאציאָנאליסטישער אָפּאָ־זיציע, אונ האָט אינ טאָכ געטראָגנ א טיפ־פּעסימיסטישנ כאראקטער.

דאָס זײַנען די הויפּט־סטירעס אינ מענדעלעס וועלטאָנשויונג. אונ פונ־דאנענ שטאמט אויכ די סטירעדיקײַט, וואָס מיר מוזנ פעסטשטעלנ, סײַ אי־נעמ אינהאלט אונ סײַ אינ דער פאָרמ פונ זײַנ קינסטלערישנ שאפנ. אינ דער ווידערשפּרעכלעכקײַט פונ זײַנע קינסטלערישע פאָרמ־מיטלענ האָט זיכ רעפּראָדוצירט די סטירעדיקײַט פונ זײַנע אידעאָלאָגישע טענדענצנ.

## 2. סטיל־מיטלענ פונ קריטיק אונ אפּאָלאָגיע

מיט דער קינסטלערישער רעאליזירונג פונ דער „דעמאָקראטישער" גע־זעלשאפט־קריטיק זײַנען פארבונדנ די ווערטפולסטע, פרוכטבארסטע פאָרמ־עלעמענטנ אינ מענדעלעס קונסט. די קינסטלערישע רעאליזירונג פונ דער לי־בעראלער געזעלשאפט־אפּאָלאָגיע איז — אכוצ יענע ווערטפולע מאָמענטנ, וואָס ווײַזנ אויכ דאָ פּאָרט אָנ אפּ א פארבינדונג מיט דער געזעלשאפט־קרי־טיק — דער באָדנ פאר די שטערנדיקע פאָרמ־עלעמענטנ אינ דער אנט־וויקלונג פונ זײַנ קינסטלערישקײַט.

צוליב איבערזיכטלעכקײַט וועלנ מיר דאָ אויסרעכענענ די וויכטיקסטע פאָרמ־עלעמענטנ אינ מענדעלעס שאפנ אונ וועלנ זיי ד ע ר ו וײַ ל אנטקעגנ־שטעלנ אינ צוויי גרופּעס. דאָס טאָר, מארשטייט זיכ, ניט באנומענ ווערנ ווי א קאטעגאָרישע אונ דאָגמאטישע סכעמע — איכ שטרײַכ דאָס באזונדערס אונטער. די אנטקעגנשטעלונג פונ די גרופּעס פאָרמ־אייגנשאפטנ איז בלויז א ב א ד י נ ג ל ע כ ע, ווײַל טראָצ דער ווידערשפּרעכלעכקײַט זײַנען די גרופּעס

אפנ ענגסטנ אויפנ פארבונדנ. אזא דערוויילִיקע אנטקעגנשטעלונג פונ די צוויי סטירעדיקע גרופעס פאָרם־אייגנשאפטנ דארפ בלויז דינענ אפ צו פארגרינגערנ די איבערזיכטלעכקייט באם אנאליז און באם אויסקלאָרנ סיי די סטירעדיקייט סיי די פארבינדונג פונ די דאָזיקע גרופעס פאָרם־אייגנשאפטנ אינ מענדעלעס שאפנ.

I. געזעלשאפט-קריטיק: פאמפלעטישקייט; סאטירע; פאראָדיסטישקייט; „אָנראכמאָנעסדיקייט" אינ דער דעטאלנ-מאָלערײַ; אָפשפעטערישער פאָלקלאָריזם; „שטראָפנדיקע" (קריטיקירנדיקע) רעזאָנערישקייט; שטייגערישער עמעס (זאכלעכער שטייגער-רעאליזם), רעאליזם אינ דער פאבולע.

דער כאראקטעריסטישער הויפט-שטריכ פונ דער דאָזיקער־גרופע פאָרם־אייגנשאפטנ איז רעאליסטישע „ניכטערקייט".

דערמיט איז פארבונדנ: לאָגישקייט און פארגאנצטקייט אינ דער אנטוויקלונג פונ דער קאָמפאָזיציע (אינ „דאָס קליינע מענטשעלע", „טאקסע", „מאסאָעס" אא.).

II. געזעלשאפט-אפאָלאָגיע: פאָעטיזירטע אלעגאָרישקייט; עפישע רויִקע „אָביעקטיווקייט"; לירישע אידעאליזאציע; אידילישע זשאנר-מאָלערײַ און פייזאזש-שילדערײַ; פאָזיטיווע סטיליזאציע פונ פאָלקלאָריזם; באקלאָגנדיקע, וויינעוודיקע רעזאָנערישקייט; פאנטאסטישקייט; שפאנענדיקייט און „סענסאציאָנעלישקייט" אינ דער אינטריגע.

דער כאראקטעריסטישער הויפט-שטריכ פונ דער דאָזיקער גרופע פאָרם־אייגנשאפטנ איז ראָמאנטישע סאנטימענטאלישקייט.

דערמיט איז פארבונדנ: אָרנאמענטאלישקייט, פראגמענטארישקייט, עפיזאָדישקייט און געבראָכנקייט פונ דער קאָמפאָזיציע (צום טייל אינ „קליאטשע", „פישקע", „ווינטשפינגערל" — די גרויסע ווארִיאנטנ, — „שלוימע רעב כאיִמס", א ריי קלענערע דערציילונגענ אאוו.).

דער צונויפשטויס פונ ביידע גרופעס פאָרם־אייגנשאפטנ באווײַזט זיכ אינ זײַנ הייכ־פונקט אלס גראָטעסק.

ביידע גרופעס פאָרם־אייגנשאפטנ זײַנענ ענג פארבונדנ איינע מיט דער אנדערער, זײַנענ פארוואָרצלט אינ מענדעלעס אידעאָלאָגיע, דעריבער קאָנענ מיר עלעמענטנ פונ ביידע געפינענ אינ אלע פעריִאָדנ פונ זײַנ שאפנ. אפ וויפל די צווייטע גרופע פאָרם־אייגנשאפטנ איז דאָכ טיילווײַז אויסנ צו דינענ אויכ דעם ערשטנ פונקט פונ זײַנ פראָגראם, דער „אינערלעכער" רעפאָרמע, אופצוּוועקנ דעם באוווסטזײַנ פונ די מאסנ אאוו. — כאָטש טאקע אפ א פארקריפלטנ באגרענעצטנ אויפנ — אנטהאלט זי צומאָל אויכ אזעלכע עלעמענטנ, וואָס זייער פונקציע ווערט, אזוי צו זאָגנ, אסימילירט אינ דער פונקציע פונ דער ערשטער גרופע פאָרם־אייגנשאפטנ. אפ

אזויפיל איז דאָס לאבלוטנ ניט אויסגעשלאָסנ, אז צומאָל ווערנ עלעמענטנ פונ דער צווייטער פאָרמ-גרופע, סטירעדיק פארבונדענע מיט פאָרמ-דערשײַנונגענ פונ דער ערשטער גרופע, אונטערטעניק געמאכט צו דער פראָגרעסיווער טענדענצ פונ געזעלשאפט-קריטיק. זיי פונקציאָנירנ דאנ לעטויוועס דער דאָזיקער „טענדענצ“, כאָטש אינ אלגעמיינ איז דאָס פאר דער דאָזיקער גרופע פאָרמ-אייגנשאפטנ ניט כאראקטעריסטיש. אונ פונקט אזוי, פארקערט, דארפ מענ דאָס אייגענע זאָגנ אויכ וועגנ עלעמענטנ פונ דער ערשטער גרופע פאָרמ-אייגנשאפטנ, אז איבער דער באגרענעצנדיקער צוריקווירקונג פונעמ צווייטנ פונקט אינ זײַנ פראָגראמ (ליבעראלע שטאדלאָנעסדיקע פראָפאגאנדע פונ עמאנסיפאציע) אפנ ערשטנ ווערנ צומאָל א טייל עלעמענטנ פונ דער ערשטער פאָרמ-גרופע אונטערטעניק געמאכט צו דער דאָמינאנטע פונ דער געזעלשאפט-אפאָלאָגיע. כאָטש, אינגאנצנ גענומענ, זײַנענ די דאָזיקע פאָרמ-פאקטנ ניט קיינ כאראקטעריסטישע אויסדרוק-מיטלענ פאר אזא סאָציאלער טענדענצ. מיר מוזנ זיכ זייער היטנ אינ אזעלכע פאלנ סכעמאטיש צו קאטעגאָריזירנ: אומבאדינגט אזעלכע אונ אזעלכע אויסדרוק-מיטלענ פאר אזעלכע אונ אזעלכע סאָציאלע טענדענצנ — אויב מיר ווילנ ניט ארײַנפאלנ אינ גראָבע אונ שעדלעכע טאָעסנ.

וואָס מע קאָנ אָבער מיט זיכערקײַט פעסטשטעלנ איז, אז אינעמ פאָרשריטלעכנ פעריאָד פונ מענדעלעס שאפנ דאָמינירט אינ זײַנע קינסטלערישע אויסדרוק-מיטלענ מער די פאָרמ-אייגנשאפטנ פונ דער ערשטער גרופע, אונ אינעמ יערידיש-ראָמאנטישנ פעריאָד פונ זײַנ שאפנ (זײַט די 80-ער יאָרנ) — די פאָרמ-אייגנשאפטנ פונ דער צווייטער גרופע.

## 3. וועגנ גראָטעסק

ס'איז אנ אייגנטימלעכע דערשײַנונג אינ מענדעלעס שאפנ, אז דאָרט, ווו די סטירעדיקײַט אינעמ אידעאָלאָגישנ אינהאלט, די ווידערשפרעכלעכקײַט פונ זײַנע טענדענצנ יוירט אָנ צו דער העכסטער מאדרייגע, ווו דער ווידערשפרוכ צווישנ דעמ ניכטערנ רעאליסטישנ אונ דעמ סאנטימענטאלנ צוגאנג שטויסט זיכ צונויפ אינ א שארפנ קאָנפליקט — ברעכט זיכ די סאטירע איבער אינ גראָטעסק. דער סאטירישער טאָנ איז אינ אזעלכע פאלנ אָנגעצויגנ ביז אפ דער העכסטער, קימאט שוינ גרילצנדיקער נאָטע, ער ווערט אָבער אפ אנ ענג צונויפגעבונדענעמ, כאָטש ביז גאָר סטירעדיקנ אויפנ, באגלייט פונ א טיפ לירישנ טאָנ, וואָס איז אינ יענע פאלנ אָנגעצויגנ קימאט שוינ ביז צו א ווײַנעוודיק־סאנטימענטאלער נאָטע. אלס רע־

זוֹל:זאט דערפונ באקומט זיכ דאָס גראָטעסקע[1]. סאמע סארקאסטישסטער אָפּשפּאָט, אויסגעמישט מיט ווייכהארציקער אפּאָלאָגיע — באקומט זיכ גרימאַסירנדיקער גראָטעסק. דאָס דארפ אינ דער אייגענער צײַט קריטיקירנ אונ בארעכטיקנ, אויסלאכנ אונ ארויסרופנ מיטגעפיל.

עס איז פארשטענדלעכ, אז די עלעמענטנ פונ גראָטעסק געפינענ זיכ אמגעדיכטסטנ ניט אינ יענע ווערק, וו ס׳דאָמינירט דער אָנגריפ אפ דער גווירימשאפט, נאָר ווו עס האנדלט זיכ וועגנ דער אופקלערנדיקער קריטיק פונ די פאראָרעמטע, אונטערדריקטע, אָפּגעשטאנענע מאסנ גופע, אינ „פּישקע“, אינ „מאסאָעס“, אָדער ווו די קריטיק מוז, צוליב דעם באגרעגעצטנ פּאָליטישנ ליבעראליזמ מענדעלעס, אָפּשפּרינגענ פונעם אייגנטלעכנ אדרעסאַט, פונעם צארישנ רעזשימ, אונ שיסנ אינ דער לופט ארײַנ, טרעפנדיק צומאָל ניט דעמ פארורזאכער, נאָר דעם קאָרבנ פונ דער פּאָליטישער אונטערדריקונג — אינ דער „קליאטשע“. עס איז ניט קײנ צופאל, וואָס אמשטארקסטנ באווײַזט זיכ דער עלעמענט פונ גראָטעסק אינ „מאסאָעס“, אינ דעם ווערק, וואָס גיט אפ א קאָנצענטרירטנ אויפנ מענדעלעס באציִונג צו די שטעטלדיקע אָפּגעשטאנענע מאסנ — אונ אגעוו טאקע הארט פאר די 80־ער יאָרנ, ווענ די סטירעדיקײַט צווישנ קריטיק אונ אפּאָלאָגיע איז בא מענדעלענ אָנגעוואקסנ ביז צום העכסטנ פונקט. דער גראָטעסק איז בײַזסטע נאָכקרימעניש מיט כײַנעוודיקסטע טנועס, פײַנפוף גרימאסירנדיקע קריטיק.

דער גראָטעסק אינ מענדעלעס שאפנ בלײַבט אָבער פּאָרט, אינ לעצטנ סאַכאקל, טראָצ דער גוואלדיק אָנגעצויגענער ווידערשפּרעכלעכקײַט, טראָצ דעם שלייער פונ לירישנ מיטגעפיל, טראָצ דער אינווייניקסטער געבראָכנקײַט — אנ אויסדרוק פונ געזעלשאפטלעכער אומצופרידנקײַט, פונ עסעדיקער, ברענענדיקער סאטירע אונ קריטיק, סײַדנ אינ די פאלנ, ווענ ער גייט איבער אינ א קלאָונישער ציניש ער גרימאסע. דער ערנסט אָנגעשטרענגטער גראָטעסק אינ „מאסאָעס“ אונ „פּישקע“ (אונ אפילע אינ דער „קליאטשע“, ווו ער ווערט ניט אָפּגעמעקט דורכ אלעגאָרישקײַט) *בלײַבט דעריבער אינ לעצטנ סאכאקל פּאָרט א מיטל אפ אויסצודריקנ געזעלשאפטלעכע קריטיק*. אינ דער אייגענער צײַט אָבער קומט אינ אימ אויכ צום אויסדרוק די געבראָכנקײַט אונ קאָנפליקטישקײַט אינעם סאָציִאלנ שטרעבנ פונ

[1] מיט דעמ טערמינ זײַנענ מיר אויסנ דאָס גראָטעסקע אינ גאָטישנ זינענ, די קרענקלעכע גרימאסירנדיקע היפערבאָלע, וואָס אנטהאלט אינ זיכ מאָמענטנ פונ פארקריפּלטער שפּילערישקײַט, אזוי ווי דאָס איז פארקערפּערט, לעמאָשל, אינ די כימערנ פונ דער נאָטער־דאמ־קירכע אינ פאריזש. די קרענקלעכע קוויקעניש מיט דער „פולקומער“ העסלעכקײַט איז אנ אייגנארטיקער, ווירערשפּרוכיקע אויפנ דורכ קאריקאטורישער גוזמע אויסצושפּרייט א ראָמאנטישע אײַנהיל, איבער דער פינצטערער מיטלאלטערלעכערווירקלעכקײַט.

א באשטימטנ קלאס אינ א באשטימטער היסטאָרישער סיטואציע. די גראָטעסקעלעמענטנ אינ דער סאטירע ווײַזנ אָנ אפ דער שוואכקײַט פונעמ קלאס, וואָס דריקט אויס זײַנ פּראָטעסט, זײַנע טײַנעס אונ פאָדערונגענ אפ א „געשפּאָלטענעמ" אונ קרענקלעכ־גרימאסירנדיקנ אופנ.

## 4. פּאמפלעט אונ פּאראָדיע

די פאָרמ פונ דער דעמאסקירנדיקער סאטירע דערגייט אמאָל בא מענדעלענ ביז צומ דירעקטנ *פּאמפלעט*, וואָס נעמט די טיפּנ אונ פאקטנ *דירעקט* פונ דער ווירקלעכקײַט („די טאקסע"), אזוי, אז דעמ דעמלטיקנ לייענער זײַנענ אפילע באקאנט געווענ די נעמענ פונ די פּראָטאָטיפּנ פונ מענדעלעס פיגורנ. גראָד דאָס איז פאר מענדעלעס דעמלטיקע געזעלשאפטלעכע קאוואָנעס געווענ זייער פּאסיק, דאָס האָט צומאָל גאראנטירט די סאמע שארפסטע פּובליציסטישע ווירקזאמקײַט. צוויי צענדליק יאָר נאָכנ דערשײַנענ פונ דער „טאקסע" פלעגט מענ זיכ נאָכ אינ שטעט אונ שטעטלעכ אײַנרוימענ די עמעסע נעמענ אונ טאטנ פונ די פּארשוינענ, וואָס מענדעלע האָט ארויסגעפירט אינ זײַנ אָנקלאָגעריש־פּאמפלעטישער פּיעסע [1]. די דאָזיקע פּאמפלעטישקײַט האָט ערשט צוגעגעבנ צו זײַנע ליטערארישע ארויסטרעטונגענ די ווירקזאמקײַט פונ עכטער „פּובליציסטיק" אינ בעסטנ זינענ פונ וואָרט.

די סינע צומ גחיר אונ צומ פעאָדאלישנ שטייגער האָט אויכ דיקטירט דאָס מיטל פונ *פּאראָדיע*. ניט בלויז ווײַל זי, די פאָרמ פונ פּאראָדיע, איז צוגעפּאסט צו דער „קולטור"־טראדיציע פונעמ קליינבירגערלעכנ *אינטעליגענט*, דעמ מאסקילישנ שרײַבער, וואָס איז געוויינלעכ געווענ אנ אופגעקלערט געוואָרענער אורשפּרינגלעכער יעשיווע־באָכער אונ קלויזניק (אינ באשטימטע ענג־באגרענעצטע פּראָטימ אנ אנאלאָגישע דערשײַנונג צומ רוסישנ אופגעקלערטנ „ראזנאָטשינישנ" סעמינאריסט). ניט בלויז דערפאר, וואָס דער דאָזיקער געוועזענער יעשיווע־באָכער איז געוויינלעכ אפילע צו דער דורכויס פּראָגרעסיווער קריטיק פונעמ נעכטנ געקומענ מיט זײַנ „נעכטיקנ", טיפּיש קלעריקאליש־סכאָלאסטישנ „קולטור"־באגאזש. ניט בלויז דערפאר, וואָס אפ צו צעשטערנ די רעשטלעכ מיטלאלטער איז פאר אזא מינ שרײַבער געווענ אמצוטריטלעכסטנ דאָס מיטל פונ גרימאסירנדיקער, איבערקרימענדיקער רעפּראָדוקציע פונעמ מיטלאלטער. נאָר טאקע אויכ דערפאר, ווײַל דאָס דאָזיקע פאָרמ־מיטל איז געווענ ביז גאָר צוגעפּאסט, נייטיק

[1] לעמאָשל, אינ ראָוונע אינ די 80־קער יאָרנ, לויט מינדלעכ מיטגעטיילטע זיכרוינעס, וואָס איכ האָב באקומענ פונ א. ב. גאָטלאָבערס א טאלמיד, מ. גאָטליב (טשעבאָקסאר).

און צוטריטלעכ פאר א לייענער, וואָס האָט נאָכ אלײנ גאנצ היפּש גע־
שטעקט אינעם מיטלאלטער. די פּאראָדיסטישע פאָרם אפ אויסצודריקנ א
קריטישנ מיינ איז דאָ געווענ באדינגט סײַ דורכ דער קולטור-לאגע פונעם
לייענער סײַ, ביז צו א געוויסער מאָס, אויכ פונעם שרײַבער. בלויז מיט
דער אינערציע פונעם אלטנ „קולטור"-באגאזש קאָנ מענ דאָ די פּאראָדיס־
טישקײַט ניט דערקלערנ. ניט דערפאר האָט מענדעלע פּאראָדירט די בעס־
מעדרעשדיקע טראדיציע, ווײַל ער איז אמאָל אינ דער יוגנט אלײנ געווענ א
קלויזניק און דאָס דאָזיקע קאמפּ-מיטל איז אים געווענ אמנאָענטסטנ און אמצו־
טריטלעכסטנ. בא אזא שרײַבער, ווי מענדעלע, וואָס האָט נאָכ אינ די
60־ער יאָרנ זײער אינטענסיוו נאָכגעשפּירט נאָכ דער פּאָרשריטלעכער רוסי־
שער פּובליציסטיק און ליטעראטור און איז געווענ פונ איר שטארק בא־
ווירקט [1], וואָלט דאָס ניט געווענ אנטשיידנדיק. ער וואָלט זיכ אָנ סאָפּעק
פאר זײַנ קאמפּ קעגנ דער מיטלאלטערלעכער אָפּגעשטאנענקײַט באפרײַט פונ
זײַנ אלטנ „קולטור"-באגאזש — פּונקט אזוי ווי עטינגער, לעמאָשל, — ווענ
דאָס וואָלט פאר זײַנע סאָציאלע קאוואָנעס נייטיק געווענ. ס'איז אָבער נײ־
טיק געווענ, דעם דאָזיקנ טראדיציע-באגאזש אופּצוּוויקלענ, צו צעשפּרייטנ
און ארויסצושטעלנ קעגנ דער זונ די אלטע שמאטעס אינ זײער גאנצנ פולנ
גלאנצ, און אזויארום צו באוויַזנ דער מאסע, אז הינטער דער דאָזיקער
אײַנגערעדטער רײַכער יערושע שטעקנ פארשימלטע בעבעכעס. דאָס איז
דער באטײַט פונעם פּאראָדיסטישנ עלעמענט אינ מענדעלעס פריִיקנ שאפנ.

פּאראָדיע און פּאראָדיסטישקײַט איז אנ אלטע טראדיציע פונ דער
האסקאָלע. זײַט אירע אָנהייבנ האָט זי זיכ מיט זײ באניצט פאר איר גע־
זעלשאפט-קריטיק. קעדײ צו דעמאסקירנ די רעאקציאָנערע פארהעלטענישנ,
אָפּצושפּעטנ פונעם ווילד-אָפּגעשטאנענעם שטייגער, האָבנ די מאסקילישע
שרײַבער אָפט און מיט פאָרליבע אויסגענוצט דאָס מיטל פונ פּאראָדיעס אפ
באזונדערס שטארק פארשפּרייטע פאנאטישע און רעליגיעזע ביכער. די ליניע
פונ דער מאסקילישער פּאראָדיע (וואָס האָט, פונ איר זײַט, אויסגענוצט

---

[1] די ווירקונגענ פונ דער רוסישער ליטעראטור אפ מענדעלעס שאפנ זײַנענ נאָכ ביז איצט אפ א וויסנשאפטלעכנ אופנ ווייניק אויסגעפאָרשט, כאָטש ס'איז פונ פארשיידענע זײטנ ארויס־געזאָגט געוואָרנ וועגנ דעם געננוג סוואָרעס און אימפּראָוויזאציעס. ווערטפולע באמערקונגענ צו דער דאָזיקער טעמע זײַנענ פאראנ אינ כ׳ גורשטיינס ארבעטנ וועגנ מענדעלענ. לויט ווי כ׳ גורשטיינ האָט פעסטגעשטעלט, קאָנ מענ מיט זיכערקײט באהויפּטנ, אז אינ די 60־ער יאָרנ האָט אפ מענדעלענ שטארק געווירקט די רוסישע זשורנאל-ליטעראטור, נאָכ וועלכער מענדעלע האָט אינטענסיוו נאָכגעשפּירט.

בא דער געלעגנהײט וויל איכ אויסדריקנ א הארצלעכסטנ און וואַרעמסטנ דאנק מײַנ פרײַנט כ׳ א׳ גורשטיינ פאר דער פארשיידענער ווערטפולער און רײַכער הילפ, וואָס ער האָט מיר באוויזנ אינ מײַנ דאָזיקער ארבעט.

העברייִשע פאראָדיע־טראַדיציעס פון דער רענעסאַנס־צײַט און שפּעטער) ציט זיך זײַט דעם אַנטיכאַסידישן „מגלה טמירין" (1819) פון י. פערל און ענלעכע ווערק. מענדעלע פירט די פאראָדיע אוועק פון דעם מער „לאַמדאָנישן" גאַנג און נעמט אַלס אָביעקט פון זײַן פאראָדיסטישן אָפּשפּאָט די פּראָסטערע, מער „פאָלקסטימלעכע", די סאַמע ברייטסטע מאַסן פאַרנאַרישנדיקע, העברייִשע און ייִדיש־טײַטשע ביכער: מײַסע־ביכער, ביכער וועגן ניסים־וועניפלאָעס, וועגן פאַנטאַסטישע „נאַטור"־דערשײַנונגען, וועגן די „ווּיסנשאַפטן", וועגן מאָשיִעכס צײַטן, וועגן רויטע ייִדעלעך, ווײַבערשע טכינעס, מוסער־ספאָרים, מאַגידישע ספאָרים, צענעוורענע און ענלעכע פאָלקס־ביכער פון מיטלאַלטערלעכן כאַראַקטער. דאָס זײַנען די „קולטור"־טראַדיציעס, וואָס מענדעלע כויזעקט פון זיי אָפּ מיט זײַן פאראָדיסטישקײַט. ער פאראָדירט אויך דעם מינדלעכן קלויז־באַטלאָנישן, יעשיווע־כאָכמעדיקן, מאַגידישן און דעם טכינעדיק־פּירזאָגערישן נוסעך. די פאראָדיע איז געווען אַ ביז גאָר צוגעפּאַסט מיטל אָפּ אָפּצוטרייסלען און אופצורודערן די מאַסן פון זייער מיטלאַלטערלעכן שלאָף, און, אָפּכויזעקנדיק פון זייער „גײַסטיקן" שטייגער, זיי צו עפענען די אויגן אָפּ דער וויסטער אָפּגעשטאַנענקײַט פון זייער גאַנצער לאַגע ביכלאַל. די פאראָדיע איז אַן אַלט אויסגעפּרוווט שפּאָטגעווער אָפּ צו פאַרמיִעסן און צו באַוויזן די מיטלאַלטערלעכע „כאָכמע" (באַ די הומאַניסטישע אופקלערער פון דער רענעסאַנס־צײַט, לעמאָשל, באַ עראַזמוס פון ראָטערדאַם אאַ.).

ווּיצלדיק־פאראָדיסטישער שפּראַכ־נוסעך ביכלאַל איז פאַר דער מאַסע, צו וועלכער מענדעלע האָט זיך געווענדט, געווען דער צוטריטלעכסטער און ווירקזאַמסטער אויסדרוק פון אָפּשפּאָט. פאראָדיע און פאראָדיסטישקײַט — איז אַ נאָכקרימעניש, אין טאָכ ניט דאַפקע דער סאַמע אופטווערישסטער און גרינטלעכסטער אויפן פון דעמאַסקירן און באַקעמפן. די ווירקונג איז אַ שאַרפע, אַ צעשטערערישע, זי גראָבט אָבער בלויז אונטער דעם געזעלשאַפטלעכן אָנזען, די געזעלשאַפטלעכע אָנגענומענקײַט פון אָפּגעכויזעקטן, און ניט דאָס אָפּגעכויזעקטע גופע, ביז צום סאָף. לעמאָשל, זי מאַכט לעכערלעך דעם הויפּט־פאָרשטייער פון רעליגיע און קלעריקאַליזם, דעם מאָנאַכ און גאַלעכ אין דער הומאַניסטישער פאראָדיע, דעם רעבן, דעם כאָסיד — זעלטענער דעם ראָוו און דײַען — אין דער מאַסקילישער פאראָדיע — אָבער ניט די רעליגיע גופע. די פאראָדיע אַרגומענטירט ניט, זי שאַרזשירט, קרימט זיך איבער, אין טאָכ לײַדט איר איבערצײַגונגסקראַפט פון באַשטימטע עלעמענטן אומערנסט, וויצלערישקײַט און קלאָונישקײַט. דאָרט, ווו מע איז ניט בעיכוילעס גרינטלעכ צו פאַרבאַוווסטזיניקן, אופצודעקן ביז צום סאַמע סאָף, צו אַנאַליזירן און צו פאַרניכטן ביז אין

די טיפסטע וואָרצלענ די געזעלשאַפטלעכע קרענק — דאָרט איז פּאַראָדיע און פּאַראָדיסטישקייט די טיפישסטע פאָרמ פאַר דער געזעלשאַפט-קריטיק. און דאָס איז די סיבע, פאַרוואָס דער פּאַראָדיסטישער אויסדרוק-אויפנ האָט אזוי גוט געשטימט מיט דעמ, וואָס מענדעלע האָט געהאַט צו זאָגנ זײַנע לייענער.

## 5. די שפּראַכ פונ מענדעלעס פיגורנ

מיט די פּאַראָדיסטישע קאַוואָנעס איז ענג פאַרבונדנ דער עלעמענט פונ אָפּשפּאָטערישנ פאָלקלאָריזמ אינ מענדעלעס שאַפנ. ער איז א וועזנטלעכע דעטאַל פונ מענדעלעס פּאַראָדיסטישקייט. און העיויס דאָס דאָזיקע הויפּט־מיטל פונ מענדעלעס סאַטירע געהער צו די וויכטיקסטע פאָרמעלע סימאָנימ פונ מענדעלעס קונסט, פונ זײַנ רעאַליסטישנ סטיל ביכלאַל — איז דעריבער נייטיק זיכ אפ דעמ מאָמענט גענויער אָפּצושטעלנ.

מענדעלעס קינסטלערישע הויפּט-פיגור איז דער טארקאַפּיטאַליסטישער פעאָ־דאַליש־אָפּגעשטאַנענער מענאַכעמ-מענדל, וואָס באַקומט שוינ צו שפּירנ דעמ דרוק פונעמ וואַקסנדיקנ קאַפּיטאַליזמ אפנ קליינבירגערטומ („בינ־אָמינ האַ־שלישי" איז זײַנ קאָנצענטרירטסטע געשטאַלט). מענדעלעס הויפּט-פיגור איז דער „גלופּאָ־טרוסאָ־בעזיאַזיקאָ-קאַפּצאַנער". אינ דער צײַט, ווענ דער קאַפּי־טאַליזמ וואַקסט שוינ אינ רוסלאַנד גאַנצ אינטענסיוו — לעבנ נאָכ די ייִדישע שטעטלעכ און אפילע שטעט אינ א דעגענערירנדיקנ פאַרשלאָפענעמ מיטל־אַלטער. די גאַנצע לעבנ־לאַגע, אַלע געזעלשאַפטלעכע פאַקטנ זײַנענ דאָ ביז גאָר אָפּגעשטאַנענע און פאַרקריפּלט. ס'איז געווענ זייער נאַטירלעכ זיכ אָנצוכאַפּנ אָנ דעמ „וואָרט" פונ דער דאָזיקער געזעלשאַפט פאַר דער קינ־סטלערישער קריטיק פונ איר דאָזיקער לאַגע. אזוי־אַרומ האָט געקאָנט באַ־וויזנ ווערנ אפ זייער א שאַרפנ אויפנ די פאַרקריפּלונג פונעמ לעבנ און פונעמ געדאַנק אפנ בײַשפּיל פונ דער שפּראַכ-דעגענעראַציע.

אינ אזא געזעלשאַפט זײַנענ די פאַרהעלטענישנ (וואָס קאָנענ דאָכ ניט בלײַבנ קיינ אַבסאָליוט איזאָלירטע פונ דער אַנטוויקלונג אינ גאַנצנ לאַנד) א סאַכ קאָמפּליצירטער איידער די פאַראַנענע וואָרט־אויסדרוק־מעגלעכקייטנ, וואָס זײַנענ לויט זייער מעהוס און פאַרנעמ פאַרקריפּלטע רעשטלעכ פונ דער פריִערדיקער פעאָדאַלישער צײַט. די שפּראַכ, דער גאַנצער רייד-נוסעכ, דעגענערירט, אַנטשפּרעכנדיק צו דער פאַרקריפּלונג פונ דער געזעלשאַפט־לעכער לאַגע. די שפּראַכ ווערט דאָ ניט באַנײַט פונ די נײַ-וואַקסנדיקע פאַרהעלטענישנ, זי פוילט אינ כאָכמעדיקע קאָמבינאַציעס, אינ אומענדלעכ פוסטע וואַריִאַציעס פונ די געיאַרשנטע רעדנסאַרטנ, פּראַזעס, מעליצעס, ווערטלעכ, אויסרופנ אאַוו. מע ניואַנסירט און ניצעוועט זיי איבער אָנ אַנ עק. די שפּראַכ פּרעגלט זיכ אינ איי־גענעמ שמאַלצ, פּונקט ווי דאָס אָפּ־

געשטאנענע לעבנ. עס דערגייט אזוי ווײַט, אז א מינדסטע פארענדערונג פונ דער מאָדוליאציע גיט אָנצוהערנ אפ א פארענדערונג (כאָטש טאקע אָפט א פוסטער אונ גאָרניט זאָגנדיקער) פונעמ באטײַט. די שפראכ ווערט פוסט, זי האָט גאָרניט ווענטלעכס מער אויסצודריקנ, דערפירט דאָס צו א מינ קרוימערשטער ראפינירטקײַט, צו אנ אייגנארטיקנ אומפרוכטבארנ שפראכ־כאָכמענע אונ שפראכ־וויצלדיקײַט. צוליב עפעס א ווײַטער אָנצוהערעניש אונ א קוימ דערהערבארער קלאנג־ענלעכקײַט, צוליב א „פײַנער“, אָבער אבסאָליוט אומפרוכטבארער אסאָציאציע ציט מענ צו גאנצע פראזעס ווי אינ א דורכויסיקנ קאלאמבור (דער שפראכ־נוסעכ פונעמ קלויזניק אונ יעשיווע־באָכער, לעמאָשל). אינ די איבעריקע טײלנ פונ אזא בא די האָר צוגעצויגענער פראזע אָדער פראזנ־טייל, וואָס געהער ניט צומ איניענ, טײַטשט מענ ארײַנ „כריפעסדיק“ צוגעטראכטע באציִונגענ. אינ דער דאָזיקער צונויפגעפרעסטער דורכויסיקער וואָרט־שפּילערײַ פונ אומגעהייערנ מאסשטאב קאָנ מענ שוינ קיינ שומ שפור פונ שעפערישנ אופטו ניט געפינענ.

דערצו דארפנ מיר נאָכ נעמענ אינ אכט דאָס באוווסטזײַנ פונעמ מענטשנ, וואָס רעדט אזא שפראכ, אז זײַנ רייד־שטייגער איז אומזאכלעכ, אז ניט דאָס איז ער אויסנ. עפעס שמייכלט ער דערבײַ, פילט זיכ ניט אינגאנצנ זיכער אונ פעסט. דאָס שלעכטע „רייד־געוויסנ“ באווײַזט זיכ אינ דער הומאָריסטישער באציִונג צו דער דאָזיקער פראזעאָלאָגיע, וואָס מע באניצט זי איבער דער אינהאלטלאָזיקײַט פונעמ לעבנ. עס מישט זיכ ארײַנ אינ די רייד א שמייכל, וואָס האלט אינ איינ אנטשולדיקנ זיכ. דער שפראכ־טאָנ ווערט אלצ מער אונ מער פאראָדיסטיש געבויגנ, פארגייט זיכ אינ טראוועסטיעס ביז צו גאליקער זעלבסט־איראָניע. די שפראכ גופע ווערט איראָניש־פאראָדיסטיש. זי יוירט, ווי צעוואקסענע קארטאָפל אינ א פײַכטנ קעלער, וואָס שפראָצנ קרענקלעכ אפסנײַ, ציִענדיק זאפט ניט פ'נ דער ערד, נאָר פונ קעלער־פײַכטקײַט אונ פונ זיכ אליינ.

אונ אזוי מאכט זיכ עס, אז לעסאָפ באשטייט דאנ די שפראכ אינ־גאנצנ פונ איינ ריזיקער מאסע לויטער אויסגעריבענע, געדיכט אָנגעדראָלענע רעדנסארטנ, מעליצעס, גלײַכווערטלעכ, שפּריכווערטער, פאָלקליד־זאצנ, אומבאטײַטיקע „אָפּרו־ווערטער“ (נו, מאלעוואָס, סטײַטש, ווי געשיקט זיכ, האקיצער, המ, מע, עט, זאָגט ער, הייסט עס,—אונ ענלעכע), אפעקט-אויסרופנ (קלאָלעס, בראָכעס, זידלערײַענ, ליב־שפּרוכנ אאוו.) אונ פונ אנדערנ שפראכ־פאָלקלאָר. די שפראכ דריקט שוינ ניט מער אויס נאָרמאל אונ זאכלעכ, וואָס סע איז נייטיק, ווײַל דאָס לעבנ איז ניט זאכלעכ אונ ניט נאָרמאל. ס'הערט זיכ שוינ פונ איר ארויס אי טיפשעס, אי שיגאָענ, אי שרעקלעכע נויט. די שפראכ איז דאנ מיט אירע אויסגע־

ריבענע ניואנסירטע טראפּארעטנ סײַ אויסגעשעפּט און מאָגער — וואָס שײַעכ דעמ סאמע אינהאלט — סײַ איבעראפּינירט מיט איר געהויבענער ווילד־צע־וואקסענער געציקלטקײַט, וואָס קאָנ אלצ אפּ א כריפּעסדיק־דיפערענצירטנ אויפנ (כאָטש טאקע ביז גאָר שמאָלקעפּיקנ און באגרענעצט־נארישנ אויפנ) ארויסזאָגנ, נאָר ניט דאָס, וואָס מע באדארפ. אזוי קומט צומ אויסדרוק אינ דער שפּראכ די נעבעכדיקע לאגע פונעמ ריידער.

## 6. דער באטײַט פונ פאָלקלאָרישער איבערגעלאָדנקײַט אינ דער רייד־שפּראכ

דאָס איז די שפּראכ פונ דער ייִדישער שטעטלדיקער „גלופּאָ־טרוסאָ־בעזיאזיקאָ־קאפּצאנער"־געזעלשאפט, די שפּראכ, וואָס מענדעלע באווײַזט זי אינ זײַנ רעאליסטיש־פּאראָדיזירנדיקנ נוסעכ.

אזא מינ שפּראכ מיט דער גאנצער אומגעניקײַט, וואָס איז פאר איר כאראקטעריסטיש, ווערט דעמלט אינ ווירקלעכנ לעבנ אויסגענוצט פונ אלע די, וואָס ווילנ זייער געדאנק דורכ מעליצעס, סטערעאָטיפּישע פראזעס און גאָרניט־באטײַטנדיקע שפּראכ־טנועס *גיכער באהאלטנ*, *אײדער ארויסזאָגנ*, בארעדעוודיק ריידנ און זיכ ניט ארויסכאפּנ מיט א וואָרט. דאָס איז אנ ענלעכע דערשײַנונג, ווי אינ דער שפּראכ פונעמ דעגענערירנ־דיקנ כיטרענ פויער באמ פעאָדאלישנ אָדער האלב־פעאָדאלישנ רעזשימ. אזא שטייגער ריידנ איז ניט „נאיִוו", פארקערט, ער איז אינ העכסטנ גראד „ראפינירט", כאָטש אינ טאָכ ביז גאָר באגרענעצט און דעפעקטיוו. איבערגעשפּיצט און גרינטלעכ אויסגעפּרווט דורכ געברויכ אינ מעשעכ פונ לאנגע צײַטנ, איז אָט אָ דער פאָלקלאָריסטיש באוואָקסענער רייד־שטיי־גער אנ אינסטרומענט פונ פארקריפּלטנ לופט־האנדל־וואנדל, פונ דינגע־נישנ, א רייד־שטייגער, ווי פאר אנ אָפּמאכ. דער נעבעכדיקער פאראָעמטער קלײנהענדלער און דעגראדירטער האָרעפּאשניק (פיגורנ, ווי לייזער דער שנײַדער, אָדער דאָס שוסטערל אינ „דאָס קליינע מענטשעלע" און ענלעכע), דער פארקאפּיטאליסטישער האלב־פעאָדאלישער לופט־מענטש, דער פאראָ־רעמטער, פאראזיטירנדיקער „לומפּנ־קליינבירגער" פונ די פארוואָרפענע פארפּעשטע טונעיאדעווקע, גלופּסק, קאפּצאנסק באמיִענ זיכ כריפּעסדיק־נאריש, איראָניזירנדיק פונ זיכ און פונעמ אנדערנ — וואָס קאָנ די קונצ ניט ערגער ווי ער — מיט דער הילפ פונ זײַנ רייד־טאקטיק. באהאלטנדיק זיכ אונטער געגליווערטער ווערטלדיקײַט, זיכ דערשלאָגנ צו וועלכנ־ס׳ניט־איז שטיקל רעוועכ, צו א שטיקל פּאָזיציע אקעגנ דעמ פארטנער, ניט צו פארריידנ זיכ מיט אנ איבעריק וואָרט, ניט ארויסצוגעבנ פונ דער האנט קיינ טויז, אויסצומײַדנ היסכײַוועסנ, זיכ מיט גאָרניט צו בינדנ, זיכ צו זיכערנ דעמ צוריקצוג.

דאָס איז דער רייד־שטייגער ניט בלויז פונ די מאסנ, נאָר ביז צו א געוויסער מאָס אויכ פונ די גוויריש־טאקיפישע שיכטנ אינ דער האלב־פעאָדאלישער שטעטלדיקער יידישער סוויווע, דעריקער איז זי דאָרט אָבער כאראקטעריסטיש פארנ „לומפנ־קליינבירגער". די לאגע פונ די שטעטלדיקע קליינבירגערלעכע מאסנ צו יענער צייט האָט דאָס אויסגעפורעמט די אי־בערגעשפיצטע ווערטלדיקייט פונ דער שפראכ. די ווערטלדיקייט איז לאכלוטנ ניט דער קירצסטער וועג אפ אויסצודריקנ פינקטלעכ א געדאנק. פארקערט, זי איז דער שארפזיניקסטער אויסוועג, וויאזוי זיכ ניט ארויס־צוזאָגנ איינדייטיק, וויאזוי זיכ צו באהאלטנ אונטער שפראכ־טנועס, פונ וועלכע מע קאָנ זיכ, אויב נייטיק, ארויסדרייענ אונ אָפזאָגנ, מיטנ נאטיר־לעכנ אויסרייד, אז „סע רעדט זיכ בלויז אזוי". אינ דער דאָזיקער שפראכ האָט די האלב־פעאָדאלישע לופט־מענטשנ־מאסע, וואָס האָט געלעבט אינ אויסטערליש דעמפיקער געדיכטקייט, געפונענ דאָס פאסיקסטע אויסדרוק־מיטל, אפ דערינענ איינצוהילנ דעמ שרעקלעכ לעבערלעכנ, אָבער ביז גאָר ביטערנ „פארנאָסע־קאמפ". לעבנדיק ענג צונויפגעפרעסט אינ דער אָפגע־שטאנענער שטעטלדיקער בלאָטע, אָנ פערספעקטיוו, ווייניק אָנגערירט פונעמ נייעמ לעבעדיקנ שטראָמ, אָנגעלאָדנ מיט אלט־פארפוילטער קלעריקאל־פא־נאטישער האנדל־וואנדלערישער „קולטור"־ירושע, קאָנקורירנ זיי מעויעמדיק איינער מיטנ אנדערנ, מיט גוטנס אונ מיט בייזנס, מיט מוירע אונ מיט קלוגיטשקייט, מיט אומצוטרוי אונ מיט פארביסענער פאָרזיכטיקייט. די שפראכ בילדעט זיכ אויס אפ אזא שטייגער, אז מע זאָל בעשומויפנ ניט קאָנענ כאפנ באמ וואָרט.

„אז זיי זיינענ, נעבעכ, אומגליקלעכ, אז פונ קאמע שאָנימ שטיקט מענ זיי צונויפ אלע איניינעמ אינ איינ אָרט, ווי די שאָפ, אז זיי זעענ פאר זיכ ניט קיינ וועלט אונ קאָנענ ניט אָטעמענ קיינ פרייע לופט. א מענטש מוז דאָכ אָבער עסנ... דעריבער זוכנ זיי שעפע איינער פונ דעמ אנדערנ, דער שטארקערער וויל דערקוועטשנ דעמ שלאפערנ, מע טראכט אויס קאָלאמינע טאכבולעס, וויאזוי צו דערטאפנ א שטיקל ברויט... די נאטור איז שטארק, זי פאָדערט אירס, זי סטארעט זיכ, זי זוכט קאָלע־מיטל זיכ צו דערהאלטנ"... („די טאקסע", אויסג. 1872, ז. 17). אזוי מאָלט מענדעלע די סיטואציע אינ דער דעמלטיקער שטעטלדיקער יידישער סוויווע. צו די „קאָלאמינע טאכבולעס" אונ „קאָלע־מיטל" זיכ צו דער־האלטנ האָט אויכ געהערט די גוזמעדיק־געדיכטע ווערטלדיקייט פונ אויסדרוק.

„נאָכ דעמ ברייטנ שאָלעמ־אלייכעמ פונ ביידע צדאָדימ נעמענ מיר זיכ איינער דעמ אנדערנ אויסצופאָרשנ, דאָס הייסט בא אונדז יידנ גע־ווינלעכ; א טאָפ טאָנ אינ וואָגנ, אָדער א שמעק טאָנ, וואָס הערט זיכ.

— וווהין פֿאָרט עס א ייד? — גיב איך אלטערן א טאפּ.

— וווהין עס פֿאָרט א ייד? עס...—ענטפֿערט אלטער צוריק מיט א פֿרעג, ווי דער שטייגער איז פֿון יידן נישט צו ענטפֿערן גלײַך, אָפּצופֿאַטערן יענעם מיט „עט" און אָנצושטויסן זיך אפֿן ווונק — די אלע כאָכמעס, וואָס אין דער מעלאָכע אָנשמעקן, א טאפּ טאָן, שטעקן... — א ייד פֿאָרט! אין דער ערד מיטן קאָפּ פֿאָרט ער (אָנשטאָט אן ענטפֿער — א רעדנסארט! — מ. וו.)... און רעב מענדעלע פֿאָרט עס וווהין? — טוט ער מיך א טאפּ..." („פּישקע דער קרומער").

דאָ האָבן מיר טיפּישע מוסטערן פֿון דער „רייד־דיפּלאָמאטיע", וואָס ווערט באניצט פֿון געוווינטקײַט אויך אין פֿאלן, ווו זי קאָן זיך לאכלוטן צו גאָרניט צוניצקומען.

„פֿולע קעשענעס, יאָ! א הארץ פֿול מיט מאקעס האָב איך, — זאָגט אלטער שטארק אָנגעברויגעזט, — איך זאָג אײַך, רעב מענדל... נאָר נישט מער גאָרנישט, א מענטש אָן מאזל זאָל נישט געבוירן ווערן גלײַכער, אסאָקים, עס האָט מיר זיך ניט געגלוסט נײַע אסאָקים! אן אנדערער אפּ מײַן אָרט — הע־הע־הע! בא מיר אָבער איז גאָרנישט. מיט דער פֿוטער אראָפּ. אזא אומגליק! א ווייטעק נאָר צו דערציילן, שנײַצ דיר די נאָז און שמיר דאָס פּאָנעם, נישט מער וואָס גאָרנישט..." (אומעטום פֿון מיר אונטערגעשטראָכן — זע „פּישקע דער קרומער" — מ. וו.).

אין עטלעכע דרוק־שורעס האָבן מיר דאָ זיבן רעדנסארטן, ווערטלעך און גאָרנישט־באטײַטנדיקע שפּראך־טנועס. אפּ אזא אויפֿן באווײַזט זיך דאָ מענדעלעס באציִונג צום דערציילטן פֿאקט וועגן דער נישט־אײַנגעגעבענער שאדכאָנישער „ארבעט" און אָט אָ דעם גאנצן לופֿט־מענטשן־שטייגער.

די שטייגערישע פֿונקציע פֿון די אומבאטײַטיקע אָדער פֿילבאטײַטיקע שפּראך־טנועס דערקלערט מענדעלע זייער באוווסטזיניק און קלאָר:

„...„בע" איז בא אונדז יידן א טײַער וואָרט, וואָס האָט זייער פֿיל טײַטשן און איז א טערעץ אפּ אלע קאשעס. „בע" קען מען געברויכן אלע צײַט אין א שמועס און עס זאָל טאָמעד פּאסן. א ייד קאָן מיט „בע" זיך טאָמעד אויסדרייען, ווען ער איז נעבעך, אין דער קלעם און שטייט שמאָל. מיט „בע" סילעקט א שווינדלער, אן אָנזעצער, אז די באלכויוועס טרעטן צו מיט שטארקע טײַנעס. „בע" שטייט א יידן בײַ אין דער נויט, ווען עס באווײַזט זיך, אז ער איז, נעבעך, א ליגנער. מיט „בע" קאָן מען אָפּענטפֿערן יענעם, וואָס דולט אָן א קאָפּ צוויי שאָ, נישט צו הערן, נישט צו פֿארשטיין אפֿילע איין וואָרט פֿונעם גאנצן שמועס. מיט „בע" קומט אָפּ א שיינער, צעבראָכענער ייד, ווען ער דערלאנגט שטילערהייט

א ביס; א שײנע־מוירײנע, װען ער טוט אָפּ א מיִעסע מײַסע; א דימענטיק מענטשל, אָן כאָכמעס, װען עס לאָזט זיך גאָר אויס, ער איז געמעלאָכעט, האָט פיל פלײ אין דער נאָז. האקלאל: „בע״ האָט אלערלײ טײַמים, מעשונע־װילדע פײרושים, װי אשטײגער: רופ מיך קנאקניסל, לאָד מיך צום נעסאנע־טײקעפּ, מאכטײסע, קוימימיעס, געסמאהע דיר פּארפול, און נאָך טײַטשן אָן א צאָל. דאָס ייִדישע קעפּל שטויסט זיך טאָמער אָן, װוהין דאָס װאָרט „בע״ צילט, און פארשטײט דעם רעכטן פּשאט דערפון, װי עס פּאסט צום איניען״ („פּישקע דער קרומער״).

## 7. פאָלקלאָרישקײַט אלס באשטאנדטײל פון סאטירישן רעאליזם

פון געװוינטקײַט איז דער איבערגעלאָדענער, „דיפּלאָמאטישער״ רײדשטײגער ארײַן אין דער טעװע פון רײדן ביכלאל. אפילע אין אינטימען און אין מישפּאָכע־שמועס, װו ער איז אינגאנצן ניט נײטיק. א מין פּעכטשפּיל מיט װערטער אויך דאָרט, װו עס קאָן גאָרניט דערמיט דערגרײכט װערן. א פיקטיװ סויכער־מויכערן און מאסעמאטן אפילע בא גלײַכגילטיקסטע פראגן און ענטפערן, א נאריש־דיפּלאָמאטיש ארומרײדעניש דאָרט אפילע, װו עס גײט בלויז װעגן באפרידיקן סטאם נײַגעריקײַט. פּונקט אזוי, װי רעב אלטער יאקנעהאָז און רעב מענדעלע דער פּאקנטרעגער הײבן אָן אין א הײסן זומערטאָג, פון הונגער און לאנגװײַליקײַט, גלאט אזוי זיך, צװעקלאָז, װײַל קײן װירקלעכע געשעפטן זײַנען ניטאָ, בײַטן צװישן זיך „מאנעלאָשנס״ אף „טויזנט און אײן נאכט״, סליכעס אף טאלעסקאָטנס, קינעס אף טילימלעך — קעדײ כאָטש פאר זיך אלײן מאכן דעם אָנשטעל װי מע װאָלט געהאנדלט.

אויסגעלײדיקט פון צװעקמעסיקײַט, באקומט דער דאָזיקער רײד־שטײגער גראָטעסק־נארישע שטריכן. דעם דאָזיקן מאָמענט האָט מענדעלע באװיזן און קריטיקירט מיט גרויס מײַסטערשאפט. אײנע פון די הויפּט־װירקונגען פון זײַן רעאליזם איז אופגעבויט אף דער שילדערונג פון דעם פאקט: אפן שילדערן די דיספּראָפּאָרץ צװישן דעם סכום אָנגעשטרענגטער כריפעס און „דיפּלאָמאטיע״ אינעם רײדן און זיך האלטן פון די פארשוינען — און דעם נישטיקן, ביז גאָר נעבעכדיקן צװעק, װאָס װיל און קאָן דערמיט דערגרײכט װערן.

דער דאָזיקער שטאריק איבערגעטריבענער עלעמענט פון פּאראָדיזירנדיקן שפּראכ־פאָלקלאָר און פון פאָלקלאָריזם ביכלאל איז בא מענדעלען א באשטאנדטײל פון זײַן רעאליסטישן און דעריקער סאטירישן סטיל, א הויפּט־מיטל פון זײַן סאטירע. דאָס דאָזיקע מיטל איז געװען א טראדיציע אין דער ייִדישער האסקאָלע־ליטעראטור (לעװינזאָן, עטינגער, אקסענפעלד אא.),

אָבער קיינער האָט די דאָזיקע מאניר ניט אזוי ברייט אויסגענוצט, אזוי
שארפ, אזוי דורכדרינגענדיק אלע ווינקלען פונ לעבנ אונ שטייגער, ווי
מענדעלע. די פארדומפענע סוויווע האָט געדארפט אופגערודערט ווערנ ביז
גרונט, קריטיש „אָביעקטיוויזירט“ ווערנ, קינסטלעריש זיכ אליינ אנטקעגנ־
געשטעלט ווערנ — אונ א ויארום ברענגענ צום באוווסטזיינ פונ די מאסנ
די אומנאָרמאלקייט, די צעפוילטע אָפּגעשטאנענקייט פונ זייער לאגע. מיט
דער הילפ אונ אינעט שפיגל אויכ פונעם רייד־שטייגער ווערט אופגעדעקט
דער פארקריפלטער לעבנשטייגער אינייגעם מיט די פיגורנ, וואָס זיינענ
אפ אימ געוואקסנ אונ וואָס פארקערפערנ אימ צום בוילעטסטנ. דער פּא-
ראָדירטער רייד־שטייגער פונ דער דאָזיקער סוויווע האָט געלערנט זענ זיכ
אונ אנדערע, ווייל ער האָט ניט סטאם רעפּערירט, נאָר געגעבנ א שטיק
שפּיגל פונ לעבנ גופא. צו כאראקטעריזירנ צוויואקישע, בלוטצאפּערישע
קאָהאָל־לייט, דעמ גאנצנ פארקריפלטנ טיפּאזש פונ דער גלופּאָ־טרוסאָ-בע-
זיאזיקאָ-קאפּצאנער געזעלשאפט, פונ די גווירישע אונ קלייקוידעשדיקע באל-
טויוועס, די שטאדלאָנישע פארזאָרגערס אונ זייער סוויווע: די אזעספּענע־
מער, אָנכאפּער, זאָגטערס, קאָכלעפל, שטאָט־פּעטערס, פאקטוירימ, דריי־קעפּ־
לעכנ הענטשקע-לאָשנ-ריידער, פּאטשערקע-מאכערס, אייצעס־געבער, פּיינע
לייטישע מענטשנ, שיינע יידנ, צו כאראקטעריזירנ זייער לעבנ, טראכטנ,
זייערע טאטנ אונ האוויעס — איז אמבעסטנ פּאסיק געווענ דורכ א קינסטלע־
ריש אופכאפּנ, מע קאָנ זאָגנ נאָכשפּעטנ, נאָכקרימענ, דעמ געדיכטנ, פונ
ריידנסארטלעכקייט, שפּראכ-פּאָלקלאָר אונ קאָלערליי אנדערע פּאָלקלאָר־עלע-
מענטנ, אָנגעדראָלענעמ רייד-שטייגער. צוהערנדיק זיכ מיט אנ איידל אויער
צו אלע טנועס, גרימאסנ אונ קרימענישנ פונ דעמ דאָזיקנ רייד־שטייגער,
האָט מענ דורכ פּאראָדיסטישער רעפּראָדוקציע געקאָנט איבערגעבנ די גאנ-
צע אומנאַיוּוקייט, פארליגנערטקייט, פוסטקייט אונ אומפּרוכטבארקייט פו־
נעמ טאָנ אונ פונעמ טראכטנ אינ דער דאָזיקער סוויווע אונ דעמאסקירנ
דעמ באטייט פונ דעמ אלעמ.

ערשט בא מענדעלענ דערהייבט זיכ די דאָזיקע פּאראָדיסטישע מאניר
צו א הויכער מאדרייגע פונ קינסטלערישנ עמעס אונ שארפער ווירקזאמ־
קייט. זי כאפּט בא אימ ארומ ניט בלויז די רייד־ספערע פונ דער אָדער
אנדערער פיגור, נאָר דעמ גאנצנ לעבנשטייגער פונ דער דאָזיקער געזעל־
שאפט. דעריבער איז א קאפּיטל „מאסאָעס“, לעמאָשל, אינ דער גאנצער
וועלט-ליטעראטור אָנ סאָפעק דער סאמע אָנראכמאָנעסדיקסטער שארפסטער
אָפּשפּאָט אפנ גאנצנ אָפּגעשטאנענעמ לעבנשטייגער פונ די יידנ אינ יענעמ פעריאָד.

אונ קעריי באקוועמער ארומצוכאפּנ דורכנ סאטירישנ פּאָלקלאָריזמ דעמ
דאָזיקנ גאנצנ לעבנס־שטייגער אונ ניט בלויז אנ איינצלנע פיגור, וואָס ווערט

אַלס ריידנדיקע אַרויסגעפירט — האָט ש. י. אַבראַמאָוויטש געמוזט שאַפנ זײַנ פיקטיווג מענדעלע, וואָס ער איז דאָס קלוימערשט דער דערציילער פונ אַבראַמאָוויטשעס דערציילונגענ. די מענדעלע-פיגור אַליינ איז אורשפּרינגלעכ, אינ זײַנע פריִיקע ווערק — בײַ דער גאַנצער לירישקײַט, מיט וועלכער אַבראַמאָוויטש האָט זי וואָס שפּעטער אַלצ מער אויסגעשטאַט — אַ שטיק פּאַראָדיע אַפנ אַלטנ טיפּ מעכאַבער. נאָר דאָס — דערעכאַגעוו; דעריקער איז אַבראַמאָוויטשנ דאָ געגאַנגענ אינ גאָר עפּעס אַנדערש. קעדיי קאָנענ דערציילנ וועגנ גלופּסק, קלוימערשט גלופּסקיש, מוז אַוועקגעשטעלט ווערנ אַלס דערציילער אַ גלופּסקער גופּע. אַבראַמאָוויטש מאַכט אַנ אָ נ ש ט ע ל — דאָ רעדט זיכ אַלצ וועגנ אַבראַמאָוויטשנ פונ די 60-ער אונ 70-ער יאָרנ — ווי ער וואָלט דעמ אויטנ טראַכטנ, באַנעמענ אונ ריידנ פונ די גלופּסקער ערנסט גענומענ. (דאָרט, ווו אַבראַמאָוויטש גופּע נעמט דאָס וואָרט אונ רעדט מיט זײַנ שפּראַכ, איז זי, פאַרשטייט זיכ, אַנ אַנדערע, פרײַער פונעמ פּאַראָדיע-טאָנ, כאָטש טאַקע אויכ ניט אינגאַנצנ פרײַ; אונ אַפילע דער פיקטיווער מויכער-ספאָרים מענדעלע באַקומט אַ פּאַשעטערע אונ נאַטירלעכערע שפּראַכ, ווענ ער קומט שילדערנ פּאָזיטיווע פיגורנ, דערשײַנונגענ אָדער סיטואַציעס, קינדער, נאַטור אאַוו.).

די פיקטיווע רעזאָנערישע רעפלעקסיעס אונ לירישע בקירעס, מיט וועלכע מענדעלע הייבט געוויינלעכ אָנ זײַנע ווערק אונ קאַפּיטלענ, אָדער מיט וועלכע ער באַגלייט, אַלס לירישע אָפּווײַכונגענ, די דערציילונג פונ באַשטימטע פּאַסירונגענ — ווערנ געפירט אַפנ פיקטיווג רעב מענדעלעס לאָשנ (קלוימערשט) לויט זײַנ שטייגער צו טראַכטנ אונ צו ריידנ, ווײַל דע׳ מיינ פונ די דאָזיקע רעפלעקסיעס אונ אָפּווײַכונגענ איז — בײַמ פריִיקנ מענדעלע! — אַ סאַטיריש-איראָנישער; דערמיט ווערט, אַגעוו, פונ אָט דעמ רעב מענדעלע אַליינ אויכ איראָניזירט. אַזוי שפּרייט אַבראַמאָוויטש אויס אינ רעב מענדעלעס מאָנאָלאָגישע רעפלעקסיעס די קאַפּצאַנסק-גלופּסקער „פילאָזאָפיִשע" בקירע מיט אַלע נײַנ מאָס רייד, וואָס איז פאַר איר כאַראַקטעריסטיש — אינ דער געציקלטער, גלײַכוווערטלדיקער אונ פּוסט-נאַרישער מאַגידישער היפּערבאָליק. ער דעמאַסקירט אַזויאַרומ (אינ די סאַטיריש-געמיינטע רעפלעקסיעס) דעמ „טיפערנ באַטײַט" פונ דער גלופּסקער פילאָזאָפיע, מאַכט פונ אימ אַ טעל. דאָס אַכרײַעס פאַרנ ר י י ד - ש ט י י ג ע ר גייט אַריבער פונ אַבראַמאָוויטשנ אַפנ פיקטיווג רעב מענדעלענ[1]. אַזויאַרומ קאָנ אַבראַמאָוויטש

[1] די דאָזיקע מאַניר (פונ אַ פיקטיווג דערציילער), אַנטשפּרעכנדיק מאָדיפיצירט, נעמט דאַנ שאָלעמ-אַלייכעמ איבער פונ מענדעלענ פאַר זײַנ קריטישנ שילדערנ דעמ מענאַכעמ-מענדל פונ דער קאַפּיטאַליסטישער פאָרמאַציע.

אפנ באקוועמסטנ אויפנ באווײַזנ די מעשונע־נארישע לעכערלעכקײַט פונ דער גלופסקער „פילאָזאָפיע” אינ איר פולנ, „עכטנ” גלאנצ, אינ איר אָפ־ געשטאנענ-פארבאקענער „אייגנארטיקײַט”.

## 8. ביכערישע פראזעאָלאָגיע אלס קעגנשטאנד פונ סאטירע

אינ מענדעלעס פאראָדיסטיק פארנעמט א באדײַטנדיק אָרט אויכ דאָס פאראָדירנ די העברעייִשע עלעמענטנ אינ דער ייִדישער שפראכ. אינ זײַנ שפעטערדיקנ שאפנ האָט זיכ די גוזמעדיקע אָנווענדונג פונ העברעייִשע ווערטער אונ פראַזעס בא אימ פארוואנדלט אינ אנ ע ר נ ס ט געמיינטנ סטיליזאציע־עלעמענט, מיט וועלכנ ער האָט זיכ א פ א נ ע מ ע ס נ געקוויקט אונ פונ וועלכנ זײַנע נאציאָנאליסטישע פארערער האָבנ געקליבנ נאכעס. אָבער אורשפרינגלעכ אונ אינ גאָר א היפשער מאָס ביז די 80־ער יאָרנ האָט דאָס געדארפט דינענ צו זײַנע פאראָדיע־קאוואָנעס.

אפ וויפל די ייִדישע שפראכ איז געווענ אינ מעשעכ פונ א סאכ יאָר־ הונדערטער צוגעבונדנ צו דער טויטער העברעייִשער שרײַב-שפראכ אונ צו אירע פארשיידנארטיקע האשפּאָעס — האָט זי אויכ באקומענ א כיילעק פונ איר גליוועך. דער אײַנפלוס פונ דער העברעייִשער שפראכ אפ דער ייִדי־ שער איז געווענ א צווייפאכיקער: 1) א דירעקטער, דורכ א שטענדיקנ אריבערשטראָמענ פונ רעליגיעזע אונ וועלטלעכע (באזונדערס, ווו עס האָט זיכ געהאנדלט וועגנ אבסטראקטע טערמינענ) איינצלנע ווערטער אונ גאנצע פראזעס, ציטאטעס, רעדנסארטנ, שפריכווערטער, קלאָלעס, בראָכעס אאוו. אינ אָ ר י ג י נ ע ל ע ר, ג אָ ר נ י ט אָ ד ע ר ו ו י י נ י ק א י ב ע ר ג ע א ר ב ע ט ע ר ג ע ש ט א ל ט; 2) אנ אומדירעקטער — דורכ דער ייִדישער איבערזעצ־ליטע־ ראטור, וואָס האָט זיכ שקלאפיש־געטרײַ „געהאלטנ באמ טעקסט” אונ וואָס האָט דעריבער איבערגענומענ ארכאיִשע פאָרמעס, דעמ העברעייִשנ זאצבוי אאוו. אונ זיי שטרענג אָפגעהיט, כאָטש זיי זײַנענ צומ גרעסטנ טייל גע־ בליבנ ניט פארדײַטשטע פרעמדקערפערס אינ דער שפראכ.

מיט דער אקשאָנעס אונ ברייטקײַט פונ קאנאָנישע פאָרמולעס האָבנ אָט אָ די עלעמענטנ ווילד געבושעוועט אינ דער ייִדישער שפראכ זײַט דעמ XVII ביז צומ סאָפ פונ XIX יאָרהונדערט. ס'האָט זיכ דאָ ניט געהאנדלט וועגנ די נאָרמאלע אנטלײַונגענ פונ איינ שפראכ בא דער אנדערער צוליב רעאלע באדערפענישנ, אנטלײַונגענ, וואָס קאָנענ מיט דער צײַט, אויב זיי זײַנענ געראָטנ, ארײַנוואקסנ אפ א נאטירלעכנ אויפנ אינ דער שפראכ ארײַנ, נאָר וועגנ בעקיוונדיקע, באוווּסטזיניקע ווילדע מאקאראָניזמענ אונ פארקריפלענדיקע „באפוצונגענ” — א רעזולטאט פונ א פארקריפלטער גע־ זעלשאפטלעכער סיטואציע. די ווילד צעוואקסענע העברעייִשע מאקאראָניזמענ

אינ דער שפראכ, וואָס מענדעלע פאראָדירט, האָבנ דורכויס אנטשפראָכנ צו דער פוילעניש פונ דער שטייענדיקער בלאָטע אינ דער פעדאליש־פארגליווערטער ייִדישער סוויווע.

פונקט אזוי, ווי די פאָלקלאָריזירטע רייד־שפראכ, פאראָדירט מענדעלע אויכ די ביכערישע פראזעאָלאָגיע, וואָס גייט לויט די טראדיציעס פונ דער עלטערער ייִדישער אָריגינעלער אונ איבערגעזעצטער ליטעראטור. זײַנע בריײט־בארעדעוודיקע באטראכטונגענ אינעמ סטיל פונ דער דאָזיקער טראדיציע זײַנענ — טראָצ דער קלוימערשט פרומלעכער טמימעסדיקער „טיפזיניקײַט" — אורשפרינגלעכ בײַסיק־איראָנישע סאטירעס אפ דעמ דאָזיקנ מינ באטלאָניש־מאגידישנ, צו גאָרנישט דערפירנדיקנ טראכטנ. שפעטער, באזונדערס זײַט די 80־ער יאָרנ, פארוואנדלט זיכ דאָס אלצ בא אימ אינ ערנסט געמיינטער סטיליזאציע, וואָס דארפ מאניפעסטירנ די ספעציפישע ייִדישע „אייגנארטיקײַט" פונ שפראכ אונ טראכטנ. אונ ווענ ער איבערזעצט זײַנע ייִדישע ביכער אינ העברייִש, וואָרצלט ער דערמיט אליינ שוינ אויס יעדע שפור פונ פריִערדיקנ סאטירישנ מינ אינ זײַנע דאָזיקע רעפלעקסיעס. אָבער קיינ שומ שפעטערדיקע איבערפארטײַטשונגענ אונ איבערסטיליזירונגענ קאָנענ דאָ אינ דער דאָזיקער טאטזאכ אפ צוריק גאָרניט ניט ענדערנ.

די שארפקײַט פונ דעמ דאָזיקנ נוסעכ, די סינע צומ אלטנ שטייגער, וואָס שטעקט דאָ אינ פאראָדיסטישנ איבערקרימענדיקנ סטיל, איז באמערקט געוואָרנ פונ א סאכ קריטיקער, סײַ פונ אזעלכע, וואָס ליבנ אימ דערפאר, אונ סײַ פונ אזעלכע, וואָס האָבנ דעריבער צו אימ טײַנעס. אזוי, למשל, האלט ד. פרישמאנ, אז אינ „מאסאָעס" איז די סאטירע פאָרט צו שארפ; הילעל צייטלינ דערקלערט מענדעלענ אונ אלע, וואָס זײַנענ מאסקעמ מיט זײַנ סאטיריש־קריטישער אָנצילונג, פאר — אנטיסעמיטנ. מײַרעוו־אייראָפייִשע קריטיקער, וואָס זײַנענ באקאנט מיט מענדעלעס שאפנ בלויז לויט איבערזעצונגענ, האָבנ דעמ סינעדיקנ אָפשפאָט באזונדערס שארפ באמערקט. אונ סינע, געזונטע סינע איז טאקע אינ דעמ דאָזיקנ פאראָדיזירנדיקנ סטיל פאראנ, אונ אז סע שיילט זיכ אראָפ דאָס דינע הײַטל מיטגעפיל באמ ווייניק געראָטענעמ איבערגיסנ אינ אנ אנדער שפראכ, ווערט טאקע נאָכ בוילעטער די ביטער אָפשפאָטערשע דאָמינאנטע פונ זײַנ סטיל. ס'איז דערגאנגענ אזוי ווײַט, אז ניט־ייִדישע ליבעראלנ אינ מײַרעוו־אייראָפע האָבנ זיכ, מיספארשטייענדיק, ארויסגעזאָגט קעגנ די איבערזעצונגענ פונ מענדעלעס ווערק, האלטנדיק אלפיטאָעס דעמ אויסדרוק פונ זײַנ סינע צומ אָפגעשטאנענעמ שטייגער — פאר „אנטיסעמיטישע פאמפלעטנ" אונ די ווירקונגענ פונ זײַנע ווערק פאר „שעדלעכ אונ דערנידערנדיק", פונקט ווי די ווירקונג

פון די באוווּסטע „יידישע“ וויצן אין קאבארעט־פיעסעס. אין דער נעגא־טיווער באציִונג פון אן אייב קאהאן און פון דעם אָרטאָדאָקסישן שמירער, וואָס מיר האָבן אויבן ציטירט, קלינגען אָן סאָפעק מיט אויך ענלעכע מאָטיוון.

## 9. מענדעלעס פאָלקלאָריזם אלס ליטעראַרישע ירושה

דאָרט, ווו עס פארשטאַרקט זיך אין מענדעלעס דערציילונג דער קרי־טישער מיין, פארמערט זיך אויך גוזמעדיק די ווערטלדיקייט און די פאָלק־לאָריש באַארבעטע רעפלעקסיעס, און, פאַרקערט, דאָרט, ווו ער מאָלט פאָ־זיטיווע בילדער, פיגורן אָדער געשעענישן, פארמינערט זיך באדייטנדיק די צאָל באניצטע רעדנסאַרטן, וואָס דארפן דאן, פאַסיק צוגעקליבן, דינען אַפ לעבעדיקער (רעאַליסטישער) און צוטריטלעכער צו מאכן דעם אויסדרוק. דאָס באווייזט קלאָר, אז מענדעלע איז דערמיט אויסן געווען זיך אָפּצור־פארטיקן ניט בלויז מיטן פעאָדאלישן לעבנשטייגער, נאָר אויך מיט זיין שפראַך. ער האָט אזויארום דיסקרעדיטירט און אָפּגעשטויסן — ניט געקוקט אַפ זיינע שפּעטערדיקע כאראַקטעדיקע רעסטאַווראַציע־פרווון — א ריזיקן טייל פונעם אָפּגעשפּייכלערטן אומנוציקן שפראַך־אַלטוואַרג. דערמיט, וואָס ער האָט דעם דאָזיקן אויסגעריבענעם שפראַך־מאַטעריאַל ארויסגעשטעלט אַפ דער ליכטיקער שיין און אים כוזעקדיק באוויזן פון אלע זייטן — האָט ער געהאָלפן אים אין א היפשער מאָס אויסצומעקן פון געברויך. דורך דער שפראַך־פאָלקלאָרישקייט פון זיין סטיל האָט ער מיטגעהאָלפן ליקווידירן די שפראַך־פאָלקלאָרישקייט אינעם ווירקלעכן ריידן. מענדעלע האָט דעם דאָ־זיקן מין רייד־שטייגער קריטיש דעמאָנסטרירט און אזויארום מיטגעהאָלפן אים צו ברענגען צו קווורע. דער דאָזיקער שפראַך־שטייגער איז שוין לאַנג, זייט היפשע צענדליקער יאָרן, טויט, באזונדערס צווישן די האָרעפּאַשנע מאסן, ניט געקוקט אַפ די באַלעבונג־פרווון פון די ווײַנרײַכס און פון אנדערע יידישיסטן. און אויב א גרויסער טייל אין דער שפראַך פון מענ־דעלעס ווערק נייטיקט זיך שוין בא היינטיקן טאָג אין א דערקלערנדיקער פארטייטשונג, האָט מענדעלע צו זיין צייט גראָד דורך דער דאָזיקער פאָלקלאָרישקייט זיינער אַפ זיין שטייגער מיטגעווירקט, אז די שפראַך־אַנט־וויקלונג זאָל גיין אַפ נייע רעלסן.

מענדעלע האָט מיט זיין סטיל־פאָלקלאָרישקייט באדייטנדיק געווירקט בלויז אַפ איינע גרויסן שרייבער, אַפ שאָלעם־אלייכעמען (כאָטש שאָלעם־אלייכעמס פאָלקלאָרישקייט איז פון גאָר אן אנדער מין), און טאַקע בלויז אַפ אזויפיל, אַפ וויפל די דאָזיקע ווירקונג האָט אַנטשפּראָכן צו שאָ־לעם־אלייכעמס אָפּשפּאָט פון די „ביניאָמינס“ און „פישקעס“ לויט דער

נײַער קאַפּיטאַליסטישער מאָדיפיקאַציע. אינ טאָכ איז אָבער מענדעלע, אויב ניט אומבאַדינגט דער ערשטער, יעדנפאַלס דער לעצטער רעפּרעזענטאַנט פונעם היפּער־פאָלקלאָרישנ סטיל. מענדעלע האָט אַפ יידיש ניט געשאַפנ קיינ שפּראַכלעכ־ליטעראַרישע טראַדיציע, כאָטש ס'זײַנעג געווענ נאַריש־אומגעלומפּערטע אונ טאַלאַנטלאָזע נאָכמאַכערס (אָנגעהויבנ פונ „פּרײַקנ" שאָמער ביז צו מ. ווײַנרײַכנ מיט זײַנ טכינעדיקנ לאָשנ). אונ דאָס האָט אַנדערש ניט געקאָנט זײַנ, ווײַל מענדעלעס שפּראַכ־פאָלקלאָר האָט אורשפּרינגלעכ געהאַט — מער אָדער ווייניקער באַוווסטזיניק — די קאַוואָנע — דעם היפּערטראָפירטנ פאָלקלאָריזמ אינ דער רייד־שפּראַכ צו ליקווידירנ. לויטנ אינגווייניקסטנ טאָכ פונ דעם דאָזיקנ זעלבסטפאַרניכטנדיק פּאַראָדיסטישנ סטיל איז דאָ אַ פּרוכטבאַרע, אופטווערישע פאָרזעצונג לאַכלוטנ ניט מעגלעכ געווענ. ווײַל אפילע אינ שפּעטערדיקע סטיליזאַציעס מענדעלעס סטאַרטשענ פּאָרט געגנוג אָפּט אַרויס די פּאַראָדיסטישע כויזעק־פּנים. דער דאָזיקער סטיל איז אינ טאָכ אונ לויט זײַנע באַשאַפונג־קאַוואָנעס געווענ אַ פּאַראָדיסטישער.

אַ „טיקנ" האָט דער דאָזיקער פּאַראָדיע־סטיל ערשט געקאָנט באַקומענ, ווענ ער איז צוריקגעגאַנגענ צו זײַנ קוואַל, צוריק צו דער שאָטנהאַפטיקער העברייִשער שפּראַכ, קעדיי דאָ „על טהרת הקדש" צו דינענ גאָר אַנדערע צילנ. דאָ האָט די פּאַראָדיע ענדגילטיק אופגעהערט צו זײַנ פּאַראָדיע. ערשט דאָ האָט דער דאָזיקער סטיל מענדעלעס אופגעהערט צו זײַנ אָפּשפּעטעריש, אונ איז אַליינ געוואָרנ אַ טעמע פאַר איראָניע. דאָ האָט ער געקאָנט שאַפנ אַ געשפּענסטערהאַפטיקע אוילעם־האַטויעדיקע „ליטעראַרישע טראַדיציע".

מיר האָבנ אויספירלעכ באַהאַנדלט בלויז די פּ אַ ר אָ ד י ס ט י ש ק ײַ ט אונ פ אָ ל ק ל אָ ר י ש ק ײַ ט פונ מענדעלעס שפּראַכ־סטיל, ווײַל מיר האָבנ בעמוזט אָפּווענדנ די יידישיסטישע פאַרהערלעכונג פונ דער דאָזיקער פאָלקלאָרישקײַט, די יידישיסטישע באַמיִונג צו פאַרשמירנ די פּאַראָדיסטישע קאַוואָנעס פונ דער פאָלקלאָרישקײַט באַם פּרײַקנ מענדעלע, אונ דעם דאָזיקנ סטיל־עלעמענט צו פּראָקלאַמירנ אַלס דורכויסיקע „נאַציאָנאַלע אייגנאַרטיקײַט".

דאָס טאָר אונדז אָבער ניט פאַרשטעלנ די טאַטזאַכ, אַז דער פּאַראָדיסטישער פאָלקלאָריזמ אַליינ איז ביכלאַל ניט דאָס איינציק כאַראַקטעריסטישע, ווערטפּולע אונ אופטווערישע אינ מענדעלעס שפּראַכ.

מענדעלעס שפּראַכ איז, אינ טאָכ גענומענ, נאָכ גאָר ווייניק אויסגעפאָרשט געוואָרנ — אַכוץ יענע מאָמענטנ אינ זײַנ שפּראַכ (טאַקע פונ פאָלקלאָרישקײַט), וואָס וואַרפנ זיכ אַמיינסטנ אונ קוידעמקאָל אינ די אויגנ. אַזוי־פיל קאָנענ מיר אָבער אויכ איצט שוינ זאָגנ, אַז דאָס בעסטע אינ מענ-

דעלעס שפּראַך־סטיל זײַנען יענע אופטועג, וואָס אַנטשפּרעכן צו דער רעאַליסטישקײַט פון זײַן געזעלשאַפט-קריטישער אָנצײַלונג. זי, די דאָזיקע אָנצײַלונג, האָט אים דיקטירט אופצוזוכן אין דער סאַמע געדיכטקײַט פון לעבן אַפילע די קלענסטע דעטאַלן, זיי אופצודעקן, זיי אָנצורופן אַפ אַ פּלאַסטיש־ווירקזאַמען אויפן מיט אַזעלכע נעמען, וואָס זײַנען פּאַרשפּרייט און באַוווּסט צווישן די ברייטסטע מאַסן; זיי, די דאָזיקע שילדערנדיקע באַצייכענונגען, אופצובויען אין זאַצן פון שטרענג־אויסגע־האַלטענער שפּראַך-לאָגישקײַט, וואָס האָט געדאַרפט אײַנצוימען די צעכ־ראַסטעטקײַט פון דעם מאַסנדיקן, „פּאָלקסטימלעכן" וואָרט־מאַטעריאַל און אַפ אים אַרופפּרעסן דעם צייכן פון ערנסט און דעמאָקראַטישן דערעכערעץ צו די מאַסן.

די שטרענג-דיסציפּלינירטע זאַץ־געשליפנקײַט איז דאָ באַזונדערס נייטיק געווען, טאַקע דערפאַר, ווײַל מענדעלע האָט צוגעצויגן אַ ריזיקן שלאַל נײַעם, ביז דעמלט אין דער ליטעראַטור ניט באַניצטן וואָרט־מאַטעריאַל, נײַעם מאַסנדיקן שטייגער פון וואָרט־באַהעפטונג, פון זאַצבוי — אַלס קעגנגעוויכט צום אָפּשטאַרבנדיקן, שטאַמפּירטן, באַזונדערס העברייִש־קלעריקאַלן פּאָלקלאָר־וואָרט און צום ביכעריש געגליוורטן, טראַדיציאָנעל-ליטעראַרישן זאַצבוי. דאָס דאָזיקע צוציִען נײַעם „פּלעבייִשן" וואָרט־מאַטעריאַל פון די מאַסן איז בא מענדעלען געווען אַן אויסדרוק פון דעמאָקראַטישקײַט, וואָס איז אין דעם פּראַט כאַראַקטעריסטיש אויך פאַר אַלע באַדײַטנדיקע אופקלערער. מענדעלע האָט אָבער, דוכט מיר, „טיפער" געשעפּט, דה. פון מער „פּלעבייִשע" מאַסן, איידער עטינגער און אַפילע אַקסענפעלד. דערמיט, מיט זײַן ליבע צו די פּאָלקמאַסן, איז פאַרבונדן די טיפע אינטימקײַט פון מענדעלעס שפּראַך, דאָרט, ווו ער ווענדט זיך צו די שילדערונגען פונעם האַמוינישן לעבן, אָבער אויך די רײַכקײַט, די קאָנצענטרירט טרעפלעכע מאָלערישקײַט פון זײַן וואָרט, וואָס פאַרמאָגט געווינלעך אַ לײַכטן צומיש פון איראָניע. מענדעלע האָט גאָר טיף געשעפּט פונעם „פּלעבייִשן" שפּראַך-קוואַל, דעריבער איז פאַר אים באַזונדערס שאַרפ געשטאַנען די אופגאַבע די דאָזיקע נײַע וואָרט־מאַטעריאַלן און זאַצבוי־שטייגערס גראַמאַטיקאַליש און סטיליסטיש צו דיסציפּלינירן און צו שלײַפן, — אויב זײַנע זאַצן האָבן טאַקע געזאָלט ווירקן און איבערצײַגן. זיי האָבן דאָך געדאַרפט אָנגרײַפן און צעשטערן זײַט דוירעס אײַנגעבאַקענע אויטאָריטעטן, טראַדיציעס און געוווינהײַטן, האָבן זיי דעריבער געמוזט זעלבסטזיכער, געשליפן און דיסציפּלינירט אופטרעטן.

עטינגער איז, אָן שום ספק, אויך געווען אַפ זײַן שטייגער אַ סטיל־מײַסטער. זײַן שפּראַך־העקעפּ איז אָבער געווען אַן אומפאַרגלײַכלעך שמאָ-

לערער. זײַנ שלײַפ־ארבעט איבער דער שפּראכ איז געגאנגענ דעריקער אפ דער ליניע פונ פארגלעטנ די „זשארגאָנישע“ הארבקײַטנ, אונטערצושטרײַכנ איר „הארצלעכקײַט“, זי צו עסטעטיזירנ אונ אײַראָפּײיזירנ, זי פּאסיק צו מאכנ פאר ארטיסטיש-אידילישנ אויסדרוק. קײנ שארפע סאָציאַלע פּראָבלעמעס האָט עטינגער ניט געשטעלט. אינ עטינגערס שאפנ קומט צום אויסדרוק די פּיליסטערישע זעלבסט-צופרידנקײַט פונעם מעשטשאניג, וואָס איז צופרידנ מיטנ הײַנט אונ מאכט זיכ ניט קײנ דײַגעס — וועגנ אופגאבעס פונ מאָרגנ.

אנדערש מענדעלעס קונסט, וואָס איז, באזונדערס אינ זײַנ צווייטנ פּעריאָד (1864 — 1879), דער אויסדרוק פונ גרויסער סאָציאַלער באומרויִקונג אונ סאָציאַלנ שטרעבנ פונ די קלײנבירגערלעכע „פּלעבײיִשע“ אָרעמע מאסנ. מענדעלעס קינסטלערישקײַט ביכלאל אונ זײַנ שפּראכ-סטיל ביפראט האָבנ דעמלט א סאכ ערנסטערע אונ טיפערע וואָרצלענ אינ דער געזעלשאפטלעכקײַט פונ זײַנ צײַט, אײדער ווי עטינגערס שאפנ, דעריבער אויכ א סאכ אונ אומפארגלײַכלעכ — ערנסטערע, א סאכ אונ אומפארגלײַכלעכ טיפערע רעזולטאטנ. די אויספאָרשונג פונ מענדעלעס פּאָזיטיווע שפּראכ-אופטוענ דארפ גײנ לויט דער ליניע פונ זײער צוזאמענהאנג מיט די בעסטע פּאָרשריטלעכסטע עלעמענטנ פונ זײַנ וועלט-אָנשויונג.

## 10. רעזאָנערישע רעפלעקסיעס

וואָס ווײַטער מענדעלע גײט אָפּ פונ זײַנ פריִערדיקנ וועג, וואָס בלײַבער סע ווערט זײַנ געזעלשאפט-קריטיק אונ וואָס דײַטלעכער סע ווערט זײַנ רעגרעסיווע אפּאָלאָגיע פונ די אָפּגעשטאנענע פארהעלטענישנ — אלצ מער אונ מער הייבט ער אָנ ערנסט צו נעמענ אויכ די רעזאָנערישע רעפלעקסיעס, די בארעדעוודיקע „פאָלקסטימלעכע“ באטראכטונגענ לויטנ אלט-ווײַבערישנ נוסעכ, אפּ אנ עפּיגאָניש־פאָלקיסטישנ אויפנ זיכ מיט זיי צו קוויקנ.

פונ דער פארשלומפּערטער, פארשמאָלצעוועטער, אָפּגעשליסענער קאפּאָטע באמיט ער זיכ צו קאנאָניזירנ אנ עכטנ אײגנארטיק ייִדיש־ייִדישלעכנ, נאציאָנאלנ „סטיל“ — דאָס, וואָס לינעצקי האָט פונ אָנהייב אָנ ניט געקאָנט פארלײַדנ אונ מיט וואָס ראווניצקי, יעהויאָש, ניגער, באלמאכשאָוועס אא. קאָנענ זיכ ניט גענוג אָפּקוויקנ. דעמלט פארקאפּאָטעוועט ער אפילע די נאטור אינ זײַנע פּייזאזש-שילדערונגענ, אונ שטעלט ארײַנ אפילע בא דער באארבעטונג פונ זײַנע פריִערדיקע ווערק מיטנדרינענ א לולעוו אינ א נאטור־פּייזאזש [1].

[1] „דאָס קלײנע מענטשעלע“, אויסגאבע 1879, ז. 47: „...עס האָט נאָר זיכ געהערט דאָרט א רוישנ פונ ביימער, וואָס דער ווינט האָט מיט זיי געטרעשטשעט...“ אינ דער אויס־

דעמלט ווערט דאָס, וואָס איז פריִער געווען באַרעכטיקט און קלוג — נע־בעכדיק און באַטלאָניש.

באַזונדערס באַווײַזט זיך דאָס דאַן אין זײַנע רעזאָנערישע רעפ־לעקסיעס, וואָס באַקומען אַ באַגרענעצטן טוכלען טאַם. אויב זײַנע רע־זאָנערישע „שטראָפרייד" זײַנען פריִער געווען (מע מוז באַטאָנען: זייער אָפּט רײַסט זיך דאָס דורך אויך אין זײַנע שפּעטערדיקע ווערק, באַזונדערס אין „ווינטשפינגערל") פול מיט פאָרשריטלעכער ניכטערקײַט, דורכגעדרונגען מיט דעמאָקראַטישן געפיל צו די ליידן פון דער מאַסע, פול מיט סינע צו די אונטערדריקערס און כויזעק פונעם שימלדיקן אַלטן שטייגער, — ווערן די דאָזיקע רעפלעקסיעס שפּעטער מײַנסטנטיילס אַ ייִעשודיקע נעבעך־קרעכצערײַ פון אַ פרום־ווײַבערישער שאַמעסטע אַ טכינע־זאָגערן, מיט פּלוידערנדיקע כאָכמעס פון אַ קלויזניק, אַ מאַגיד, וואָס איז פאַרליבט אין זײַן פרומאַ־קישער באַרעדעוודיקײַט.

די סטיליזאַציע איז דאָ ערנסט געמיינט, גראָד ווײַל איר סאָציִאַלער אינהאַלט הערט אויף צו זײַן אַפּאָנעמעסן ערנסט. די דאָזיקע פּילוואָרטיקע נעבעך־קרעכצן פאַרמאָגן ניט אין זיך קיין זאַכלעכן אינהאַלט, קיין ציל־באַוווסטזיניקײַט. דאָס איז מײַנסטנס — פּיקייעכדיק־קלויזישע רייד־אימפּראָ־וויזאַציע, גראָד אַזאַ ווי מענדעלע פלעגט פריִער אַמאָל פון איר פּאַראָ־דיסטיש אָפּשפּעטן. אין זיי קומט צום אויסדרוק די טעמפּע אומצופרידנקײַט, אַ פאַרביטערט בורטשען פונעם באַטריבטן דעזאָריענטירטן קליינבירגער, וואָס זעט ניט קיין אויסוועג פון זײַן לאַגע און קרעכצט זינלאָז אין דער וועלט אַרײַן. דאָ פאַרוואַנדלט זיך „פּובליציסטיק" אין אַ מעטושטעש פאַרומערט וואָרטשעניש: דעם קלאַסן־קעגנער האָט שוין דאָ מענדעלע אַרויספאַרלוירן פון אויג, די סיבעס פאַר דער לאַגע פונעם אייגענעם קלאַס זײַנען אים לאַכלוטן ניט באַוווסט — בלײַבט בלויז אַ בייז־צערייצטע, ברויגעזע אומצו־פרידנקײַט. פון אַ צילבאַוווסטן שטראָפער און אָנקלאָגער ווערט ער אַ וויל־ווערטלזאָגער און פּיליסטערישער טרייסטער, וואָס ציקלט פרומע און אין טאָכ צוועק־ און זינלאָזע ריידעלעך וועגן דער האַרבער צײַט. אַפּ אַזאַ מעשונעדיקן אויפן האָבן זיך דעמלט בא מענדעלען רעאַליזירט די האַש־פּאָעס פונעם דעגענערירטן „סאַנטימענטאַל־ווײַנעוודיק" געוואָרענעם פּאָל־קיזם.

גאַבע פון 1907, ז. 31, שטעלט מענדעלע אַרײַן נאָכן וואָרט „געטרעשטשעט" (ער פאַריכט עס דאָ „געטרעסעט") דעם פאַרגלײַך: „ווי מיט אַ לולעוו", און „סטיליזירט" אַזוי־אַרום דעם נאַ־טור־פּייזאַזש אַפּ אַן „אייגנאַרטיק נאַציאָנאַלן" אויפן, איז די נאַטור „מעגײַער", לויט באַלמאַכשאָ־וועסעס אויסדרוק.

## 11. שטייגער־שילדערונג

מענדעלעס רעאַליזמ איז ניט קיינ שטרענג אונ ביז צומ סאָפ אויסגעהאַלטענער. זיינ רעאַליזמ איז אויסגעמישט מיט עלעמענטנ פונ ראָמאַנטיזמ.

מע קאָנ ניט זאָגנ, אַז די צענטראַלע פיגורנ פונ זיינע הויפּט־ווערק („מאַסאָעס", „פישקע", „ווינטשפינגערל") זיינענ טיפּישע כאַראַקטערנ אינעמ שטרענגנ באַטייט פונעמ טערמינ. זיי סימבאָליזירנ מיט גרויסער קראַפט אונ פּלאַסטיק טיפּישע כאַראַקטערנ, זיי אַליינ זיינענ אָבער געוויינלעכ ניט קיינ סאָציאַל-טיפּישע כאַראַקטערנ אינ געוויינלעכנ זינענ. אַפ דערופ זיינענ זיי צו שטאַרק היפּערבאָליזירט, איבערגעטריבנ, פונקציאָנירנ צופיל אַלס סימבאָלנ פונ סאָציאַלע טיפּנ. דאָס איז א ראָמאַנטישער שטריכ אינ מענדעלעס רעאַליזמ.

אויכ די הויפּט־סיטואַציעס, אינ וועלכע ס'אַנטוויקלט זיכ דאָס האַנדלענ פונט די דאָזיקע הויפּט-פיגורנ, זיינענ געוויינלעכ ווערנ באַטראַכט ניט קיינ טיפּישע (אינ „מאַסאָעס", „פישקע" אונ צומ טייל אויכ אינ „ווינטשפינגערל"). די הויפּט-סיטואַציעס סימבאָליזירנ, ווייזנ אָנ, גיבנ אָנצוהערנ אַפ סאָציאַל־טיפּישע סיטואַציעס, אינ א טייל פאַלנ („מאַסאָעס") אַפ אַנ אויסערגעוויינלעכ ווירקזאַמענ אויפנ, אינ אַנדערע פאַלנ טרעפט זיכ (ווי אינ „פישקע" אונ אָפט אינ „ווינטשפינגערל"), אַז סע קייקלט זיכ אַמאָל „די סיטואַציע" אַראָפּ ביז צו שפּאַנענדיק־סענסאַציאָנעלע, „אינטריגישע" צופעליקייטנ. דאָס איז ווידעראַמאָל א שטערנדיקער ראָמאַנטישער שטריכ.

אונ אויב מיר וועלנ פונ דעמ שטאַנדפּונקט באַטראַכטנ „די קליאַטשע", וועלנ מיר דעמ סטיל פונ דעמ דאָזיקנ ווערק — ניט געקוקט אַפ דער שטאַרקער ווירקזאַמקייט, מיט וועלכער מענדעלע סימבאָליזירט דאָ די געזעלשאַפטלעכע סיטואַציע — מוזנ פעסטשטעלנ אַלס ראָמאַנטישע אַלעגאָריע. ביז צו א געוויסער מאָס רעאַליסטיש איז „דאָס קליינע מענטשעלע". סיי די הויפּט־פיגור פונ דעמ ווערק סיי די סיטואַציע, אינ וועלכער זי האַנדלט, זיינענ סאָציאַל־טיפּישע. דאָס דאָזיקע ווערק קאָנ זיכ אָבער וואָס שייעכ קינסטלערישנ קויעכ פונ פאַראַלגעמיינערונג ניט פאַרגלייכנ מיט די דערמאָנטע דריי הויפּט־ווערק מענדעלעס.

דער ראָמאַנטישער עלעמענט איז בא מענדעלענ פאַרבונדנ מיטנ שטראָמ סאַנטימענטאַלישקייט אינ זיינ וועלטאָנשויונג, מיט די מאָטיוונ פונ געזעלשאַפטלעכער אַפּאַלאָגיע, וואָס האָבנ אימ אינ זיינ געזעלשאַפט-קריטיק געשטערט צו דערגייינ בא דער סאָציאַלער טיפּיזירונג פונ זיינע פיגורנ ביז צו דער לעצטער קאָנקרעטקייט. דאָס אייגענע וואָס שייעכ דער טיפּיזירונג פונ די צענטראַלע סאָציאַלע סיטואַציעס. אינ די דאָזיקע פּראָטימ וועלנ מיר

אין פֿאַרלויף פֿון זײַן אידעאָלאָגישער אַנטוויקלונג קאָנען פֿעסטשטעלן אַ באַשטימטע גראַדאַציע. וואָס שפּעטער גייט מענדעלע אַלץ מער אַוועק פֿון דער קאָנקרעטער טיפּיזירונג צו דער סימבאָליזירנדיקער. אויב די קאָנקרעטקייט נעמט אין דער „טאַקסע“ אָן דעם כאַראַקטער פֿון דירעקטן פֿאַמפֿלעט אויף באַשטימטע קאָנקרעטע פֿאַרשוינען און פֿאַקטן, ווערט זי וואָס שפּעטער אַלץ מער צעשוואוומען, פֿאַרוואַנדלט זיך אין סימבאָליזירונגען און דערגייט (אין „די קליאַטשע“) ביז צו אַלעגאָרישקייט.

פֿונדעסטוועגן איז אָבער מענדעלע אין זײַנע בעסטע ווערק, טראָץ דער צומישונג פֿון ראָמאַנטיזם, אין סאַך אַ רעאַליסט, ווײַל ער האָט דאָרט מיט מוט און וואָרהאַפֿטיקייט אויפֿגעדעקט און אָפּגעשפּיגלט אַ שטיק פֿון דער געזעלשאַפֿטלעכער ווירקלעכקייט אין זײַן צײַט. ער גיט אָפֿט סימבאָליזירטע כאַראַקטערן, סימבאָליזירטע סיטואַציעס אָנשטאָט ביז צום סאָף קאָנקרעטע, זײַן פֿאַראַלגעמיינערונג גייט אָפֿט אויף דער ליניע פֿון גראָטעסקער היפּערבאָליק. אָבער סאָפֿקאָלסאָף צילט זײַן היפּערבאָליזירט־סינטעטישער טיפּ אויף דער עמעסער ווירקלעכקייט, אויף דעם טיפּישן כאַראַקטער, און דאָס איז דאָ אַנטשיידנדיק. די עלעמענטן פֿון געזעלשאַפֿטלעכער אַפּאָלאָגעטיק האָבן אים געשטערט קאָנסעקווענט און בעהאַדראָגעדיק צו אַנטוויקלען מאַמאָשעסדיק קאָנקרעטע כאַראַקטערן. ער איז, אַזוי צו זאָגן, איבערגעשפּרונגען עטלעכע פֿאַרמיטלונג־שטופֿן און געפּאַקט די בילדער אין זייער סאַמע ברייטסטן סינטעז, אין זייער גרייטער, פֿאַרטיקער סימבאָלישקייט, אַזוי־אַרום איז די סימבאָלישקייט מער אַלגעמיין, אַנטפּלעקט ניט בעהאַדראָגעדיק אַלע עטאַפּן פֿון קאָנקרעטיזאַציע, ס'בלײַבט אָרט פֿאַר מאָשל־נימשלדיקייט. ס'בלײַבט דעריבער עפּעס־וואָס אַ רעשטל פֿאַרהילט, ניט פֿונעם טאָכ, נאָר פֿונעם דירעקטן אָנרופֿן און צעוויקלען דעם וועג פֿון דער קאָנקרעטער פֿיגור צום פֿאַראַלגעמיינערטן טיפּ. ס'באַקומט זיך, פֿון איין זײַט, פֿאַרהילטער, אומדײַטלעכער, פֿון דער אַנדערער זײַט, מער שרײַענדיקער: אַ ווייניק פֿאַרמיטלטער סימבאָל, וואָס צעוויקלט ניט אַלע עטאַפּן פֿונעם קאָנקרעטן ביז צום פֿאַראַלגעמיינערטן און היפּט זיי איבער, ווירקט געוויינלעך אי ווייניקער דײַטלעך אי גלײַכצײַטיק אויך שרײַערישער איידער אַ בעהאַדראָגעדיק צעוויקלטע קאָנקרעטיזאַציע. העיויס אָבער דער ציל פֿון די היפּערבאָלישע בילדער איז בא מענדעלען ניט דאָס פֿאַרהילן, נאָר דאָס אויפֿדעקן די געזעלשאַפֿטלעכע ווירקלעכקייט, די סאָציאַל־טיפּישע כאַראַקטערן און סיטואַציעס, זײַנען זיי אין זײַנע בעסטע ווערק סאָפֿקאָלסאָף רעאַליסטיש.

ביז צום סאָף רעאַליסטיש איז מענדעלע אין זײַנע ברייטן שילדערן דעם לעבנשטייגער, די שטייגערישע אַטמאָספֿער, די דעטאַלן פֿונעם שטייגער, וואָס פֿון זייער צעוויקלונג און סומירונג באַקומען זיך בא מענדעלען

ביז גאָר טיפּישע זײַטן פון דער סאָציאַלער װירקלעכקײַט. אויב די הויפּט-פיגורן און הויפּט-סיטואַציעס זײַנען בא מענדעלען אײַנגעהילט אין א לײַכט רויכל פון ראָמאַנטישער היפּערבאָליק, איז אָבער זײַן שילדערונג פון שטייגער, פון זײַנע דעטאַלן און מאָמענטן ביז צום סאָף רעאַליסטיש, פון זייער סאַכאַקל באַקומט זיך א ביז גאָר עמעסדיק, פּלאַסטיש און װירקואַם בילד פון דער סאָציאַלער װירקלעכקײַט. די שטייגער־שילדערונג איז בא אים רעאַליסטישער, װי די פיגורן־און סיטואַציע-שילדערונג, װײַל ס'האָבן אים דאָ ניט דאָס מינדסטע געשטערט די אַפּאָלאָגישע מאָטיװן. דאָ איז ער געװען פרײַ.

אין קאַמף קעגן דער „פאַנטאַסטיק" פון די געזעלשאַפטלעכע פארהעלטענישן און פון די אידעאָלאָגישע איבערגעבײַען, װאָס זײַנען געװען זייער רעזולטאַט, מוז די קריטיק פון די דאָזיקע פארהעלטענישן זײַן זאַכלעך-רעאַליסטיש, מוז זי זיך קודעמקאָל באַמיִען אופצודעקן און צו שילדערן די סיטואַציע און אַלע אירע דעטאַלן, אַזוי װי זיי זײַנען. די אַבסורדישקײַט פון דער סיטואַציע איז אַזוי שוין רײַף אויסגעװאַקסן, אַז אַפילע בלויז די זאַכלעך־רעאַליסטישע שילדערונג פון שטייגער מיט אַלע זײַנע דעטאַלן איז שוין גופע א בייזער סאַטירישער אָנגריף מיט שטאַרקער איבערצײַגונג-קראַפט. זאַכלעך־רעאַליסטיש שילדערן דעם שטייגער האָט אין דעם פאַל שוין אין גאָר א היפּשער מאָס געהייסן — אים דעמאַסקירן. די זאַכלעכע שטייגערישע רעאַליסטישקײַט איז אָפן ענגסטן אויפן פארבונדן מיט מענדעלעס געזעלשאַפט-קריטישע קאַװאָנעס. די קימאַט נאַטוראַליסטישע דעטאַלן-מאָלערײַ איז דאָ[1] אין מענדעלעס רעאַליזם געװען א שטריך פון „אָנראַכמאָנעסדיקײַט" („ריקזיכטלאָזיקײַט") אין דער קריטיק. די דעטאַלן־מאָלערײַ האָט אַנטשפּראָכן דעם מיין ארײַנצודרינגען אין אַלע אינטימסטע אייַנצלהײַטן פונעם שטייגער און ארויסצויאָגן דעם שמוץ פון אונטער די פינגער־נעגל, די װאַנצן פון די באַהאַלטנסטע שפּעלטלעך, ברענגען צום באַװוסטזײַן די סאַמע אײַנגעװוּרצלטסטע, אײַנגעבאַקנסטע און דעריבער פאַרן אויג שוין זעלבסטפאַרשטענדלעכע, נאַטירלעכע און קימאַט ניט באַמערקבאַרע קליינע פאַקטן, װאָס װײַזן אָן אָף דער אַלגעמיינער פאַרקריפּלטקײַט.

1 שטייגערישע דעטאַל־באַלערײַ איז לאַכלוטן ניט שטענדיק אַן אויסדרוק פון א קריטישער באַציִונג. זייער אָפט און עפּשער אַפילע אין ס'ראָװ פאַלן — איז דעטאַלן־מאָלערײַ אַן אויסדרוק פון אידילישקײַט, פון דעם פאַרמעגלעכן קליינבירגערס פיליסטעריש־באַגרענעצטער פאַרליבטקײַט אין זײַן לאַגע, אין זײַן האָב און גוטס.

## 12. זשאנר־בילדער און נאטור־פּייזאזשן

דער אויסדרוק פון סאַנטימענטאַלישקייט מיט דער הילף פון אידילישע זשאַנר־בילדער און נאַטור־פּייזאַזשן איז אייגנטימלעך פאַר מענדעלען אויך אין זיין פריִיקן פּעריאָד. ווען דער גאַנג פון זיין דערציילונג קערעוועט זיך אַוועק פון די „מענטשעלעך דראַבעס, פּאַקוסניקעס אוכדוימע אַזעלכע מינע נעפּאַשעס, קליינטשקע, נידעריקע פּאַרשוינען" צו די „עוויוינים, קאַפּצאָנים, אומגליקלעכע נעבעכ", באַצייכנט ער דעם איבערגאַנג אויף אַ סאַנטימענטאַלן אופן דורך שטימונגפולע נאַטור־בילדער. ווען יאַקאָבזאָן פירט ייִצחאָק־אַווראָמען, די הויפּט־פיגור פון „דאָס קליינע מענטשעלע", צום מאַסקיל גוטמאַן, ווערט דער קאָנטראַסט צווישן די צוויי וועלטן (די וועלט פון די „קליינע מענטשעלעך", פון איין זייט, און פון די פאָרשריטלעכע אָרעמע, אָבער איידעלע גוטמאַנס, פון דער אַנדערער) און די וויכטיקייט, וואָס די דאָזיקע באַקאַנטשאַפט וועט סאָפּקאָלסאָף האָבן פאַר ייִצחאָק־אַווראָמען, אונטערגעשטראָכן דורך אַ סאַנטימענטאַלער און שטימונגפולער באַשרייבונג פון אַ נאַטור־צושטאַנד:

„...אויף דער גאַס האָט מען שוין נישט געזען קיין מענטשן הונט, און אינדרויסן איז געווען אַזוי פינצטער, כאָטש אַן אויג אַרויסצונעמען. איז ער מיט מיר געגאַנגען העט־העט אין עק שטאָט, ערגעץ אין אַ פאַרוואָרפן געסל. אין דעם דאָזיקן געסל איז געווען רויק, שטיל ווי אויף אַ בעסוילעם. עס האָט נאָר זיך געהערט דאָרט אַ רוישן פון ביימער, וואָס דער ווינט האָט מיט זיי געטרעשטשעט, ווי אויך אַ געשושקעריי פון עטלעכע איבערגעבליבענע דאַרע בלעטלעך ערגעץ דאָרט אויף אַביימל, און אַ קאָל פון אַ דריבנע־אָסענדיק רעגנדל, וואָס האָט צווויילן געקראָפּעט אויף אַראָפּגעפאַלענע בלעטער, אַז אויף פאַרטריקנטע גראָז פון אַלערליי מינע גאָרטנוואַרג. איז דער ווינט אויף אַ רעגע אַנשוויגן געוואָרן, האָט פונדערווייטסטן זיך געלאָזט הערן אַ געקלאַפּעריי ערגעץ פון אַ מיל און אַ ליאַרעם, אַ געוויש פון אַ ביסטרע־פלייצנדיק וואַסער. קוים האָט דער ווינט ווידער אָפּדאָסנייַ אָנגעהויבן, האָבן מיט אים, באַם אָנהייב, פון דער שטאָט זיך פאַרטראָגן מעטושטעשע, פאַרמישטע מינע קוילעס: אַ קריי פון אַ האָן, אַ מרוקען פון אַ קו, אַ סקריפּ פון אהין־און־אהער זיך שלייַדערנדיקן טויער, אַ גערודער, אַ געטומל פון אַ באַלעגאָלישער פאָרנדיקער יאַזדע, און אַ בילן, אַ האַווקען פון אַ באַלעבאַטישן הונט. אָפּאָנעם, אַז אין יענעם געסל זיינען נישט געזעסן קיין ייִדן, זיסט וואָלט דאָך דאָרט נישט געוועגן בלעטער, און מייַן ייִד (דה. יאַקאָבזאָן — מ. וו.) וואָלט דאָך געמוזט מאַפּן דעם וועג, ער זאָל, כאָלילע, אינדערמיט גאַס נישט אַרויף אויף אַ

קו, אָדער ניט אָנשלאָגנ זיכ אָנ צעבראָכענע טרעפלעכ פאר איטלעכער טיר"...

אָדער: די באגעגעניש צווישנ דעם „קליינעם מענטשעלע" יִיצכאָק־אווראָמ אונ דער איידעלער גאָלדע, יאקאָבזאָנס טאָכטער, ווערט באגלייט פונ א אומרוִקנ, שטורעמ־אָנזאָגנדיקנ נאטור־בילד, קעדיי אפ א סאנטימענטאלנ אויפנ צו געבנ אנ אָנצוהערעניש אפ די טרויעריקע רעזולטאטנ, וואָס די באגעגעניש וועט האָבנ פאר דער אָרעמער גאָלדע: „אמאָל בינ איכ צווישנ טאָג אונ נאכט גראָד געגאנגענ ערגעצ אינ א פארלעגנ געסל. דער בלויער ליטערער הימל האָט בא די ברעגנ זיכ באדעקט מיט שווארצע מאסנ כמארע, אינ וועלכע עס האָבנ צעטנוויִז זיכ דורכגעוואָרפנ בליצנ, ווי לאנגע פייערדיקע שטרייפעלעכ"... אאוו.

די נאטור־בילדער זיינענ אויכ באמ פריִקנ מענדעלע אנ אויסדרוק פונ סאנטימענטאלישקייט. אפילע דאָרט, ווו זיי דינענ א ו י כ אלס קאָנטראסט צומ קריטיקירטנ לעבנשטייגער, איז זייער איקער־פונקציע סאנטימענטאל צו באשיינענ דאָס לעבנ פונ די „עוויוינימ, קאפצאָנימ, אומגליקלעכע נעבעכ".

ס'איז אָבער כאראקטעריסטיש, אז אינ די רייכע נאטור־בילדער פונ „פישקע דער קרומער" (גרויסער וואריִאנט, 1888) פלעכט מענדעלע שוינ ארײַנ פארגלייכענישנ פונ ריטועלנ אונ רעליגיעזנ שטייגער אונ גיט זיי דורכ דעמ א רעליגיעז-נאציִאָנאליסטישע באארבונג, אנטשפרעכנדיק צו זיינ איצטיקער גרונט־שטימונג (זע, לעמאָשל, דאָס רייכע שטימונג-בילד: „דער הימל איז בלוי"... — ז. 123, אויסג. 1907,—ווו א סאָראָקע זעט אויס ווי אָנגעטאָנ אינ א וויִס טאלעסל, פאלט „טאכנונ" אאוו.). דאָס באטייט, אז די נאטור־מאָלעריי דארפ שוינ איצט דעריקער דינענ צו זיינ געזעלשאפט־אפאָלאָגעטישער גרונט־שטימונג.

אויכ די נעטיִע צו אלעגאָרישקייט, וואָס שטייט אינ אזא דייטלעכער סטירע צומ זאכלעכ-רעאליסטישנ סטיל, איז פאראנ בא מענדעלענ פונ סאמע זיינע אָנהייבנ אָנ. זי באצייכנט די גרענעצנ פונ זיינ געזעלשאפטלעכער קריטיק, אונ שטאמט דעריבער, אינ טאָכ, ניט פונ זיינ קריטישער שטעלונג צו דער געזעלשאפט, נאָר פונ די מאָמענטנ אינ זיינ וועלטאָנשויונג, וואָס שטערנ אימ צו גײנ אינ דער קריטיק אפ א דעמאָקראטישנ אויפנ ביז צומ סאָפ. דייטלעכ קומט דער דאָזיקער כאראקטער פונ זיינ אלעגאָרישקייט צומ אויסדרוק אינ יענע פאלנ, ווו ער רירט זיכ צו אפ זיינ איינגעגרענעצטנ אויפנ צו דער נאציִאָנאלער פראגע (אינ די פארשיידענע רעזאָנערישע באטראכטונגענ אונ באזונדערס אינ דער „קליאטשע", „דאָס יִידל" אאוו.). די קריטיק פונ די „אינוויניקע" פארהעלטענישנ קאָנ ער פירנ אפ א

רעאַליסטישן אופֿן, ווי ער ריהרט זיך צו צו דער פּאָליטישער לאַגע פֿון די ייִדישע מאַסן פֿאַרבאַהאַלט זיך זײַן הילפֿלאָזיקײַט — אין אַלע־גאָרישקײַט.

## 13. אַלעגאָרישקײַט

אין דעם צוזאַמענהאַנג דאַרף אויך דערקלערט ווערן די באַשטימטע סימבאָליסטישע מאָשל־נימשלדיקע צווייַדײַטיקײַט פֿון געוויסע זאַצן, עפּיזאָדן, און באַטראַכטונגען מענדעלעס, זײַן — „ניט דאָס בין איך אויסן". אַמבוויַלעטסטן ווערט דאָס אין דער „קליאַטשע", וואָס איז פֿון אָנהייב ביז צום סאָף איין גרויסער „ניט דאָס בין איך אויסן". די בירגערלעכע קריטיק האָט אָפּ דעם פֿאַקט שוין זייער לאַנג אָנגעוויזן, כאָטש זי האָט אים, פֿאַרשטייט זיך, אָפּ איר שטייגער אויסגעטײַטשט און אָפּגעשאַצט.

אין זײַן קריטיק פֿון מענדעלעס „קליאַטשע" באַמערקט ראַוויניצקי (שאָלעם־אַליכעמס „די ייִדישע פֿאָלקס־ביבליאָטעק", II־י קיעוו, 1889, ז. 275): „...הײַנט האָט ער פֿײַנט צו דערציילן אַ מײַסע גלאַט אַזוי זיך אין דער וועלט אַרײַן, צוליב דער מײַסע אַליין. ער זאָגט אַלץ מיט אַ מיין, מיט אַ טיפֿער קאַוואָנע. דאַכט זיך, ער איז דאָס ניט אויסן, יענץ ניט אויסן; אָבער אינדערעמעסן איז ער שטאַרק אויסן אי דאָס אי יענץ... זײַנע פּסוקים לאָזן הערן צוויי זאַכן מיטאַמאָל: אויסער דעם פּאָשעטן פּשאַט פֿון אויבן, ליגן נאָך דאָרט באַהאַלטן אינווייניק אַנדערע רעמאָזים און סודעס, גלײַך ווי אָפּ צו דערציילן אַ מײַסע אַזוי פּאָשעט, איז פֿאַר אים צו פּראָסט, צו וואָכעדיק"...

פֿאַרשטייט זיך: מענדעלע האָט טאַקע פֿײַנט „צו דערציילן אַ מײַסע גלאַט אַזוי זיך, אין דער וועלט אַרײַן, צוליב דער מײַסע אַליין". דאָס איז עמעס. מענדעלע אַליין האָט דאָס ניט איין מאָל אונטערגעשטראָכן. זײַנע דערציילונגען זײַנען דורכויס דורכגעדרונגען מיט אידייִשקײַט. דערמיט אָבער קאָן ניט דערקלערט ווערן די באַשטימטע סימבאָליסטישע פּילדײַטיקײַט, וואָס דערגייט אָפּט ביז צו אַלעגאָרישקײַט פֿון מענדעלעס זאַצן, עפּיזאָדן און אַפּילע גאַנצע ווערק („די קליאַטשע"). ניט דער „מיין", ניט די „טיפֿע קאַוואָנע", קורץ: ניט די אידייִשקײַט דערקלערט די פּילדײַטיקײַטן און אַלעגאָרישקײַטן, נאָר, פֿאַרקערט: דאָרט, ווו ער קאָן ניט אַרויסזאָגן דעם „מיין" אָפּ אַ קלאָרן איינדײַטיקן אופֿן, ווײַל ער אַליין האָט אים ניט קלאָר פֿאַרבאַוווסטזיניקט, ווײַל ער אַליין איז ניט קאָנסעקווענט דערגאַנגען ביז צום סאָף פֿון דעם „מיין", קורץ: דאָרט, ווו די אידייִשקײַט איז אַ געבראָכענע, ניט־אויסגעהאַלטענע, — גראָד דאָרט פֿאַרשטאַרקט זיך די פּילדײַ־

טיקײַט, דער „ניט דאָס ביז אײַך אויסנ" ביז צו אלעגאָרישקײַט אונ גיט אזויארומ אָנצוהערנ אפ שווערע סטירעס אינ זײַנ „מיינ". באזונדערס האָט דאָס א שײַכעס צו יענע ערטער אונ פאלנ, ווו מענדעלע באהאנדלט די פאָליטישע לאגע פונ די יידנ אינ דער צארישער מעלוכע.

ראווניצקי זאָגט ווײַטער (ז. 277): „...זײַנע דיבורימ האָבנ אָפט כמה פנימ (א סאכ באטײַטנ—מ. וו.), אונ ער האָט שטארק ליב צו שמועסנ אלעגאָריש, מיט באהאלטענע קאוואָנעס, אונ אזויווי „די קליאטשע" איז דאָכ אינגאנצנ איינ אלעגאָריע — נאָכ איבער וואָס פאר א הויכנ איניענ! — דעריבער איז גאָר קיינ כידעש נישט, אז ער ווײַזט זיכ דאָ ארויס מיט זײַנ גאנצנ קויעכ אונ גלאנצ". ראווניצקי גיט דאָ אנ אָנצוהערעניש אפנ צוזאמענהאנג צווישנ דער „אָפטער" פילדײַטיקײַט פונ מענדעלעס „דיבורימ", צווישנ דער אלעגאָרישקײַט — אונ דעמ „הויכנ איניענ", וואָס ווערט באהאנדלט אינ דער „קליאטשע": די נאציאָנאלע פראגע; אונ ס'איז גאָר קיינ כידעש ניט, וואָס דער העברייִשער שרײַבער ראווניצקי זעט גראָד אינ דער דאָזיקער אלעגאָרישקײַט מענדעלעס „קויעכ אונ גלאנצ".

אינעמעסנ אָבער באווײַזט זיכ גראָד דאָ די גרענעצ פונ מענדעלעס „קויעכ", די גרענעצ, ווו ער ווערט אומפייִק אריבערצושפרײַזנ די באגרעניצטקײַט פונ זײַנ באזע, ס'באווײַזט זיכ דאָ, אינ דער אלעגאָרישקײַט, ניט דער „גלאנצ", נאָר די מוטנעקײַט, די הילפלאָזיקײַט פונ זײַנ באנעמ. דעריבער געהער דער אלעגאָרישער מאָמענט צו די שוואכסטע זײַטנ אינ מענדעלעס קינסטלערישקײַט. דער דאָזיקער מאָמענט ווירקט אומקינסטלעריש, געפרירנדיק, סײַ דאָרט, ווו ער קומט פאָר דערעכ-אגעוו, פארײַנצלט, אונ נאָכ מער דאָרט, ווו ער איז דאָס הויפט-מיטל פונעמ קינסטלערישנ אויסדרוק. „די קליאטשע", אינגאנצנ גענומענ, געהערט אכוצ א טייל געראָטענע אונ אויסגעצייכנטע ערטער אונ עפיזאָדנ — צו די שוואכערע ווערק מענדעלעס, ניט בלויז אינ אידעאָלאָגישנ, נאָר אויכ אינ קינסטלערישנ זינענ, טראָצ דער גרויסער קינסטלערישער ענערגיע אונ אָנשטרענגונג, וואָס מענדעלע האָט אינ דעמ ווערק אָנ סאָפעק ארײַנגעלייגט.

די עלעמענטנ פונ סימבאָליסטישער, רעליגיעז-נאציאָנאליסטיש-באפארבטער אלעגאָרישקײַט אינ מענדעלעס סטיל זײַנענ דורכויס עפעס אנדערש, ווי אשטייגער די „עזאָפישע שפראכ" אונ מאָשלדיקײַט אינ שאפנ פונ אזא רעוואָליוציאָנער-דעמאָקראטישנ שרײַבער ווי סאלטיקאָוו-שטשעדרינ. די מאָשלדיקײַט בא סאלטיקאָוונ איז דער אויסדרוק פונ גרויסנ פאָליטישנ מוט, זי גיט די מעגלעכקײַט ארויסצוזאָגנ ווײַט־ווײַט מער, ווי די צארישע צענזור קאָנ דערלאָזנ. זי איז אנ אויסדרוק פונ פאָליטישער שטארקײַט אונ בירגערלעכנ מוט.

גאָר עפּעס אנדערש איז מענדעלעס סימבאָליסטישע, רעליגיעז־נאַציאָנאַליסטיש־באַאַרבעטע אַלעגאָריע. אינ איר צוועק איז געווענ איינגעשלאָסנ אויכ דער מיינ ניט צו מוזנ זאָגנ דאָס סאמע קאָנסעקווענטע, זיכ צו קאָנענ באַהאַלטנ אינ צווייידייטיקייט, זיכ צו קאָנענ פאַרהילנ אינ רעליגיעזנ נעפּל („יידל“, „קליאַטשע“). מענדעלעס אַלעגאָריע דאַרפ מענ פאַרשטיינ אינ יענעמ באַטייט, וואָס שליסט אַמאָל, לויט די קלאַסישע טראַדיציעס פונ דער פּאָעטיק, אינ זיכ איינ דעמ באַגריפ פונ אַפּאָטעאָז. ניט בלויז „דאָס יידל“, נאָר אויכ „די קליאַטשע“[1] איז סאָפּקאָלסאָפּ אנ אַפּאָטעאָז פונ דער „קנעסעס־יסראָעל“. די אַלעגאָרישקייט שאַפט דאָ די מעגלעכקייט אינ דער פראַגע פונ עמאַנסיפּאַציע זיכ צו דרייענ אינעמ קרייז פונ רעליגיעז־נאַציאָנאַליסטישע אילוזיעס.

עס איז גאַנצ נאַטירלעכ, אַז אינ יענע ווערק זיינע, וואָס דינענ אינ גרונט גענומענ זיינ געזעלשאַפט־קריטישער אָנצילונג, דער קריטיק פונ דער פעאָדאַלישער אָפּגעשטאַנענקייט, וועלנ מיר, אַכוצ זעלטענע אונ גענוג פאַריינצלטע פאַלנ (ווו ער רידט זיכ צו צו דער „יידל“־טעמע), קיינ איבעריקע סימבאָלישע פילדייטיקייט אונ אַלעגאָרישקייט ניט געפינענ. דער רעאַליסטישער דערציילונג־גאַנג ווערט ניט דורכגעבראָכנ דורכ אַלעגאָרישקייט ניט אינ „דאָס קליינע מענטשעלע“, ניט אינ דער „טאַקסע“, ניט אינ „ווינטשפינגערל“, ניט אינ „כאַסאָעס“ אאַוו. די סימבאָלישקייט פונעמ באַגריפ „דאָס קליינע מענטשעלע“ (מעטאַפער פאַרנ מאַיאָפעסניק פונעמ פּאָרעצ,

1 מע מוז געדענקענ: אינ „יידל“ זאָגט מענדעלע ניט קיינ שומ מוטיקע זאַכנ; פאַרקערט: דורכויס באַנאַל־רעאַקציאָנערע באַבעמייסעס. קעריי צו קאָנענ קומענ צו דער מאַסע מיט אַזעלכע פּוסטע כאַלוימעס, האָט מענ זיכ ניט געקאָנט באַגייג אָנ דער „אַלעגאָרישקייט“. אינ דער „קליאַטשע“ איז קימאַט ניט פאַראַנ קיינ שומ זאַכ (אַכוצ דעמ דערעכאַגעווודיקנ אָנצוהערעניש אַפּ די „פּאַנסקע צאַפּעס“), וואָס וואָלט ניט געקאָנט געזאָגט ווערנ אָפנ אונ קלאָר, אָנ שומ אַלעגאָריעס. דער בורזשואַזער ליבעראַל אי. ג. אָרשאַנסקי האָט וועגנ דער בירגערלעכער עמאַנסיפּאַציע פונ די יידנ קימאַט צו דער זעלבער צייט גערעדט אַ סאַכ שאַרפער, קלאָר אונ אָפנ, אָנ שומ אַלעגאָריעס אינ טאַקע אַפּ רוסיש.—די באַדייטונג פונעמ פאַקט, וואָס די רוסישע איבערזעצונג פונ דער „קליאַטשע“ אינ „וואָסכאָד“ איז נאָכ די ערשטע פּאָרזעצונגענ דורכ דער צענזור פאַרבאָטנ געוואָרנ — טאָר ניט צופיל איבערגעשאַצט ווערנ. מע מוז געדענקענ, אַז די יידישע אויסגאַבעס פונ דער „קליאַטשע“ זיינענ קיינמאָל ניט, ניט פריער אונ ניט שפּעטער, ניט פאַרבאָטנ געוואָרנ. די צאַרישע צענזור אַפּ יידישע ווערק איז לאַנגלוטנ ניט געווענ קיינ מילדערע, ווי אַפּ רוסישע, זייער מעגלעכ, אַז דעמ צענזאָר פונ דער רוסישער איבערזעצונג האָט איבער מעלוכיש־שאָוויניסטישע סיבעס געאַרט דער רעליגיעז־נאַציאָנאַלער טאָנ פונ דער עמאַנסיפּאַציע־פאָדערונג (ווער קאָנ דערגיינ אַנ עק באַ די קאַפּריזנ פונ אַ צאַרישנ צענזאָר ?). יעדנפאַלס אָבער איז דאָס פאָדערנ בירגערלעכע עמאַנסיפּאַציע פאַר יידנ ניט געווענ אַזאַ מינ זאַכ, צוליב וועלכער מע האָט אומבאַדינגט געדאַרפט אָנווענדנ אַזאַ סימבאָליסטישע אַלעגאָרישקייט, — אויב דאָס איז ניט געווענ פאַרבונדנ מיט נאָכ אַנדערע אורזאַכנ.

אָזער פארן אונטערלעקער פונעם ייִדישן טאקעס), פון דעם באגריף „ווינטש־פינגערל“ (מעטאפער פאר „בילדונג“) זײַנען געווייגלעכע קינסטלערישע מעטאפערן, וואָס שטערן אינעם פארלויף פון דער דערציילונג אינערגעץ ניט דעם איינדײַטיקן גאנג פון דער פאבוליארישער אנטוויקלונג. די ביניאָמינ-פיגור איז פונקט אזוי, ווי די פישקע־פיגור, אויך א „סימבאָלישע“, אָבער ניט אינעם זין פון אלעגאָרישקײַט, נאָר פון סינטעטישער פאראלגעמיינערונג, אינעם זין פון סינטעטישער טיפּישקײַט.

## 14. „עפּישקײַט“

זײַט די אכציקער יאָרן ווערט פאר מענדעלעס דערציילונג-קונסט כא־ראקטעריסטיש א „רויִקע“, „עפּישע אָביעקטיווקײַט“. דער עפּיש-דערציילע־רישער גאנג איז מענדעלען קיינמאָל ניט פרעמד געווען. זײַט די אכציקער יאָרן ווערט אָבער זײַן עפּישקײַט „רויִק“ און „אָביעקטיוו“. טיפּיש פאר דעם דאָזיקן נײַעם גאנג איז דער גרויסער וואריאַנט פון „ווינטשפינגערל“, א טייל קלענע דערציילערישע פראגמענטן און „שלוימע רעב כאיִמס“. דער עפּישער גאנג האָט פריִער געדינט דער לײַדנשאפטלעכער סאטירע, די „רויִק“ און „אָביעקטיוו“ געוואָרענע עפּישקײַט דארף געבן די מעגלעכקײַט זיך „אָביעקטיוו“ צו באציִען צו די מיטלאלטערלעכע פארהעלטענישן, צום לעבנשטייגער און די פיגורן, וואָס מענדעלע האָט פריִער קריטיקירט און דעמאסקירט, ד.ה. זיי צו אידעאליזירן.

לעמאָשל, מענדעלע האָט זיך אויך אין זײַן פריִיִקן פעריאָד געקאָנט פרײַנטלעך באציִען צום „גוטן“ ראָוו (אין „דאָס קליינע מענטשעלע“). אין זײַן אופקלערערישקײַט איז מענדעלע קיינמאָל ניט דערגאנגען (פונקט אזוי ווי ביכלאל די ייִדישע האסקאָלע — כוץ קאָווגערן) ביז צו אויסגעהאלטענעם קאמף קעגן דער רעליגיע. ער האָט זי אלס אזעלכע לאכלוטן ניט געוואָלט צעשטערן. אָבער, קעמפנדיק קעגן דעם מיטלאלטערלעכן שטייגער, האָט ער מיט זײַן גאנצער געזעלשאפט-קריטישער טעטיקײַט שווער אָנגערירט — באוווסט צי ניט, און טאקע אפ א ניט־אויסגעהאלטענעם אויפן — אויך דעם גרונט-זײַל פונעם מיטלאלטערלעכן שטייגער, די רעליגיע.

וויפל ער האָט ניט געזאָלט אויסדריקן זײַן סימפּאטיע צום „גוטן“ ראָוו אין „דאָס קליינע מענטשעלע“ — שטעלט ער אָבער פאָרט אוועק אלס גע־וויסן פון דער געזעלשאפט ניט דעם ראָוו, וואָס בלײַבט א בלאסע פיגור און א סכעמאטישער אווטאָריטעט, נאָר דעם אָרעמען מאסקיל גוטמאן. אומופהערלעך דעמאסקירנדיק די מאניפּוליאציעס פון די קאָלערליי מינים קלעריקאלן, זייער צוויִאקישקײַט, דעם אייגננוצלעכן ווערט און באטײַט פון זייער פרומאקישקײַט — האָט ער, ווילנדיק צי ניט, אויסגעהאלטן צי ניט—

סײַווי אין זײער א היפּשער מאָס אונטערגעריסן און דעמאסקירט אויך די רעליגיע, און מעמײלע אויך דעם אווטאָריטעט פון סאמע „בעסטן" ראָוו, וואָסער „אויסנאם" ער זאָל מיט זײַן גוטסקײַט ניט זײַן. אינעם גאנצן אויפן ווי מענדעלע שילדערט דעם ראָוו ווערט גענוג דײַטלעך אונטערגעשטראָכן, אז דער דאָזיקער ראָוו איז א מין אויסנאם. זײַנע מײַלעס, וואָס מענדעלע באווײַזט, זײַנען אָבער נאָר: ערשטנס, גוטהארציקײַט און אָרעמקײַט, וואָס באווײַזן זײַן אָרנטלעכקײַט (אן אלטע מאסקילישע טראדיציע באם שילדערן אן „אָרנטלעכן" פאָרשטײער פון קלײקוידעש; זע אין אקסענפעלדס „די געגארטע וועלט", די פיגור פון גוטמוטיקן און טיפשעוואטע־אָרנטלעכן דײַען בעניע) און, צווײטנס, זײַן צוטרוי צום מאסקיל גוטמאן, מיט וועלכן ער איז גרײט אינײנעם אויסצופירן די רעפאָרמעס לויט יִצכאָק אווראָמס ווונטש.

די פיגור פונעם ראָוו ביכלאַל האָט אין „דאָס קלײנע מענטשעלע" די אויפגאבע צו דעמאָנסטרירן דעם טראדיציִאָנעל־מאסקילישן טעזיס, אז די האסקאָלע גײט ניט קעגן דער אײגנטלעכער ראציִאָנאליסטיש אינטערפּרע־טירטער רעליגיע, אז זי איז דערלויבט דורך דער אײגנטלעכער רעליגיע, אז זי ווידערשפּרעכט ניט דער רעליגיע און אז זי קאָן גײן אינײנעם מיט דער רעליגיע (דער מאסקיל גוטמאן איז פון זײַן זײַט א „ווארעמער ייִד"). די „ראבאָנישע מײַלעס", אלס אזעלכע, די פרומקײַט, די רעליגיִעזקײַט גופע ווערט דאָ ניט אידעאליזירט. מענדעלע איז דעמלט פאָרט נאָך ווײַט דערפון צו וועלן אידעאליזירן דעם ראָוו אלס ראָוו, צו געפינען א טאם אין זײַן פרומקײַט, אין זײַן רעליגיעזקײַט גופע. אין בעסטן פאַל בלײַבט ער א בלא־סע נישטיקע פיגור, א געצווונגענע נאָכשלעפּעניש צו דער רעפאָרמערישער הויפּטפיגור פון גוטמאן.

גאָר אנדערש אין גרויסן ווארִיאנט פון „ווינטשפינגערל", אין דער דער־צײלונג „א גראָע האָר", אין „שלוימע רעב כאיִמס". אין די דאָזיקע ווערק ווערט שוין די קלעריקאלישקײַט אלס אזעלכע אידעאליזירט. דאָ פילט שוין מענדעלע א טאם, „מעסיקעס" אין דער רעליגיע גופע. דער קאמף קעגן מיטלאלטערלעכן שטײגער און קעגן די קאָהאָלשע גווירים הערט אוף צו דאָמינירן אין גרויסן ווארִיאנט „ווינטשפינגערל", אין „שלוימע רעב כא־יִמס" פארשווינדט ער אינגאנצן. אין „דאָס קלײנע מענטשעלע" ווערט רײַכ־קײַט גופע כאראקטעריזירט — אלס עפּעס העסלעכס, קלײנמענטשלדיקס, אָרעמקײַט גופע ווערט אוועקגעשטעלט — אלס א שטיק באווײַז פאר אָרנט־לעכקײַט. אין „ווינטשפינגערל" (גרויסער ווארִיאנט), אין „שלוימע רעב כאיִמס", באזונדערס אין א. ג. צווײטן טײל, ווערט שוין פארמעגלעכקײַט און רײַכקײַט געמאָלט אין אידעאליזירנדיקע פארבן. די ביניאָמינס און אנדערע קלויז־ייִדן, פון וועלכע מענדעלע האָט פריִער פארניכטנדיק אָפּ־

געשפּעט — ווערנ איצט אַלס רעב אוורהאָמס געהייבנ אונ פֿאַרהערלעכט. קאָל־ערליי גווירימ, באַל־טאַקסעס, טאַקיפימ, בלוט־צאַפּערס — ווערנ איצט ארומגערינגלט מיט א ראָמאַנטישער שײַנ. די יאָנטויווימ, די מיצוועס, דעמ ריטואַלנ צערעמאָניאַל, דעמ כאַסידיזמ (דעמ טראַדיציאָנעלנ שאַרפסטנ אור־סוינע פונ דער האַסקאָלע) אונ אפילע דעמ שטעטלדיקנ מיסט־הויפנ שילדערט שוינ איצט מענדעלע געננ אָפּט מיט האַרצלעכער וואַרעמקײַט. דאָס, וואָס איז פריער פאַראַנ געוועננ אַלס סטירעדיקע עמבריאָנעלע טענדענצ — איז איצט אויסגעוואָקסנ צו א דאָמינירנדיקער גרונט־שטימונג. צו אזא נאַציאָנאַליסטישער „היסטאָריש־פֿאַרשטענדענישפולער“ גרונט־שטימונג האָט טאַקע דורכויס אַנטשפּראָכנ די קלוימערשטע עפּיש־רויקע אָביעקטיווקײַט.

## 15. סיוזשעט אונ פאַבולע

סאַנטימענטאַלישקײַט איז א שטריכ, וואָס באַלייט זייער אָפט די בורזשואַזע, אונ באַזונדערס די מעשטשאַניש־קליינבירגערלעכע געזעלשאַפט־קריטיק. די סאַנטימענטאַלישקײַט ביכלאַל איז כאַראַקטעריסטיש פאַר דער פשאָרעדיקײַט פונעמ צווישנדיקנ קלאַס, פאַר זײַנ ניט אַנטשלאָסענער וואַקלדיקײַט אונ פאַר זײַנ אומפייקײַט צו זענ די אייגנטלעכע סיבעס פונ זײַנ לאַגע, דעמ אייגנטלעכנ קלאַסנ־סוינע זײַנעמ — באַזונדערס אינ א פעריאָד, ווענ די בורזשואַזיע האָט נאָכ ניט אויסגעקעמפט איר ענדגילטיקנ קאַמפ קעגנ דעמ פעאָדאַליזמ. מיט דער הילפ פונ סאַנטימענטאַליזמ האָט דאָס קליינבירגערטומ ליב צו באַלאַנסירנ צווישנ די קלאַסנ, צו פריידיקנ ראַכמאָנעס־געפילנ, פשאָרע, קעגנזײַטיקע „פאַרשטענדעניש“. אינעמ סאַנטימענטאַליזמ וועלנ מיר שטענדיק אכוצ דער אָנקלאָג געפינענ אויכ אנ אָנצוהערעניש אפ א פרווו זיכ ארויסצודרייענ פונעמ אַנטשלאָסענעמ קאַמפ. אינ טאָכ באַזירט זיכ דער סאַנטימענטאַליזמ אפ א שווײַגנדיקער פאָרהאַנאָכע, אז די אורשפּרינגלעכ גוטע געזעלשאַפטלעכע אָרדענונג אונ מענטשנ זײַנענ קאַליע געוואָרנ, „געזונקענ“, אז מע דאַרפ אונ קאָנ דאָס „פאַריכטנ“. מע דאַרפ בלויז „אופקלערנ“, דערוועקנ די געפילנ, אזויאַרומ וועלנ שוינ די מאַכטהאָבער ווערנ יאַשראָנעסדיק.

דאָס איז דער סאָציאַלער באַטײַט פונ „קלאַסישנ“ סאַנטימענטאַליזמ אינעמ סאַטיריש־קריטישנ רעאַליזמ בא באַשטימטע פאָרשטייער פונ דער אופקלערונג. די דאָזיקע אומנאַטירלעכע פאַרבינדונג שטאַמט דערפונ, וואָס סײַ מיטנ סאַנטימענטאַליזמ סײַ מיטנ רעאַליזמ ווענדט מענ זיכ דאָ פאָרט צו אזא אדרעסאַט, וואָס באַשטייט פונ צײַטווײַליק פאַרבונדענע, אינ טאָכ אָבער קעגנזעצלעכע קלאַסנ. די קריטיק דאַרפ ביידע קריטיקירנ, די אפּאָלאָגיע דאַרפ ביידע פאַרטיידיקנ.

אינ דעמ צוזאמענהאנג דארפ אויכ דערקלערט ווערנ די געוויסע נעטיָע צו „וואנטיורישקייַט", צו „שפאנענדיקער אינטריגע" (וואָס דערגייט אמאָל ביז צו פאנטאסטיק), אונ צו א פארוויקלטער, אָרנאמענטאל „געשאכטלטער" אונ אָפט געבראָכענער קאָמפּאָזיציע (טיפּיש, לעמאָשל, פאר דער דײַטשער ראָמאנטיק) — וואָס מיר באגעגענענ אינ אזעלכע ווערק, ווי „פישקע", „ווינטשפינגערל" (די גרויסע ווארִיאנטנ). די פאבולע פונ „דער פריזיוו" איז אופגעבויט אפ אנ „אוואנטיוריסטישער" צופאל־אינטריגע א לא קאָצעבו. אינ „פישקע דער קרומער" אונ אינ „ווינטשפינגערל" ווערנ אויסגענוצט אזעלכע שפאנענדיקע אינטריגע־מאָמענטנ ווי: אָנפאלנ, גנייוועס, רויבערײַענ אינ „פוסטע מילנ", ארײַנארענישנ אינ שאנד־הײַזער אונ שיר ניט מערדערײַענ. די דאָזיקע סטיל־מאָמענטנ זײַנענ לויט זייער סיבע נאָענט פארבונדנ מיט דער בעקיוונדיקער פארפלאָנטערטקײַט פונ סיפּער־האמײַסע, מיט דער געבראָכנקײַט פונ דער קאָמפּאָזיציע, מיט דער פראגמענטארישקײַט פונ באשטימטע אײַנגעפלאָכטענע עפּיזאָדנ, מיט די פארשיידענע אָרנאמענטאלישע אָפּווײַכונגענ, מיט דער פאָרמ פונ א מײַסע אינ א מײַסע ארײַנגעשאכטלט איינע אינ דער אנדערער.

דורכ די דאָזיקע פאבולארישע אונ סטרוקטורעלע אייגנשאפטנ קומט דער סאנטימענטאליזמ זייער אָפט צומ אויסדרוק סײַ בא באשטימטע פאָרשטייער פונ דער קלאסישער אופקלערונג אינ מײַרעוו־אייראָפּע, אונ נאָכ מער בא א גרויסנ טייל פאָרשטייער פונ דער ראָמאנטיק. די אנאלאָגיע צומ סאנטימענטאליזמ אינ דער ענגלישער אונ דײַטשער אופקלעריש־בירגערלעכער ליטעראטור פונ XVIII אָנהייב XIX יאָרהונדערט (באזונדערס אינעמ אזויגערופענעמ בירגערלעכנ טרויער־שפּיל, אָבער אויכ אפילע אינ די אנטשפּרעכנדיקע ראָמאנענ, נאָוועלנ אאוו.) קאָנ אונדז געבנ ווערטפולע אָנצוהערענישנ איבער דעמ אינעווייניקסטנ באטײַט פונעמ סאנטימענטאליזמ בא באשטימטע פאָרשטייער פונ דער ראָמאנטיק (בא הוגאָ, לעמאָשל), אָבער אויכ פאר די סאנטימענטאלע עלעמענטנ בא געוויסע רוסישע אופקלערער — כאָטש די געשיכטלעכע סיטואציע אינ רוסלאנד איז בלויז אינ א טייל פּראָטימ אנאלאָגיש צו דער סיטואציע פונ די קלאסישע אופקלער־פעריאָדנ אינ מײַרעוו־אייראָפּע.

די אנאלאָגיע לערנט אונדז, אז דער סאנטימענטאליזמ ביכלאל גענומענ אנטשפּרעכט ניט צו דער שטארקײַט פונעמ בירגערטומס רעוואָליוציאָנערנ שטרעבנ, נאָר צו זײַנ שוואכקײַט אונ באגרענעצטקײַט. קעמפנדיק קעגנ דעמ פעאָדאליזמ, דארפ די בורזשואזיע אינ א באשטימטנ פעריאָד זײַנ דער פאָרשטייער פונ „אלע אונטערדריקטע קלאסנ, אכוץ די פּריווילעגירטע", אונ מוז זיכ זייער גיכ כאפּנ אונ אָנווענדנ די גרעסטע אָנשטרענגונגענ, מוז לאווירנ אונ באלאנסירנ, אז די מאכט זאָל ניט אריבערגײַנ אינ די הענט

פֿונעם גרעסטן טייל עקספּלואַטירטע פֿאָלק־מאַסע, וואָס דאַרף אויך באַם נײַעם בורזשואַזן רעזשים בלײַבן אומ עררשט אַפּ רעכט ווערן אַן אָביעקט פֿון דער בורזשואַזער עקספּלואַטאַציע. דער סאַנטימענטאַליזם באַ פֿאָרשטייער פֿון קליינבירגערטום אַנטשפּרעכט דעם „צווישנדיקן" וואַקלענדיקן שטרעבן פֿונעם צווישנדיקן קלאַס. דער סאַנטימענטאַליזם ביכלאַל איז אַן אויסדרוק פֿון צווישנדיקײַט אינעם שטרעבן — דעריבער איז ער אַמטיפּישסטן, אַמכאַראַקטעריסטישסטן פֿאַרן קליינבירגער.

דער סאַנטימענטאַליזם האָט די פֿונקציע „געפֿיל־פֿול" צו „פֿאַרליבפֿעכן", איליוזאָריש זשאַנר־מאָלעריש צו פֿאַרשענערן, צו רירן אַפּילע דאָרט, ווו ער קלאָגט אָן, און נאָך מער דאָרט, ווו ער וויל אומבאַדינגט דעם אייגענעם קלאַס באַרעכטיקן, פֿאַרטיידיקן, אַרויסהייבן. דער סאַנטימענטאַליזם אַנטשפּרעכט דעם „באַגרענעצטן אינהאַלט" פֿונעם קאַמפּ פֿון דער „אומהעראָישער בורזשואַזיע". דאָס איז איר אומהעראָישסטער און פֿיליסטערישסטער פּרווו זיך און איר באַגרענעצטן אינהאַלט צו באַרעכטיקן ניט דורך אַנטלײַונגען פֿון אַ היסטאָרישער, פֿרעמדער הערויִק, נאָר דורך זיך אַליין אַזוי ווי זי איז און גייט און שטייט, אָבער „פֿאַרליבלעכט און מיט ראָזעווער זעלבסטרירונג פֿאַרשענערט". דער פֿיליסטער קנײַפּט זיך אַליין אין זײַן אייגן פּעט-קײַלעכיק בעקל, וואָס האָט זיך אַזש פֿאַרויטלט פֿון וואַרעמע געפֿילן איבער דער אייגענער רירונג. דער סאַנטימענטאַליזם איז דער סאַמע פֿיליסטערישסטער אופֿן צו שפּרינגען העכער, ווי מע איז אַליין, זיך אינטערעסאַנטער צו מאַכן ווי מע איז אינעמעסן, ניט דורך אויסגעטראַכטע פֿרעמדע הויכע אייגנשאַפֿטן, נאָר מיט דער הילף פֿון באַרימעריש-צופֿרידענעם „קאַליגראַפֿיש" אָרנאַמענטירטן אונטערשטרײַכן די אייגענע נישטיקע אייגנשאַפֿטן.

אָבער הוילער געפֿיל, הוילע זשאַנר־מאָלערײַ, הוילע רירונג האָט ניט קיין לאַנגן אָטעם. זיי נייטיקן זיך אין אַן אַנטשפּרעכנדיקער קאַנווע, וואָס זאָל אונטערשטרײַכן און אַרויסהייבן די געפֿילן, די זשאַנר-מאָלערײַ, די רירונג אַאַוו. הוילע פֿיליכטערישקײַט איז אַפּילע דעם פֿיליסטער גופֿא ניט גענוג אינטערעסאַנט — איז דאָ דעריבער זייער נאַטירלעך אַרײַנצופֿלעכטן עלעמענטן פֿון וואָלוועלער „אַוואַנטיורישקײַט", „שפּאַנענדיקער אינטריגע" אַאַוו. דעריבער באַגעגענען מיר די דאָזיקע פֿאָרם־מיטלען זייער אָפֿט אַלס קאַנווע פֿאַר סאַנטימענטאַליזם אַפּילע באַ קינסטלערישע מײַסטערס — כאָטש די דאָזיקע מיטלען ווערן פֿונעם מײַסטער געשמאַקפֿול אָפּגעשליפֿן, געניט אַרומגעשטעלט מיט פֿאַרשיידענע באַפּוצונג (מײַכטערישע נאַטור־שילדערונגען, אַמאָל אַ דינע איראָניע, דעטאַלע מאָלערײַען, רעזאָנערישע אָר-

נאמענטן אאוו.), וואָס גײַטראַליזירן די וואָלוולקײַט, וואָס די „וואָנטיורישקײַט" פאַרמאָגט באַם שונד-שרײַבער. אַזויאַרום ווערן די דאָזיקע אין טאָכ וואָלוועלע מיטלען אַרויסגעהויבן אין אַ העכערער „ספערע".

אַזוי איז דאָס אויך באַ מענדעלען. אויך אין די דאָזיקע „אומגליקלעכע" פאַלן זעט זיך אַמאָל מער, אַמאָל ווייניקער אַרויס דער אָפּגלאַנץ פונעם גרויסן טאַלאַנט, וואָס באַווײַזט זיך אין זײַנע „גליקלעכע" ווערק און טײלן פון ווערק. דאָס ענדערט אָבער גאָרניט אין דער טאַטזאַך, אַז די דאָזיקע מיטלען, פונקט אַזוי ווי דער סאַנטימענטאַליזם ביכלאַל (דער רעזיגנירנדיק-באַדויערנדיקער נעבעכ-טאָן), וואָס זיי דאַרפן אויסדריקן, ווײַזן אָן אַף אַן אינווייניקן בראָכ און אַף „אומהעראָישקײַט" אין וועלט-באַנעם, אַף שווערע רעשטן ניט-אופגעקלערטקײַט באַם אופקלערער. דעריבער ווירקן זיי אין דער דיכטערישער רעאַליזירונג אַזוי אומקינסטלעריש און געהערן אָן סאָפעק צו די שוואַכסטע זײַטן אין מענדעלעס שאַפן.

אויב די „שפּאַנענדיקײַט", „סענסאַציאָנעלע אינטריגישקײַט" אאוו. שטאַמט פון די „וואָלוועלע" טראַדיציעס, — שטאַמט די פראַגמענטאַרישקײַט, עפּיזאָדישקײַט, די אָרנאַמענטאַלישקײַט, די קאָמפּאָזיציאָנעלע געבראָכנקײַט פון געהויבענע טראַדיציעס, פון דער ראָמאַנטיק. זיי דאַרפן האָבן דעם באַטײַט פון געפרעסטקײַט, דאַרפן באַטאָנען אַרומנעמענדיקע אוניווערסאַלישקײַט, און טאַקע אויך דעם זעלבשטענדיקן ווערט פון יעדן עפּיזאָד. אינעמעסן אָבער אַנטשפּרעכן זיי דער אומקלאָרקײַט, געבראָכנקײַט, וואַקלדיקײַט און דעזאָריענטירטקײַט אינעם באַנעמען די געזעלשאַפטלעכע פאַרהעלטענישן, דעם באַנעם, וואָס קאָן בלויז הילפלאָז אופשנירלען פראַגמענטאַרישע עפּיזאָדן.

דער דאָזיקער פאַקט דאַרף פאַרוואַלירט ווערן מיט דער הילף פון בעקיוונדיקן פאַרוויקלען און צעוואַרפן די קאָמפּאָזיציע אַפילע דאָרט, ווו דער שרײַבער וואָלט עס יאָ געקאָנט אויסמײַדן. אַזויאַרום דאַרף זיך באַקומען, אַז די געבראָכנקײַט פון דער קאָמפּאָזיציע איז אַ רעזולטאַט פון אַ מיין און ניט פון אַ נויט. אַזוי אַנערעך דאַרפן די דאָזיקע פאָרם-פאַקטן דערקלערט ווערן באַ די ראָמאַנטיקער, באַזונדערס באַ די דײַטשע (פאַר זייער שאַפן איז דאָס באַזונדערס כאַראַקטעריסטיש). באַ מענדעלען האָבן זיי אַכוץ דעם אָפּט אויך די פונקציע אָפּצושוואַכן דעם וואָלוועלן טאַם פון דער „אינטריגישקײַט" און „שפּאַנענדיקײַט" (אין „פישקע", לעמאָשל).

## 16. היפּערבאָליק פון געשטאַלטן און סיטואַציעס

די אויסטערלישקײַט פון דער סיוזשעטישער אַנטוויקלונג, די היפּערבאָלישקײַט פון די פיגורן, די סענסאַציאָנעלישקײַט פון דער פאַבולע אין באַשטימטע ווערק מענדעלעס (אָדער אין טײלן פון באַשטימטע ווערק) געהערן

צו די שוואכע זײַטנ אינ מענדעלעס גרויסנ טאַלאַנט. אויב מענדעלע „סימ-באָליזירט“ אינ „פּישקע דער קרומער“ די פּאַראָרעמטקײַט פונ דער קלײנ-בירגערלעכער שטעטלדיקער מאסע דורכ דער שילדערונג פונ עכטע פּאָ-שעטע בעטלערס אינ אײגנטלעכנ זינענ פונעמ וואָרט, אונ ברענגט ארײַנ דורכ דער דאָזיקער גוזמעדיקער היפּערבאָליק שטריכנ פונ אבסורדישקײַט אינ דער פּראָבלעם פונ דער אָרעמשאפט — איז דאָס א רעזולטאט פונעמ מעטושטעשנ באנעמענ דעמ סאָציאַלנ מעהוס פונ דער אָרעמקײַט. אזא דורכזיכטיקע קינסטלערישע „סימבאָליזירונג“ פונ דער אלגעמײנער קלאסנ-פּאראָרעמונג אונ דעגראדאציע — דורכ געוויינלעכע בעטלערס, פּארפּראָסטערט אונ פארשמעלערט די גאנצע פּראגע, שטעלט זי מעמײלע אפ א נאַיוו-פילאנטראָפּישער פּלאַכ. ווי פארפוצט אונ קינסטלעריש אופגעהויבנ די דאָ-זיקע שטריכנ זאָלנ בא מענדעלענ ניט זײַנ — געהערנ זיי אָבער סאָפּקאָל-סאָפּ פאָרט קינסטלעריש צו זײַנע שוואכע זײַטנ.

צו די דאָזיקע שטריכנ ווענדט זיכ מענדעלע דעמלט, ווענ סע דוכט זיכ אים, איבער די שטערנדיקע געזעלשאפט-אפּאָלאָגעטישע עלעמענטנ אינ זײַנ אײַנשטעלונג, אז א רײנ רעאליסטישע ניכטערע שילדערונג פונ דער גענוג נעבעכדיקער לאגע פונ קלײנבירגערטומ האָט פאר זיכ גענומענ ניט גענוג אָנקלאָגערישע קראפט אפ צו ווירקנ, ווי ער וואָלט עס געוואָלט האָבנ. פּרוווט ער זיכ צוגעבנ אָנקלאָגערישע קראפט אפ א ראָמאנטישנ אופנ דורכ א גוזמעדיקער היפּערבאָליק: ביניאָמינס אונ סענדערלס פיגורנ זײַנענ אימ שוינ ניט גענוג, די פּאָרשטײער פונ קלײנבירגערטומ זעט ער שוינ אלס קרומע פּישקעס אונ האָרבאטע מײדלעכ. פונ אײנ זײַט, היפּער-באָליזירט ער אזויארומ די נויט, דאָס נעגאטיווע אינעמ שטײגער, אינ דער אופירונג, אינעמ פארקריפּלטנ אויסזענ אונ אלע שאָטנ-זײַטנ פונ דער אָרעמשאפט בכלל — אונ שאפט זיכ, פונ דער אנדערער זײַט, די מעגלעכקײַט „קאָנטראסטיש“ צו באשײַנענ אונ צו באלויכטנ אפ א העכסט סאנטימענ-טאלנ אופנ (דער נעבעכ-טאָנ) די פּאָזיטיווע ליכט-זײַטנ אונ דעמ אינעווײניקסטנ „מאָראלישנ מעהוס“ פונ די דאָזיקע פיגורנ, זיי צו פּאָעטיזירנ[1]. אינ ביניאָמינ ווערט פונ דער אידיאָטיע בא דער שטעטלדיקער מאסע אפּנ סאמע שארפסטנ אופנ

---

1 וו. חוגאָ, א קלאסיקער פונ ראָמאנטישנ סאנטימענטאליזמ, זאָגט אינ זײַנ ארטיקל „וועגנ דער שײנער קונסט אונ דער הײַנטצײַטיקער דראמע“ נאָכ אינ די דרײַסיקער יאָרנ: „צו ווײַזנ, ווענ סע מאכט זיכ א געלעגנהײַט, די שײנע עטישקײַט אונטער דער געשטאלט פונ פיזישער העסלעכקײַט, ארײַנצודרינגענ דורכ אלע אויבערפלעכלעכקײַטנ, קעדײ ארויסצוציִענ דעמ אינעווײניקסטנ מעהוס פונ אלעמ, ארויסרופנ בא דעמ העכערנ אכטונג צומ נידעריקערנ, אויסניצנדיק די אופמערקזאמקײַט פונ חאמוינ אימ דאָס קלאָר מאכנ אפ אזא אופנ, אז ער זאָל דאָס אלײנ ניט באמערקנ, אונ אימ קלאָר מאכנ דורכ דעמ גענוס פונעמ שוישפּיל עטלעכע גרויסע

אָפּגעכוליזעקט, אין „פישקע" ווערט זי באקלאָגט, געפיל־פול פארשענערט און פּאָעטיזירט. כאָטש — און דאָס מוז מען אונטערשטרײַכן — דאָס ווערק אינגאנצן גענומען, ניט געקוקט אף די איינצלנע אפּאָלאָגעטישע שטריכן, בלײַבט בענעגייע צו די עקספּלואטאטערישע קלאסן א שארפע ביטערע אָנקלאָג.

סאנטימענטאליזם איז אויסן ראכמאָנעס, גלייבט אין דער ווירקונג אף געפילן. און דאָס דיקטירט: היפּערבאָליזירן דעם ווערט פון די מענטשן, וואָס געפינען זיך אין דער דאָזיקער לאגע, קעדיי אזויארום צו פארשטארקן די וואָג פון דער פאָדערונג. אלס רעזולטאט באקומט זיך: עלעמענטן פון אפּאָלאָגיע פון די מאסן און פון זייער אָפּגעשטאנענקײַט.

און קעדיי ארויסצוהייבן און קאָנטראכטיש צו פארשענערן אזא פינצ־טערע און נישטיקע וואָכעדיקע סוויווע און מענטשן, מוז מען שוין אָנ־ווענדן אויסטערלישע מיטלען. דאָס וואָלט אויך מעגלעך געווען צו טאָן מיט געהויבענעם סימבאָליזם, אָדער מיסטישער מעליצעדיקײַט. די געזעלשאפט־קריטישע טענדענץ האלט אָבער מענדעלען פעסט לעפּאָכעס אין די אלגע־מיינסטע גרענעצן פון רעאליזם. און שטענדיק, ווען דער רעאליזם דארף דינען אויך דער אפּאָלאָגיע פון אן אָפּגעשטאנענער סוויווע אָדער געזעל־שאפט, באקומט זיך פון דעם — א סאנטימענטאלער רעאליזם, א זשאנר־רעא־ליזם. דער זשאנר־רעאליזם — אפילע אין זײַנע קינסטלערישע העכסטע מוסטערן — קאָן אָבער לויט זײַן אינווייניקסטער נאטור ניט געפינען קיין אנדערע „אויסטערלישקײַטן" און „אויסערגעוויינלעכקײַטן" — אויב ער דארף זיי צו־

געזעלשאפטלעכ־עטישע, פילאָסאָפישע עמעסן, אָן וועלכע ער קאָן זיך אליין ניט באנעמען — אָט דאָס איז, לויט אונדזער מיינונג, דער עמעסער פּאָעטישער גרונט, דער עמעסדיקער אײַנפלוס, דער עמעסדיקער אָנטייל פון דער קונסט אין דער געזעלשאפט־לעכקײַט". די דאָזיקע פאָדערונג האָט הוגאָ פארווירקלעכט אין זײַן „נאָטער־דאם", „דער מענטש, וואָס לאכט" און אנדערע ווערק. דאָ האָבן מיר א באלערנדיקן אָנווײַז וועגן דעם באטײַט פון דער פיזישער פארקריפּלטקײַט בא די העלדן פון ראָמאנטישן סאנטימענטאליזם. און טאקע אויך וועגן דעם, פארוואָס מענדעלעס פישקע איז א קרומער בעטלער און די העלדין פון ראָמאן איז א האָרבאטע בעטלערקע.

, ווי באוווסט, האָט שוין שאָלעם־אליינכעם אָנגעוויזן אף דער ווירקונג פון הוגאָ אף מענ־דעלען. עמעס „דער מענטש, וואָס לאכט", איז ארויס א ביסל שפּעטער, ווי דער ערשטער וואַ־ריאַנט פון „פישקע", אָבער „נאָטער־דאם" (מיט דעם הויקער קוואזימאָדאָ און די בעטלערישע ציגײַנערס אלס הויפּט־פיגורן) איז דאָך א פריִער ווערק פון הוגאָ (1831) און די רוסישע איבערזעצונג איז דערשינען גראָד אין די זעכציקער יאָרן, ביכלאל איז הוגאָס שאפן אין די 60־ער יאָרן געווען זייער פּאָפּולער בא דער אינטעליגענץ אין רוסלאנד (זע א. גורשטיין, „דער יונגער מענדעלע אין קאָנטעקסט פון די 60־ער יאָרן", „שריפטן" פון דער קאטעדרע פאר יידישער קולטור אין קיִעוו, 1928, ז. 197). פארוואָס מענדעלע האָט פאר זײַנע סאָנטי־מענטאלע געטן געקאָנט אויסנעמען האשפּאָעס פון הוגאָ — איז קלאָר.

ליב עפּעס האָבנ — ווי סײַדנ די אינ טאָב שונדישע „סענטאַציאָנעליש־קײַט" אונ „אַוואַנטיורישקײַט" פונ דער פאַבולע.

אויב מענדעלע וויל מע זאָל אימ גלייבנ, אז פישקע אָדער א האָר־באַטע מיידל (וואָס דער לייענער באַגעגנט יעדנ טאָג אינ דער גאַס אונ גיט זיי אמאָל א נעדאָווע) האָבנ אכוצ זייער וואָכעדיקער נעשאָמע נאָכ עפּעס אנ אנדערנ, גאָר געהויבענעמ טיפ־מענטשלעכנ, רירנדיקנ, געפיל־פולנ אאוו. מעהוס — רוקט ער זיי צומאָל ארויס פונ געוויינלעכנ לעבנ אינ א „ראָמאַנטישער" ספערע מיט דער הילפ פונ „אַוואַנטיוריסטיק" אינ דער פאַ־בולע קעדיי אזויארומ אָנצוהויכנ אפ זיי א גלאַנצ פונ אויסערגעוויינלעכקײַט. ער מוז היפּערבאָליזירנ זייער נויט — ביז צו בעטלערישקײַט, זייער אויס־זען — ביז צו פאַרקריפּלטקײַט, אונ זייערע סיטואַציעס, טאַטנ, אונ די פּאַ־סירונגענ פונ זייער לעבנ — ביז צו פאַנטאַסטישער סענסאַציאָנעלישקײַט. אפ דער דאָזיקער קאַנווע לאָזט זיכ אמבעסטנ אויסהאַפטנ די געפיל־פול־רירנ־דיקע, ראָמאַנטישע, פאַרשענערנדיקע באַלייַכטונג פונ די דאָזיקע פיגורנ.

גאָר עפּעס אנדערש זעענ מיר אינ „מאַסאָעס". דאָ איז דער פאַבולי־אַ־רישער אופבוי דורכויס ר ע א ל י ס ט י ש, ניט „סענסאַציאָנעל", אָנ שומ „צופעליקײַטנ" אונ אינטריגירנדיקע פּאַסירונגענ. די הויפּט־פיגור גופע אונ די סיטואַציע, אינ וועלכער זי האַנדלט, זײַנענ ביז צו א געוויסער מאָס היפּערבאָליזירט, אָבער, ניט געקוקט דערופ, איז די צ ע ו ו י ק ל ו נ ג פונ סיו־זשעט אונ פאַבולע שטרענג רעאַליסטיש. דער אידייִשער גרונט־טאָנ פונ דעמ ווערק איז ניט סאַנטימענטאַלע אפּאָלאָגיע פונ די קליינבירגערלעכע מאַסנ, נאָר, פאַרקערט, שאַרפסטע קריטיק פונ זייער אָפּגעשטאַנענקײַט. פאַר די סאַטיריש־קריטישע קאַוואָנעס פונ דעמ ווערק האָט א ניט־רעאַליסטישע אנטוויקלונג פונ דער פאַבולע, אנ אנדערע, ווי זי איז נאָרמאַל אינ ווירק־לעכנ לעבנ, ניט געקאָנט טויגנ. אינ „מאַסאָעס" באַוועגט זיכ אלצ אינ א דורכויס־רעאַליסטישנ גאַנג. אלצ אנטוויקלט זיכ פונקט אונ גענוי אזוי, ווי ס'האָט געדאַרפט אונ געמוזט פּאַסירנ אינ לעבנ מיט א ביניאָמינ דעמ דריטנ אונ מיט א סענדערל די ייִדענע, אזוי באַלד זיי האָבנ זיכ גע־לאָזט אפ נעסיִעס צו רויטע ייִדעלעכ. מיט דער קריטישער ניכטערקײַט איז אויכ פאַרבונדנ די שטרענגע לאָגישקײַט אונ פאַרגאַנצטקײַט אינ דער אנטוויקלונג פונ דער פאַבולע.

## 17. ווירקונגען פון דער ליטעראַרישער טראַדיציע אויף דער פאָרם פון „מאַסאָעס" און „דאָס קליינע מענטשעלע"

ווי באַוווסט, איז דער סיומשעט פון מענדעלעס „מאַסאָעס" אין זײַנע אַלגעמיינסטע שטריכן ענלעך צום סיומשעט פון סערוואַנטעסעס גרויסן מײַ־סטערווערק „דאָן־קיכאָט". דער קלאַסן־כאַראַקטער און דער לעבנשטייגער פון די פּערסאָנאַזשן, די קאָנקרעטע היסטאָרישע סיטואַציע און ביכלאַל דער גאַנצער קולטור־היסטאָרישער שטייגער, וואָס ווערט אין די דאָזיקע צוויי ווערק („דאָן־קיכאָט" און „מאַסאָעס") געשילדערט, זײַנען ביז גאָר פאַר־שיידענע. פונדעסטוועגן דאַרף מען דאָ פעסטשטעלן אַ באַשטימטע אַנאַ־לאָגיע אין דער סאָציאַלער אָנצילונג, אין דער אייגנטלעכער טעמע: קאַמף קעגן דעם אָפּגעלעבטן פעאָדאַלישן שטייגער, קעגן דער אָפּגעשטאַנענקייט, וואָס באַמיט זיך אויף אַ טאַמעוואַטן אויפן דעם דאָזיקן שטייגער ווײַטער צו פירן, גלײַך סע וואָלט אין דער אַנטוויקלונג פון דער געזעלשאַפט ניט פאָרגעקומען קיין שום נײַס. די באַשטימטע אַנאַלאָגיע אין דער סאָציאַלער אויפגאַבע, אינעם אייגנטלעכן אינהאַלט, איז געווען די פאָרהאַ־נאָכע פאַר דער ווירקונג פון סערוואַנטעסעס גרויסן ווערק אויף מענדעלעס „מאַסאָעס". שוין אין יאָר 1866 דערמאָנט מענדעלע אין צוזאַמענהאַנג מיט די ייִדישע „פערד" און „אייזל" סערוואַנטעסעס „דאָן־קיכאָט" (פאַר־גלײַך אויבן, ז. 102). די סיומשעט־ענלעכקײַט צווישן די צוויי ווערק וואַרפט זיך אַזוי שטאַרק אין די אויגן, אַז ווען דער פּוילישער שרײַבער קלע־מענס יונאָשאַ האָט אין 1885 יאָר איבערגעזעצט „מאַסאָעס" אויף פּויליש, האָט ער דעם ווערק אַ נאָמען געגעבן „Don-Kiszot Zydowski", ד. ה. „דער ייִדי־שער דאָן־קיכאָט".

אין שפּאַניע פון סערוואַנטעסעס צײַט (1547—1616) האָט זיך שוין פּונקט ווי אין אַ ריי אַנדערע אייראָפּעיִשע לענדער דער האַנדל־קאַפּי־טאַל זייער שטאַרק צעוויקלט. די אַנטדעקונג פון נײַע וועלט־טיילן, דער אונטערנעמונג־גײַסט פון די איבער־יאַם־סאָכרים האָבן דערפירט צו אַ גרויסער קאָלאָניזאַטאָרישער און הענדלערישער טעטיקייט. שפּאַניע איז געוואָרן אַן אומ־געהייערע קאָלאָניאַלע אימפּעריע, די נײַ־אַנטדעקטע גרויסע יאַם־וועגן, וואָס האָבן זיך געעפנט פאַרן שפּאַנישן האַנדל־קאַפּיטאַל, די ריזיקע גאָלד־מאַסן, וואָס האָבן ארײַנגעשטראָמט אין לאַנד ארײַן פון דער אויסגעראַבעוועטער אַמע־ריקע, האָבן אויף אַ צײַט אַרויסגערופן אַן אומגעווײנלעכע עקאָנאָמישע צעבליִונג, וואָס האָט, עמעס, צוליב אַ ריי סיבעס, ניט גאָר לאַנג געדוי־ערט. אָבער אונטער דער ווירקונג פון די נײַע עקאָנאָמישע באַדינגונגען האָט זיך געשאַפן אַ נײַער שטייגער פון דער נײַער שטאָט־בורזשואַזיע

אינ די אויגנ פונ די דאָזיקע נײַע שטאָט־בירגער זײַנען די רעשטנ פונ די אמאָליקע ריטערלעכע „טוגנטנ" אויסגעקומענ אָדער ווי פּאָשעטע אָפּנע רויבערײַ, אָדער ווי מעשונעדיק־לעכערלעכע משוגענע שטיק.

מיטנ אופבלי פונעמ נײַעמ שטאָט־בירגערטומ גייט באַגלײַכ אנ אויסערגעוויינלעכע פאראָרעמונג אונ דעקלאסירונג פונעמ קליינ־ריטערטומ (די א. ג. הידאלגיע). דאָס קליינ־ריטערטומ האָט פארלוירנ איר סאָציאַלנ אָרט אונ האָט זיכ ניט געקאָנט געפינענ קיינ נײַע פּאָזיציעס. דער דאָזיקער שיכט האָט ניט געקאָנט אזוי גיכ אונ לײַכט שאָלעמ מאכנ מיט דער נײַער סיטואציע. מיט ביטערקײַט אונ צאָרנ האָבנ זיי זיכ געמוזט צוקוקנ צומ אופבלי פונ דער שטאָט־בורזשואזיע אונ האָבנ אקעגנ דעמ נײַעמ באַוווסטזײַנ פונ דעמ שטאָט־בירגער ארויסגעקערעוועט אפ א מאָניאקאלישנ אופנ, וואָס איז כאראקטעריסטיש פאר א פארביסענעמ יוירעד, זייער אנאכראָניסטישנ קלאסנ־באַוווסטזײַנ מיטנ גאנצנ אָפּגעלעבטנ ריטערלעכנ שטייגער אונ צערעמאָניאַל. זיי האָבנ פארמאכט די אויגנ אפ דער קעגנווארט, האָבנ זיכ פארשטעפּט אינ דער ראָמאנטיק פונ דער פארגאנגענהײַט אונ האָבנ — באַזונדערס אינ דער פּראָווינצ — געלעבט אנ אנאכראָניסטיש פארכאָלעמט, לעכערלעכ אָפּגעשטאנענע לעבנ. דער דאָזיקער קליינ־ריטערלעכער שיכט האָט געפונענ אנ אָנשפּאר בא יענע טיילנ פונ פעאָדאליש־אָפּגעשטאנענעמ פּויערטומ אונ שטאָטישנ קליינבירגערטומ, וואָס האָבנ געליטנ פונ דער נײַער אנטוויקלונג אונ האָבנ זיכ צומאָל צוגעהערט צו די פעאָדאלישע רעאקציאָנערע איליוזיעס, אז די רעסטאווראציע פונ דער אמאָליקער ריטערלעכער פעאָדאלישקײַט קאָנ פארבעסערנ זייער לאגע. פארשטענדעניש אונ אונטערשטיצונג האָבנ זיי אויכ געפונענ באמ קאטוילישנ קלערוס, וואָס האָט געקוקט מיט א קרומ אויג אפ דער אנטוויקלונג פונ נײַעמ שטאָט־בירגערטומ מיט זײַנ נײַעמ וועלט־באַוווסטזײַנ, בעטעווע א קעגנערישנ אונ פײַנטלעכנ צו דער הערשאפט פונ דער קירכע.

פאר דעמ נײַעמ באַוווסטזײַנ פונעמ נײַ־אופגעקומענעמ שטאָט־בירגער איז דעמלט דעריבער געשטאנענ די אופגאבע צו קעמפנ קעגנ דעמ אנאכראָניזמ פונ די רעשטנ ריטערטומ, וואָס האָבנ אראײַנגעשטארצט אינ דער צײַט פונ אופגעבליטנ האנדל־קאפּיטאל, וואָס האָבנ זיכ ניט געוואָלט צופאסנ צומ זידנדיקנ לעבנ פונ דער נײַער ווירקלעכקײַט אונ האָבנ זיכ אונ אנדערע געשפּײַזט מיט ראָמאנטישע כאלוימעס. ענדגילטיקער קאמפ מיט דער גאנצער פעאָדאלער פארגאנגענהײַט איז נאָכ דעמלט ניט מעגלעכ געווענ, אפ דערופ זײַנענ די פּראָדוציר־קויכעס אונ די קלאסנ געווענ צו ווייניק אנטוויקלט. אָבער דער קאמפ קעגנ דער מיטלאלטערלעכ־אָפּגעשטאנענסטער ריטערלעכקײַט אונ איר שטייגער איז שוינ דורכויס

רײַפ געווענ. סערוואנטעסעס „דאָנ-קיכאָט“ איז פונ אלע ווערק, וואָס האָבנ אינ יענער צײַט געהאט אנ ענלעכע טענדענצ, די צעוויקלטסטע, שארפסטע, טרעפלעכסטע אונ קינסטלערישסטע ארויסטרעטונג קעגנ די פרעטענזיעס פונ אויסשטארבנדיקנ ריטערטומ אינ דער אייראָפּייִשער ליטעראטור.

דער דאָזיקער קאמפ האָט נאָכ זייער לאנג געדארפט געדויערנ, קיינ דורכויסיקע גראָדליניקע אויסגעהאלטנקייט איז נאָכ דעמלט ניט מעגלעכ געווענ (סערוואנטעס גופע שרייבט דאנ סיי פאר סיי נאָכ „דאָנ-קיכאָט“ פארשיידענע ערנסט-געמיינטע ריטער-ראָמאנענ, אינ וועלכע ס'קומט צומ אויסדרוק דאָס זעלבע אָפּגעשטאנענע רעאקציאָנערע קליינריטערטומ, פונ וועלכנ ער כויזעקט אזוי שארפ אינ זיינ „דאָנ-קיכאָט“). פונדאנענ נעמענ זיכ די עלעמענטנ פונ סאנטימענטאליזמ, וואָס הילנ ראכמאָנעסדיק איינ דעמ „ריטער פונ דער טרויעריקער געשטאלט“ — בא דער גאנצער סארקאס-טישקייט, מיט וועלכער די געשטאלט אונ אירע טאטנ ווערנ געשילדערט — אינ א מאנטל פונ „אידעאלישקייט“, פונ טאמעוואטער אומגעלומפערטער, אָבער אויכ סאנטימענטאל-אידעאליזירטער נארישקייט. דעמ דאָזיקנ שטריכ פונ אידעאליזאציע האָט הײנע אינ זיינ אריינפיר צו דער דייטשער איבער-זעצונג פונ „דאָנ-קיכאָט“ שוינ לאנג באמערקט. דער דאָזיקער שטריכ גיט דעמ שפאנישנ בורזשואזנ פילאָסאָפ אונאמונאָ[1] די מעגלעכקייט סימבאָ-ליסטיש-מיסטיש איבערצופארטייטשנ דעמ „דאָנ-קיכאָט“ אלס אידעאליזירנ-דיקנ אפּאָטעאָז פונ שפאנישנ פאָלק אונ פונ זיינ „טראגישער געשיכטע“, צו דערקלערנ, אז די קאָמישע אוואנטיורעס פונ דאָנ-קיכאָט קאָנענ אונ דארפנ ערנסט אויפגענומענ, פארהערלעכט אונ ראָמאנטיזירט ווערנ.

ס'איז קעדיי צו דערמאָנענ, אז אויכ אינ „מאסאָעס“ געפינענ מיר די דאָזיקע אייגנארטיקע מישונג פונ סאטירע, סארקאסטישער איראָניע — אונ שטריכנ פונ סאנטימענטאליזמ. דער באָדנ פאר די דאָזיקע סאנטימענ-טאלישע שטריכנ אינ מענדעלעס „מאסאָעס“ איז געווענ די לאגע פונ יידישנ קליינבירגערלעכנ ביז גאָר פעאָדאליש-אָפּגעשטאנענעמ שטעטלדיקנ שיכט אינ די 60-ער אונ 70-ער יאָרנ, אינ א פעריאָד, ווענ דער קאפּיטא-ליזמ איז זיכ שוינ אינ רוסלאנד גאנצ היפש צעוואקסנ.

די ווירקונג פונ סערוואנטעסעס „דאָנ-קיכאָט“ אפ מענדעלעס „מא-סאָעס“ קאָנ מענ פעסטשטעלנ ניט בלויז וואָס שייַכ דעמ סיוזשעט, נאָר אויכ אינ פארשיידנסטע דעטאלנ באמ אויפבוי פונ דער פאבולע, פונ די כאראקטערנ אאוו.

1 א בירגערלעכער שפאנישער פילאָסאָפ אונ ליטעראטור-פאָרשער, וואָס איז געשטאנענ אינ אָפּאָזיציע צו דער פאשיסטישער דיקטאטור פונ פרימאָ דע ריווערא אונ האָט א צייט לאנג געלעבט אינ עמיגראציע.

די מעשונעדיקע אָפּגעשטאַנענקײַט פונ די דאָנ־קיכאָטס דעמאַסקירט סערוואַנטעס ניט דורכ אויפדעקנ עטישע כעסרוינעס (גרויזאַמקײַט, צוויאַקישקײַט, ליגנערישקייט, גראָבקײַט אאַוו.) באַמ „ריטער פונ דער טרויעריקער געשטאַלט". פאַרקערט, דאָנ־קיכאָט איז דער הייפּעכ פונ א עגאָיִסט, ער דײַגעט זיכ שטענדיק נאָר פאַר אַנדערע, ווײַל שטענדיק עמעצנ ראַטעווענ פונ א (געוויינלעכ אויסגעטראַכטער) נויט, זײַנע געפילנ זײַנענ די סאַמע איידלסטע, פײַנסטע — און טאַקע בײַ זײַנ גאַנצער איידלקײַט טוט ער אָפּ, איבער זײַנ אומגעלומפּערט טאַמעוואַטער אָפּגעשטאַנענקײַט, אומגעלומפּערטע שאָדנס, צעהאַקט ווינטמילנ פונ אָרעמע פויערימ, צעהאַרגעט סטאַדעס שעפּעלעכ אאַוו. בײַ זײַנ גאַנצער איידלקײַט ווערט ער באַוויזנ אַלס א נאַרישער אַנאַכראָניזמ אינ דער געזעלשאַפט. דער זינ פונ דעמ דאָזיקנ כאַראַקטער, וואָס סערוואַנטעס גיט דאָנ־קיכאָטנ, איז: לאָמיר מאַסקעמ זײַנ, אַז אַזאַ פאַרשוינ ווי דאָנ־קיכאָט איז זיכ, אַבסטראַקט גענומענ, ניט קיינ שלעכטער מענטש, פאַרקערט, סוביעקטיוו קאָנ ער זיכ האָבנ די פײַנסטע קאַוואָנעס. פאַקטיש אָבער בײַט דאָס גאָרניט אינ דער טאַטזאַכ, אַז ער איז אַנ אַנאַכראָניזמ, א שטערנדיקע און זינלאָזע דערשײַנונג אינ דער נײַער געזעלשאַפט. דער דאָזיקער שטריכ אינ דאָנ־קיכאָטס כאַראַקטער־שילדערונג האָט דאָס געגעבנ די מעגלעכקײַט פאַר די בורזשואַזע אידעאַליסטישע קאָמענטאַטערס אויסצוטײַטשנ די געשטאַלט פונ דאָנ־קיכאָט אַלס די פאַרקערפּערונג און אַלס אַפּאָטעאָז פונעמ טראַגישנ אידעאַליסט. דער דאָזיקער „לאָמיר מאַסקעמ זײַנ", וואָס מיר האָבנ נאָרוואָס דערמאָנט, איז בײַ סערוואַנטעסנ א שטריכ פונ סאַנטימענטאַליזמ — א מאָמענט, וואָס אַנטהאַלט אינ זיכ אַנ אָנצוהערעניש אַפּ סערוואַנטעסעס שפּעטערדיקער ראָמאַנטישער באַציִונג צומ ריטערטומ.

דעמ זעלבנ שטריכ וועלנ מיר פעסטשטעלנ אויכ אינ דער כאַראַקטער־צייכענונג פונ ביניאָמינענ אינ מענדעלעס „מאַסאָעס". ביניאָמינ איז ניט קיינ שווינדלער, ניט קיינ עגאָיִסט, ניט קיינ גראָבער נעפעש ווי אַנדערע אָפּגעשטאַנענע פיגורנ אינ מענדעלעס דערציילונגענ (לעמאָשל, יִצכאָק אַווראָמ טאַקעפ, די נעגאַטיווע פאַרשוינענ אינ דער „טאַקסע", אינ „ווינטשפינגערל" אאַוו.). פאַרקערט, סוביעקטיוו האָט ער די פײַנסטע קאַוואָנעס (צו ברענגענ דורכ די „רויטע ייִדלעכ" הילפ פאַר די גלופּסקער קאַבצאָנימ), איז מיט זײַנ נעסיִע דורכויס ניט אויסנ זײַנ אייגענע טויווע, ער איז אַנ איידעלער טרוימער, שטענדיק ווײַזט ער אַרויס איידעלע גוטמוטיקע, ווייכע געפילנ. פאַקטיש אָבער איז ער א ביטערער אַנאַכראָניזמ, א דערשײַנונג סאָפּקאָלסאָפּ א שטערנדיקע און פּאַראַזיטישע. מיט דער הילפ פונ זײַנ געשטאַלט ווערט באַוויזנ, ווי די פאַקטאָרנ, וואָס האָבנ דעמ דאָזיקנ כאַראַקטער אויסגעבילדעט, זײַנענ דער שווערסטער און סאַמע שעדלעכסטער אָפּ־

האלט פאר דער פאָרשריטלעכער אנטוויקלונג. די שטריכנ פונ איידעלער לירישקײט אינ ביניאָמינס כאראקטער (בא דער גאנצער ביז גאָר שארפ געשילדערטער שעדלעכער, טאמעוואטער נארישקײט) איז מענדעלעס א גאָב צו דער פאָלקיסטישער סאנטימענטאלישקײט.

אנ אנדער אנאלאָגיע. דאָנ-קיכאָט איז טאמעוואטע-פאנטאסטיש, טרוימעריש, סאנטשאָ פאנסאָ איז טאמעוואטע-רעאליסטיש, פראקטיש, וואָס דײַגעט זיכ פאר די טעגלעכע באדערפענישנ. די אידעאליסטישע ליטעראטור-היסטאָריקער האָבנ דערינ געזענ אנ אנטקעגנשטעלונג פונ גראָבנ פראקטישנ מאטעריאליזמ צומ אלטרויִסטישנ אידעאליזמ דאָנ-קיכאָטס. אינעמעסנ קומט דאָ בלויז צומ אויסדרוק די טאטזאכ, אז די פאראָרעמטע, דעקלאסירטע הידאלגאָס האָבנ מיט זייער אָפּגעשטאנענער אידעאָלאָגיע געפונענ א באשטימטנ רעזאָנאנס בא געוויסע אָפּגעשטאנענע אונ רויִנירטע טיילנ פונ פויערטומ אונ פונ די דעקלאסירטע שטאָטישע קליינבירגער. סערוואנטעס פירט ארויסביידע מאָדיפיקאציעס פונ דער טאמעוואטער אָפּגעשטאנענקײט, וואָס האָבנ זיכ פארבונדנ אינ א קאָמישנ בונד, אונ שילדערט זיי רעאליסטיש: די איינע מאָדיפיקאציע פונ דער אָפּגעשטאנענקײט אלס אנ „ערודיסטישע“, געבילדעטע, טאמעוואטע-טרוימערישע, די צווייטע אלס רויע, האמויִנישע, טאמעוואטע-פראקטישע. אכוצ דער קאָמישקײט פונ יעדער פיגור באזונדערס, באווײַזט נאָכ סערוואנטעס די קאָמישקײט, וואָס באקומט זיכ פונעמ בונד צווישנ די דאָזיקע צוויי פארשיידענע כאראקטערנ.

ענלעכס זעענ מיר אויכ אינ מענדעלעס „מאסאָעס“. ביניאָמינ שטעלט מיט זיכ פאָר די טאמעוואטע, טרוימערישע, מישטיינסגעזאָגט „געבילדעטע“ אָפּגעשטאנענקײט, סענדערל די יִדענע — די טאמעוואטע-האמויִנישע, רויפראקטישע אָפּגעשטאנענקײט. אינעמ בונד צווישנ די דאָזיקע צוויי פיגורנ באווײַזט מענדעלע די ביטערע קאָמיק, וואָס ליגט אינ דער פינצטערער אָפּגעשטאנענער „פירערשאפט“. ער ווײַזט, ווױהינ די מיטלאלטערלעכע פינצטערע „אָנפירונג“ פונ דער קלעריקאל-טעאָלאָגישער „געלערנטקײט“ קאָנ פירנ די שטעטלדיקע אָרעמע מאסנ — צו די „רויטע יִדעלעכ“ אונ אינ די קאזארמעס פונ די קאנטאָניסטנ. די אָנפירונג ווערט דאָ פארקערפערט אינ א טאמעוואטער פיגור: „זיי ווייסנ אליינ ניט, וואָס זיי טוענ“ — אונ דאָס איז אָנ סאָפעק ווידעראמאָל א גאָב צו דער פאָלקיסטישער סאנטימענטאלישקײט.

פונ דער אנדערער זײַט אָבער, זײַנענ דאָ אינ דער דאָזיקער אנטקעגנשטעלונג פונ די פיגורנ ביניאָמינס אונ סענדערלס פאראנ היפּשע עלעמענטנ פונ קלאסעווער זעלבסטקריטיק. סײַ די טרוימערישקײט ביניאָמינס סײַ די קלויִמערשטע פראקטישקײט סענדערלס ווערנ באוויזנ אלס אילוזאָרישע נאָכיאָגעניש נאָכנ ווינט. אָבער עפּעס א כילעק צווישנ ביידע פיגורנ איז פאָרט

פאראנ. אינ סענדערלענ איז פונקט אזוי ווי אינ סאנטשאָ פאנסאָ (וואָס איז דאָכ אינ א באשטימטער מאָס א פאָרגייער פונעם פיקאראָ־טיפ) פאָרט פאראנ אָנצוהערענישנ, שפורנ פונ א געוויסנ געפיל פאר דער רעאליטעט, כאָטש טאקע מער אינסטינקטיוו איידער פארבאוווסטזיניקט. ער איז פאָרט מער „מענטש" איידער ביניאָמינ. ער איז פאָרט וויניקער וועלט־פרעמד, וויניקער איזאָלירט פונ דער ניט־יידישער סוויווע. אינ א געוויסער מאָס איז ער דער פארמיטלער צווישנ ביניאָמינענ אונ דער ווירקלעכקייט. אינ די דאָ־זיקע שטריכנ קומט צומ אויסדריק מענדעלעס איבערצייגונג, אז די „פלע־ביישע" גאשמיעסדיקייט פונ א סענדערל איז פאָרט אָנ אנ ערעכ נעענטער צו דער ווירקלעכקייט איידער די ערידוציאָנעלע רוכניעס פונ די ביניאָמינס.

דער בונד צווישנ דאָנ־קיכאָט אונ סאנטשאָ פאנסאָ איז א רירנדיק פריינטשאפטלעכער, פונקט אזוי ווי דער בונד צווישנ ביניאָמינענ אונ סענדערלענ. אינ דער דאָזיקער רירנדיקער פריינטשאפט קומענ אמדייטלעכסטנ צומ אויסדרוק די עלעמענטנ פונ סאנטימענטאליזמ אינ ביידע ווערק. גלייכצייטיק דערמיט ווערט אָבער אויכ אינ ביידע ווערק אפנ שארפסטנ אויפנ אופגעדעקט די קאָמיק אונ דער נאריש־אומגעלומפערטער באָדנ פונ דער דאָזיקער פריינטשאפט. אזויארומ, ווערט אינ ביידע ווערק אויכ פונעמ סאנטימענטאליזמ — כאָטש טאקע אפ א גוטמוטיקנ, סאנטימענטאלנ אויפנ — אָפגעכויזעקט. —

מיר האָבנ אויבנ[1] דערמאָנט, אז דער סיוזשעט פונ „דאָס קליינע מענטשעלע" גייט נאָכ באשטימטע ליטערארישע טראדיציעס אינ דער עלטערער מאסקילישער העברייישער ליטעראטור. דערמיט האָבנ מיר ניט געמיינט אויסשעפנדיק צו לייזנ די פראגע פונ די ליטערארישע טראדיציעס פאר דער אייגנארטיקייט פונ סיוזשעט אונ פאבולע אינ „דאָס קליינע מענטשעלע". אפ דער מאסקילישער טראדיציע בויט זיכ דאָס רעמל פונ דער דערציילונג (די פאָרמ פונ א ווידע), אָבער וואָס שייעכ אופבוי פונ דער פאבולע גופע, האָט מענדעלע געשעפט אָנרעגונגענ פונ גאָר אנדערע קוואלנ, אפ וועלכע מיר זיינענ נאָכ דערווייל ניט אימשטאנד מיט זיכערקייט אָנצווייזנ. ס'וואָרפט זיכ אָבער אינ די אויגנ, אז „דאָס קליינע מענטשעלע" אנטשפרעכט גענוג פינקטלעכ אונ אינ אלע וויכטיקסטע פראָטימ צומ ליטערארישנ זשאנר פונעם אזויגערופענעם שעלמענ־ראָמאנ, La novella picaresca — плутовский роман), וואָס איז אורשפרינגלעכ אופגעקומענ אינ דער שפאנישער ליטעראטור פונ XVI יאָרהונדערט, אונ האָט דערנאָכ ביז טיפ אינ XIX יאָרהונדערט ארייַנ געשפילט אלס טראדיציע אזא וויכטיקע ראָליע

[1] ז. 53—54.

אינ דער אנטוויקלונג פונעמ רעאליסטישנ ראָמאנ אינ די מיטעלעוו-אייראָפּייִ-
שע ליטעראטורנ.

אינ „מאסאָעס” האָט מענדעלע פאר זײַנ סאטירע באוווּסטזיניק אויסגע-
נוצט סיוזשעט אונ פאבולע פונ סערוואנטעסעס „דאָנ-קיכאָט”. אינ „דאָס קליי-
נע מענטשעלע” איז מענדעלע — ס'קאָנ זײַנ א אומבאוווּסטזיניק — געקומענ צו
א זשאנר, וואָס שטאמט אינ אייראָפּע[1] אויכ פונ דער שפּאנישער ליטערא-
טור, ווענ זי איז געשטאנענ אפ דער שוועל, וואָס פירט פונ דער פעאָ-
דאלישער צו דער בורזשואזער וועלט. אגעוו האָט דאָס א שײַכעס ניט
בלויז צו „דאָס קליינע מענטשעלע”, נאָר אינ א געוויסער מאָס אויכ צו
„פישקע דער קרומער”, וואָס ווײַזט אויכ אינ סיוזשעט אונ פאבולע א גאנצע
ריי שטריכנ פונ דעמ דאָזיקנ שעלמענ-ראָמאנ-זשאנר.

אלס אויסגאנג-פונקט פאר דער אייראָפּייִשער ליטעראַרישער טראדיציע
פונ דעמ דאָזיקנ זשאנר ווערט געוויינלעכ באטראכט די בארימטע נאָוועלע
„לאסארילאָ פונ טאָרמעס” (פארפאסט פונ אנ אנאָנימענ פארפאסער, ווארש-
שײַנלעכ אינ די 30-ער יאָרנ פונ XVI יאָרהונדערט, צומ ערשטנ מאָל אינ
דרוק דערשינענ אינ יאָר 1554). די דאָזיקע נאָוועלע, פונקט ווי אלע שפּע-
טערדיקע דערציילונגענ פונ דעמ דאָזיקנ זשאנר, דערציילט אפ אנ אווטאָ-
ביאָגראפישנ אויפנ וועגנ דעמ מיט צאָרעס אונ פאסירונגענ רײַכנ
גורל פונ אנ אורשפּרינגלעכ האלב-לומפּישנ, האלב-דינערישנ, שטאָטישנ
קליינבירגער. דערבײַ צעוויקלט זי אפ א פראָסטער אונ פאָקסטימלעכער
מאניר פארביקע אונ רײַכע בילדער פונ לעבנ אונ שטייגער פונ די פאר-
שיידנסטע קלאסנ אונ שיכטנ, אונ קריטיקירט די געזעלשאפטלעכע פאר-
העלטענישנ פונ א שטאנדפּונקט, וואָס איז כאראקטעריסטיש פארנ שטאָ-
טישנ קליינעמ בירגער. די קלאסישע מוסטערנ פונ דעמ זשאנר זײַנענ גע-
וויינלעכ געוועזנ אנטי-פעאָדאליש אונ אנטי-קלעריקאליש.

דער דאָזיקער זשאנר האָט זיכ שפּעטער אינ XVII אונ XVIII יאָרהונדערט
זייער רײַכ אנטוויקלט סײַ אינ שפּאניע סײַ אינ פראנקרײַכ, איטאליע, דײַטש-
לאנד אא. מיטעלעוו-אייראָפּייִשע לענדער. אזעלכע באדײַטנדיקע ווערק, ווי
„זשיל בלאס” פונ לעסאזש אונ „סימפּליציסימוס” פונ גרימלסהאוזענ, זײַנענ
לויט זייער ליטעראַרישנ זשאנר „שעלמענ-ראָמאנענ”. עלעמענטנ פונ
דעמ ווערנ אָנגעווענדט פונ סקאראָנ אונ אינ א געוויסער מאָס אפי-
לע פונ וואָלטערנ אינ זײַנע דערציילערישע ווערק. זייער באדײַטנדיקע אָפּ-
קלאנגענ פונ דעמ זשאנר געפינענ מיר אינעמ שאפנ פונ דיקענס, באזונ-
דערס אינ זײַנע ביאָגראפישע ראָמאנענ, לעמאָשל, אינ זײַנ „אָליווער

[1] ער איז אורשפּרינגלעכ געקומענ (דורכ דער גריכישער אונ לאט: שער ליטעראטור) פונ די מיזרעכ-ליטעראטורנ.

טוויסט" (1838), „לעבן און אוואַנטיורעס פֿון ניקאָלאַס ניקלבי" (1839; דער
דאָזיקער בוך איז געווען געווענדט קעגן דעם ענגלישן דערציִונג־וועזן,
פּונקט ווי מענדעלעס „דאָס קלײנע מענטשעלע" ווענדט זיך מיט שאַרפֿע
ווערטער קעגן דעם דעמלטיקן ייִדישן דערציִונג־וועזן), „דאַוויד קאָפּער־
פֿילד" (1849 — 1850). אויב מיר נעמען אין אַכט, אַז גראָד אין די 50־ער
און 60-ער יאָרן איז דיקענס זייער פּאָפּולער געווען אין רוסלאַנד, וועט
מען קאָנען אויפֿשטעלן אַ השערה, אַז די שטריכן פֿונעם שעלמען־ראָמאַן־זשאַנר
זײַנען עפּשער אָנגעקומען צו מענדעלען דורך דער פֿאַרמיטלונג פֿון דיקענס
ווערק. (עס וואָלט ביכלאַל קעדײַ געווען אויסצופֿאָרשן די מעגלעכע — און
זייער וואַרשײַנלעכע — ווירקונג פֿון דיקענסן אויף מענדעלען). אָבער אפֿילו, ווען
סע זאָל זיך אַרויסווײַזן, אַז מענדעלע האָט ניט געהאַט קיין שום באַ־
וווסטזיניקע באַציִונג צו דער דאָזיקער ליטעראַרישער טראַדיציע[1],
און דאָס איז זייער ווײניק וואַרשײנלעך (אין דער רוסישער ליטעראַטור
האָבן אַחוץ בולגאַרינען אויך אַזעלכע שרײַבער ווי וועלטמאַן און נאַריעזשני
און אפֿילו גאָגאָל אין זײַן „טויטע נעפֿאַשעס" קולטיווירט די דאָזיקע טראַדיציע),
איז פֿונדעסטוועגן די פֿעסטשטעלונג, אַז מענדעלע האָט פֿון דעם זשאַנר אַנטליגן
דעם סיוזשעט פֿאַר „דאָס קלײנע מענטשעלע" (און אויך פֿאַר „פֿישקע") ניט
ווײניקער אינטערעסאַנט, אין אַ געוויסער מאָס גאָר נאָך מער. וואָרעם אויב מענ־
דעלע איז בײַ דער שילדערונג פֿונעם אונטערלעקערישן מאַיאָפּעסניק און פֿון זײַן
אַנטוויקלונגס־גאַנג צום גוויר און טאַקע טאַקע גאַנץ זעלבשטענדיק אָנגע־
קומען צו די וויכטיקסטע שטריכן פֿון דעם דאָזיקן זײַט יאָרהונדערטער
פֿינקטלעך־אויסגעאַרבעטן זשאַנר, באַווײַזט דאָס בלויז אַן איבעריק מאָל,
אַז די באַשטימטע אַנאַלאָגישקײַט פֿון אידעאָלאָגישע דערשײַנונגען אין פֿאַר־
שיידענע צײַטן און ערטער זײַנען אַ רעזולטאַט פֿון אַ באַשטימטער אַנאַלאָ־
גישקײַט אין דער געזעלשאַפֿטלעכער סיטואַציע.

פֿאַר דעם דאָזיקן זשאַנר איז כאַראַקטעריסטיש: אויף אַ מין מעמואַ־
ריסטיש־אויטאָביאָגראַפֿישן אויפֿן ווערט הומאָרפֿול דערציילט וועגן דעם
געשעעניש־רײַכן, פֿאַרוואַנדלונג־רײַכן און שווערן גויִרל פֿון אַ האַלב־לומפּישן
שטאָטישן ייִנגל ביז צו זײַנע רײַפֿע יאָרן, ווען ער דערגרייכט צו זײַן
ענדגילטיקן דערפֿאָלג אָדער דורכפֿאַל. כאָטש דער זשאַנר רופֿט זיך „שעל־
מען־ראָמאַן", באַטײַט דאָס בעשום־אופֿן ניט, אַז דער ווירקנדיקער און וועגן
זיך דערציילנדיקער הויפּט־העלד מוז אומבאַדינגט זײַן אַ „שעלם" און פּלוט,

1 אגעוו: אקסענפעלדס פארלוירן געגאנגענער ראמאן „דער יידישער זשיל בלאס" איז
לויט די יעדיעס, וואס מיר פארמאגן וועגן זיין סיוזשעט און פאבולע, געווען א טיפישער שעל־
מען־ראמאן.

אומבאדינגט א נעגאטיווע געשטאלט. צו דער טראדיציע פון דעם זשאנר געהער א באשטימטע פרייע גוטמוטיקע באציִונג צו די דערציילטע „שפיצלעך" און „פאָרטלען" און אפילע צו קעגנגעזעצלעכע טאטן פונעם הויפט־העלד. דערין איז געקומען צום אויסדרוק א האמויניש־בונטארישער אָפשפאָט אף דער פיליסטערישער „אָנשטענדיקײַט". דאָס גילט אָבער לאכלוטן ניט אומבאדינגט פארן גאנצן זשאנר ביכלאל, און גאנץ אָפט ווערט די גוטמוטיקע באציִונג צו די ניט־לײַטישע טאטן פונעם הויפט־העלד באלייט מיט א מאָראליזירנדיקער באלערנדיקער קאָוואָנע. דער הויפט־העלד פונעם שעלמען־ראָמאן איז גאנץ אָפט — אכוץ עטלעכע אין דער יוגנט אָפגעטאָנענע שפיצלעך — לאכלוטן ניט קיין שעלם. געוויינלעך אפילע א פאָזיטיווע פיגור (יעדנפאלס, לויט דער אײַנשטעלונג פון שרײַבער). מיט „נאָוועלא פיקארעסקא" איז דעריקער געמיינט: די מײַסעס און אוואנטיורעס פון א פראָסטן האמויינישן אָרעמען יונג, אין קעגנזאץ צום ריטערלעכן, הויפישן, אריסטאָקראטישן ראָמאן, וואָס באריכטעט די פאסירונגען און אוואנטיורעס פונעם וואזשנעם ריטער, — כאָטש, פון דער אנדערער זײַט, טרעפט זיך אויך אָפט, אז דער שעלמישער העלד איז טאקע אויך א „ש ע ל ם" אין אייגנטלעכן באטײַט פון וואָרט (א פלוט, א זשוליק).

פאר דעם דאָזיקן זשאנר איז כאראקטעריסטיש, אז דער הויפט־העלד איז געוויינלעך אָדער א דעקלאסירט פויערים־יִנגל אין דער שטאָט, אָדער א קינד פון פאראָרעמטע האנטווערקער, פון פארלומפטע שטעלנלאָזע סאָלדאטן אָדער פון אנדערן שטאָטישן און שטעטלדיקן לומפנטום. קורץ, יענער געזעלשאפטלעכער שיכט, פון וועלכן סע וואקסט און דערגאנצט זיך דאָס שטאָט־בירגערטום אין יענער צײַט.

די קלאסישע סכעמע פון שעלמען־ראָמאן בויט זיך געוויינלעך אף דער סיוזשעטישער דעטאל, אז דער הויפט־העלד הייבט אָן זײַן קאריערע אלס דינער אָדער געהילפ (דער איינציקער וועג פארן קליינבירגער ארײַנצוקומען אין דער „געזעלשאפט") און בײַט זײַנע שטעלעס, מעלאָכעס, זײַן שטאנד אאוו. זייער אָפט. דאָס גיט די מעגלעכקײַט צו אנטוויקלען די בילדער פון דער געזעלשאפט־קריטיק אפן ברייטסטן אויפן. געוויינלעך פירט דער מעכאבער דעם הויפט־העלד (וואָס איז לויטן אווטאָביִאָגראפישן נוסעך קלוימערשט דער פארשרײַבער פון דער דערציילונג גופע) אין די סאמע געדיכטענישן פון לעבן, באזונדערס פון שטאָטישן אָדער שטעטלדיקן לעבן. דער שעלמען־ראָמאן איז געוויִנלעך — באזונדערס אין די אָפטע אנעקדאָטישע עפיזאָדן — דורכגעדרונגען מיט סאטירע, הומאָר אָדער טראגיקאָמיק, זײַן גרונט־שטימונג איז — ניט געקוקט אף צומאָליקע סאנטימענטאליטעטן און מעלאָדראמאטיק — אָפטימיסטיש. אין א טייל מוסטערן פון דעם זשאנר

גייט די אנטוויקלונג-ליניע פונעם הויפּט־העלד באַרג־אַרופֿ, די דערציילונג ענדיקט זיך מיטן ענדגילטיקן דערפֿאָלג פונעם „שעלם”, אין אנדערע ווידער פאַלט דער הויפּט־העלד, איבער זיינע פעלערן און איבער זיין ניט־ליטישקייט, בארגאראָפּ — געוויינלעך, ווען דער מעכאבער איז דערמיט אויסן די זעלבסטקריטיק פון זיין קלאַס, אמאָל אָבער אויך די אָנקלאָג פון די הערשנדיקע קלאַסן. עס איז נאַטירלעך, אז דאָס אַלץ ווערט באַלייט — ווען מער, ווען ווייניקער — מיט דידאקטישע רעפלעקסיעס.

דער שעלמען-ראָמאַן איז אנטשטאַנען און האָט אין זיינע בעסטע מוס־טערן געדינט אלס אויסדרוק פון די אנטי־פעאָדאַלישע און אנטי-קלעריקאַ־לישע טענדענצן פונעם אופקומענדיקן בירגערלעכן קלאַס, באַזונדערס פונעם מיטעלן און קליינעם שטאָטישן בירגער. אמאָל אפילע אלס אויסדרוק פון פראָנדע מיצאַד דעם שטאָטישן קליינבירגער צום רייכן פעאָדאַל־טאַקיפּישן גרויסבירגער (פונדאַנען נעמט זיך די אָפטע קריטישע באַציִונג צו רייכע, די פאראכטנדיקע ווערטער וועגן געלט און געלט־ליבע אאַוו'). דער זשאַנר שעלמען־ראָמאַן האָט, אין קעגנזאַץ צום אריסטאָקראַטישן ראָמאַן, געגעבן די ברייטסטע מעגלעכקייט אין פאַרבנרייכע, רעאַליסטיש-געמאָלטע בילדער צו צעוויקלען ארום די איבערלעבונגען און פּאַסירונגען, וואָס האָבן זיך געטראָפן מיטן „שעלם”, ברייטסטע און אָפט אפילע פּאַמפלעטישע קריטיק פון געזעלשאַפטלעכן שטייגער און אנטשפּרעכנדיק אויסצופאָרמירן דעם בירגערלעכן באַוווסטזיין. —

די שטריכן, וואָס מיר האָבן דאָ פון דעם דאָזיקן זשאַנר אָנגעוואָרפן, וועלן קלעקן אפּ קלאָר צו מאַכן, אז מענדעלעס „דאָס קליינע מענטשעלע” איז לויטן זשאַנר זיינעם אַן אַנטשפּרעכנדיק מאָדיפיצירטער „שעלמען-ראָ-מאַן” (אין אַ געוויסער מאָס אויך „פישקע”). און דאָס איז ניט קיין צו־פאַל. די אַנאַלאָגיע אין דער געזעלשאַפטלעכער סיטואַציע, וואָס האָט גע־פירט צו אַנאַלאָגישע ליטעראַרישע אויסדרוק-פאָרמעס, באַשטייט דאָ אין דער פעאָדאַלישער אָפּגעשטאַנענקייט פון ברייטסטע שטאָטישע (שטעטלדיקע) פאָופּעריזירטע און צום טייל דעקלאַסירטע מאַסן אין אַ פּעריאָד, ווען סע שפּאַרט שוין פון אַלע זייטן אַ נייע בירגערלעכע אָרדענונג, סע קומט אויף אַ ניי בירגערלעך באַוווסטזיין, אַ נייע וועלטאָנשויונג. אינעם קאַמף קעגן די רעשטן אָפּגעלעבטע אַלטע געזעלשאַפטלעכע פאָרמעס אַפּ אַלע געביטן.

## 18. קאָמפּאָזיציאָנעלע סטרוקטור

די בורזשואַזע קריטיקער מענדעלעס האָבן דעם פאַקט פון פראַגמענ־טאַרישער עפּיזאָדישקייט און קאָמפּאָזיציאָנעלער געבראָכנקייט פון אַ טייל ווערק זיינע פאַראַלגעמיינערט און האָבן אופגעשטעלט די באַהויפּטונג,

אַז די קאָמפּאָזיציאָנעלע געשטוקעוועטקייט איז ביכלאַל כאַראַקטעריסטיש פאַרן גאַנצן שאַפן מענדעלעס אין אַלע, אָדער אין אַלע בעסטע זיינע ווערק. דאָס איז אַ טראַדיציאָנעל־אָנגענומענע מיינונג זייט סאָף 80־ער יאָרן[1] (פרישמאַן, דובנאָוו[2], ראַווניצקי), און ווערט ביז היינט קריטיק־לאָז איבערגעכאַזערט.

אַזוי קאַטעגאָריש פאָרמולירט איז אָבער דער דאָזיקער טעזיס פאַלש. ס'זיינען פאַראַן אין מענדעלעס שאַפן ווערק מיט אַן אויסגעצייכנטער דורכויס אויסגעהאַלטענער קאָמפּאָזיציאָנעלער ליניע. אויב מע קאָן מאַסקעם זיין, אַז די פּראָפּאָרץ פון די עפּיזאָדן און די „האַרמאָניע פון זייערע צווישנבאַציִונגען" איז אין „ווינטשפינגערל" (גרויסער וואַריִאַנט), לעמאָשל, אַ געשלאָגענע, אַז די קאָמפּאָזיציאָנעלע ליניע ווערט דאָ אַ סאַך מאָל געבראָכן — קאָן מען דערפון נאָך ניט דרינגען, ווי סע טוען דאָס אַמאָל פאַרשיידענע קריטיקער מענדעלעס אויך אין די לעצטע יאָרן, אַז דאָס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר זיין גאַנצן שאַפן.

ס'איז בלויז אַ יידישיסטישע לעגענדע, אַז דאָס „ווינטשפינגערל" איז דאָס סאַמע מאַסגעבנדיקסטע ווערק מענדעלעס. און פאַרשטענדלעך פאַרוואָס גראָד דאָס דאָזיקע ווערק, אָדער גאָר לויט דער ציִוניסטיש־העברעיִסטישער ווערסיע „שלוימע רעב כאַיִמס"[3]. טאַקע דערפאַר, ווייל מענדעלע אידעאַליזירט אין די דאָזיקע ווערק יענע דערשיינונגען, וואָס ער אַליין האָט פריִער אַזוי שאַרף קריטיקירט און וואָס זיינען אַזוי נאָענט און איינגעבאַקן דעם יידישיסטישן געפיל. גראָד אין די דאָזיקע ווערק איז טאַקע די קאָמפּאָזיציע אַ געבראָכענע, ס'הערשט אין זיי די עפּיזאָדישקייט, די פראַגמענטאַרישקייט. — צי איז דאָס אָבער אַזוי אויך אין די איבעריקע ווערק מענדעלעס?

---

[1] זע „אַלע שריפטן פון ד. פרישמאַן", III באַנד, וואַרשע 1914, „פון מיין ספאָרים־טישל", זז. 177—185, צוערשט געדרוקט אין „הויז־פריינט", 1888. ריידנדיק וועגן „פישקע", דערקלערט פרישמאַן, אַז „פרעגן קיין לאַנגע קאַשעס וועגן קאָמפּאָזיציעס" איז דאָ ניט שייעך, ווען „דערפאַר איז עס דאָך מענדעלע". „מענדעלע מויכער־ספאָרים איז בכלל קיין מייסע־דערציילער. ער איז אָבער אַ מייסטער מיט אַ פאָר גוטע אויגן און אַ פאָר גוטע אויערן און ער זעט און ער הערט אַלצדינג. זיינע שטיקלעך זיינען קולטור־היסטאָריע און כאַראַקטעריסטיק... זיין בוך („פישקע") האָט איבער דעם נישט דעם ווערט פון אַ דערציילונג, וואָס איז געשריבן לויט די ריכטיקע דינים פון אַ דערציילונג, און נאָר דעם ווערט פון קולטור־בילדער און כאַראַקטער־שילדערונגען; אָבער אויך דער אויפן פון זיין שרייבן האָט אַ באַזונדערן ווערט"...

[2] קריטיקוס [דובנאָוו], „וואָסכאָד", VII, 1883, זז. 21—22 זאָגט וועגן „ווינטשפינגערל": „מיר האָבן דאָ פאַר זיך ניט קיין סיפּער־האַמייסע, נאָר אויסשניטלעך אַ ריי באַשרייבונגען און בילדער פונעם יידישן שטייגער, פאַרביקע און עמעסדיקע אין העכסטן גראַד.

[3] אין זיין פּאָרע"ע צו דער העברעיִשער איבערזעצונג פון מענדעלעס ווערק „כל כתבי מנדלי מוכר ספרים", אָדעס, 1911, ב. II, ז. XXVII כאַראַקטעריזירט ד. פרישמאַן מענדעלעס „שלוימע רעב כאַיִמס" אַלס דעם „בעסטן בוך פון אַלע ביכער" („ספר הספרים") מענדעלעס.

ראַוניצקי שרײַבט נאָכ אינ יאָר 1889: „... ניטאָ איינ שרײַבער אפ דער וועלט, וואָס זאָל ניט האָבנ אינ זיכ קיינ פעלערנ. א גרויסער סיפער באַ אימ (בא מענדעלענ — מ. וו.) קומט, אשטייגער, קימאט קיינמאָל ניט אויס, ווי אויסגעגאָסנ אינ איינ פאָרמ, נאָר אלצ געארבעט פונ צונויפגעשטעלטע שטיקלעכ, פונ צוגעקינצלטע אינטריגעס; עס ציט זיכ אימ ניט איבער דעמ סיפער איינ דורכגעשנורעוועטער גלײַכער אונ גלאטער פאָדעמ. עס זעענ זיכ ארויס די געמאכטע קניפ, אָפטמאָל גאָרניט בעריעש... אינ דער „קליאטשע" אָבער, ווײַל זי איז ניט גלאַט קיינ סיפער־האמײַסע, פעלנ די דאָזיקע כעסרוינעס"... („יידישע פאָלקס־ביבליאָטעק", צווייטער בוכ, 1889, ז. 277). ראַוניצקי וויל זאָגנ, אז דאָ באקומט דער כיסאָרנ א „טיקנ", דאָ איז עס אפנ אָרט אונ פאסיק. די פעסטשטעלונג וועגנ קאָמפאָזיציאָנעלער געשטוקעוועטקײַט איז אָבער ריכטיק דאפקע בענעגייע אזא ווערק, ווי „די קליאטשע" אונ האָט א שײַכעס אויכ צו „שלוימע רעב כאימס" אונ טייל ווײַז אויכ צו „ווינטשפינגערל". גראָד פאר די ווערק זײַנענ „די דאָזיקע כעסרוינעס" מער אָדער ווייניקער כאראקטעריסטיש.

צי איז דאָס אָבער טאקע עמעס, אז אזא ווערק, ווי „דאָס קליינע מענטשעלע" כאָטש אינ אלגעמיינ שטייט עס קינסטלעריש אָנ אנ ערעכ נידעריקער, ווי די נאָרוואָס דערמאָנטע ווערק, איז געארבעט פונ צונויפגעשטעלטע שטיקלעכ, פונ „צוגעקינצלטע אינטריגעס", אז „עס ציט זיכ אימ ניט איבער דעמ סיפער איינ דורכגעשנורעוועטער גלײַכער פאָדעמ"?

קלאָר, אז ניינ. נאָכ ווייניקער עמעס איז דאָס בא אזא ווערק, ווי די „טאקסע", וואָס פארמאָגט א דײַטלעכע אונ אויסגעהאלטענע קאָמפאָזיציע. דעמ אינהאלט פונ די דאָזיקע ווערק, דער קאמפ קעגנ דעמ פעאָדאלישנ טאקעפ, האָט מענדעלע קלאָר פארבאוווסטזיניקט. דאָס קומט צומ אויסדרוק אינ דער קלאָרקײַט פונ דער סיוזשעטישער אנטוויקלונג.

„מאסאָעס", מענדעלעס צענטראל ווערק, פארמאָגט עלעמענטנ פונ פעסימיסטישער סאנטימענטאלישקײַט, ס'צעבליט זיכ שוינ דאָ זײַנ נעטיע צו וואָרטלעכער אָרנאמענטיק, ס'זאָגנ זיכ שוינ דאָ אָנ אפאָלאָגעטישע טענער, די פאראָדיע הייבט זיכ דאָ שוינ אָנ צו סטיליזירנ (ס'גייט דאָכ וועגנ דער „זעלבסטקריטיק" פונעמ קליינבירגערלעכנ קלאס) — אינגאנצנ גענומענ איז אָבער דאָס דאָזיקע ווערק שארפ אָנגעצילט אפ קריטיק פונ געזעלשאפט; דאָס דאָזיקע ווערק איז דאָכ פאָרט דער סאמע שארפסטער, סאמע קינסטלערישער דאָקומענט פונ קליינבירגערלעכער „זעלבסטקריטיק". איז דעריבער ניט קיינ צופאל, וואָס „מאסאָעס" פארמאָגט א קלאָרע, פעסט־אויסגעהאלטענע, שטרענגע אונ דראמאטיש־אָנוואקסנדיקע קאָמפאָזיציע. דאָס דאָזיקע מײַסטערישסטע גרעסטע ווערק מענדע-

לעס—איינס פונ די גרעסטע אינ דער יידישער ליטעראטור—האָט א שטרענגע, אויסגעהאלטענע סטרוקטור.

אינ „פישקע דער קרומער" לאָזט זיכ שוינ דײַטלעכער הערנ די קליינבירגערלעכע זעלבסט־אפּאָלאָגעטיק אינ דער פאָרמ פונ סאנטימענטאליזמ. ס'איז א ווערק וועגנ דער אָרעמשאפט, אָבער די קעמפערישע צילבאַוווסטקײַט פעלט דאָ אינגאנצנ. דער געזעלשאפטלעכער אינהאלט אינ דעמ ווערק איז ענלעכער צו א באקלאָגעניש איידער צו אנ אָנקלאָג. די טעמע איז דאָ די סאָציאַל־עקאָנאָמישע נויט פונ די מאסנ, אינ אזא טעמע פאָדערט זיכ באזונדערס שטארק, אז ס'זאָלנ באוויזנ ווערנ ניט נאָר די לײַדנדיקע, נאָר אויכ די פארורזאכער פונ די דאָזיקע ליידנ, ניט נאָר די מאסנ, נאָר אויכ זייער קלאסעווער קעגנער אלס קעגנער. מענדעלע האָט אָבער דאָ—לעהייפּעכ צו דעמ, וואָס מיר זעענ אינ דער „טאקסע" אונ „דאָס קליינע מענטשעלע", ווערק מיט אנ ענלעכער טעמע—דעמ סאָציאַלנ קעגנער פארלאָרנ פונ די אויגנ. ס'ווערנ דאָ געשילדערט—אונ אינ א סאכ ערטער מיט גאָר גרויסער מײַסטערשאפט— איינצל־מאָמענטנ פונ די סאָציאַלע צושטאנדנ, אָבער ניט זייער צוזאמענהאנג, ניט זייער פארבינדונג מיט די סאָציאַלע באוועגערס. בלײַבנ די געשילדערטע מאָמענטנ פארײנצלט, אינ טאָכ גענומענ —כאָטש פאָרמעל אונ קאָמפּאָזיציאָנעל זײַנענ זיי פארבונדנ— פראגמענטאריש. דאָס קומט אויכ צומ אויסדרוק אינ דער קאָמפּאָזיציאָנעדער סטרוקטור פונעמ ווערק. „פישקע דער קרומער" איז טאקע ניט „ווי אויסגעגאָסנ אינ איינ פאָרמ", ס'איז פאראנ אינ דעמ בוכ „צונויפגעשטעלטע שטיקלעכ", אונ „צוגעקינצלטע אינטריגעס". עס ציט זיכ דאָ ניט איבער דער גאנצער דערציילונג איינ „גלײַכער אונ גלאטער פאָדעמ, עס זעענ זיכ ארויס די געמאכטע קניפּ, אָפּטמאָל גאָרניט בעריעש...", ווי ראווניצקי שטעלט פעסט וועגנ א טייל גרעסערע דערציילונגענ מענדעלעס. די סיבע ליגט דאָ ניט אינ א „אָרגאניש־קינסטלערישנ „כיסאָרנ" מענדעלעס—אינ דער „טאקסע", אינ „מאסאָעס" זעענ מיר גאָר עפּעס אנדערש—נאָר גראָד דערינ, וואָס ער האָט זיכ דאָ מער דערנעענטערט צו דער מיט „אינטריגעס צוגעקינצלטער" וועלטאָנשויונג פונ די ראווניצקיס.

אונ פונדעסטוועגנ וועט אפילע וועגנ „פישקע דער קרומער" פאלש זײַנ צו זאָגנ, אז ס'איז ניטאָ אינ דעמ דאָזיקנ ווערק קיינ דורכגעפירטע קאָמפּאָזיציע. זי איז פארוויקלט, געדריידלט, געקינצלט, געבראָכנ, אָבער אויסגערעכנט אונ דורכגעפירט ביז צומ סאָפ. דער פאָדעמ פונ דער דערציילונג איז ניט קיינ „גלײַכער אונ גלאטער", אָבער ער איז „דורכגעשנוררעוועט", ד.ה. די עפּיזאָדישע טיילנ אָרדענענ זיכ אײַנ, פלעכטנ זיכ אײַנ אינ דער גאנצער קאָמפּאָזיציאָנעלער סטרוקטור.

בלײַבנ אזעלכע ווערק, ווי „די קליאטשע“, „דאָס ווינטשפינגערל“
(גרויסער וואריאַנט) אונ א טייל פונ די קלענערע דערציילונגענ. פאר די
דאָזיקע ווערק מענדעלעס איז טאקע כאראקטעריסטיש א מער אָדער ווײַ-
ניקער אויסגעשפּראָכענע געבראָכנקײַט אינ דער קאָמפּאָזיציאָנעלער אונ
פּאבוליארישער ליניע. דער זינ פונ דער דאָזיקער קאָמפּאָזיציאָנעלער
געבראָכנקײַט ווערט באזונדערס קלאָר אינ דער „קליאטשע“. די עמאנסי־
פּאציע־פאָדערונג אונ די טײַנעס ארום דער דאָזיקער פאָדערונג ווערנ דאָ
געשטעלט פונ א שמאָל־באגרענעצטנ שטאנדפּונקט. מענדעלע שטעלט זיכ
דאָ די אופגאבע צו ברענגענ צום באוווסטזײַנ, סײַ פונ דער „קליאטשע“
סײַ פונ אירע „פײַניקער“ — אז די „קליאטשע“ איז גאָר אינעמעסנ א „פּאר-
קישעפטער פּרינצ“. ער האָט טײַנעס צו דער „קליאטשע“ וועגנ איר „נא-
ציאָנאלער ווערדעלאָזיקײַט“, אונ צו די אונטערדריקערס אירע, אז זיי ווייסנ
גאָרניט, וואָס פאר א מינ אלטע היסטאָרישע איידלקײַט זײַט אור־דוירעס
סע שטעקט אינ איר. וויל ער דאָ סײַ זי גופע סײַ אירע פּײַניקערס אי-
בערצײַגנ אינ איר הויכנ אוראלטנ ייִכעסדיקנ ווערט. אפילע די קריטיק
פונ דער „קליאטשע“, דה. פונ דער „קנעסעס ייִסראָעל“, פונ ייִדישנ „פאָלק“,
איז געווענדט דערופּ, אופצוּוועקנ איר „נאציאָנאלנ“, איר נאציאָנאליסטישנ
„באוווסטזײַנ“, אונ אָפּצוּווענדנ פאָלעמיש די אָנגריפנ פונ אירע קעגנער.
דעריבער איז דער דאָזיקער גאנצער בוכ, ניט געקוקט אפ די „זעלבסט־
קריטישע“ טײַנעס — אנ אפּאָלאָגעטיש בוכ. אונ קעדיי צו באוויַזנ
אינ דער פּאראכטעטער „קליאטשע“, לעמאָשל, אינ דער קאָרומפּירטער פּא־
ראזיטישער קרעמערישער מאסע פונ קליינבירגערטום אונ בורזשואזיע, דעמ
„פארקישעפטנ פּרינצ“, מוז שוינ מענדעלע לאָזנ שפּילנ זײַנע „קונצנ“ —
זײַנ „ווונדערלעכע בארעדעוודיקײַט“, וואָס איז דאָ זייער אָפּט ווייניקער
וווּנדערלעכ, ווי טאמעוואטע־מאגידיש. וועגנ דעמ דאָזיקנ מינ מענדעלעס
בארעדעוודיקײַט האָט קאָוונער מיט יאָרנ פריִער געזאָגט : „המצאות
וחדודים אשר יש להם ריח בית המדרש...“, דה. „האמצאָעס אונ שארפּ-
זיניקע ווערטלעכ, וואָס סע שמעקט פונ זיי מיט קלויז“. דאָ מוז
שוינ מענדעלע אויכ פארוואנדלענ די קאָמפּאָזיציאָנעלע ליניע אינ אָרנא־
מענטאלישע קרײַזנ אונ דריידלעכ.

## 19. מענדעלעס מײַסטערישקײַט

מיר קערנ זיכ אומ צום אויסגאנג־פּונקט פונ אונדזערע דאָזיקע
באטראכטונגענ. די בירגערלעכע קריטיק שעצט מענדעלענ הויפּטזאכלעכ אלס
שפּראכ־סטיליסט אונ „עטנאָגראפ“ מענדעלעס באדײַטונג ליגט אָבער
ניט דעריקער אינ זײַנ שפּראכ־„קענטעניש“, אויכ ניט אינ דער „וווּנדער־

לעבער בארעדעוודיקייט", וואָס וואָלט פאַר זיך גענומען, — אויסער דעם צוזאמענהאנג מיט זיין געזעלשאפטלעכער קריטיק — שוין לאנג ניט געהאט קיין זייער גרויסן ווערט. זי באקומט א קינסטלערישע באדייטונג ערשט דורך איר קריטישער פונקציע — אזוי לאנג ער גיט איר א מינוס-פאָרצייכן; וואָס „וווּנדערלעכער" און וואָס מער זעלבסטצוועק סע ווערט זיין „בארעדעוודיקייט", דה. וואָס מער זי צעגייט זיך אין קלעריקאל-נאציאָנאליסטיש-סטיליזירטער מאגידעס — דעמלט, ווען זי באקומט א פּליוס-פאָרצייכן — אלץ פוסטער ווערט זי און ניט-געניסבארער. דאָס באטייט, אז מענדעלע איז גרויס, ווי ער נעמט דאָס בעסטע פון דער פלעביישער מאסע, זיין באטייט פארמינערט זיך שטארק אומעטום ווי ער נידערט אראָפּ צו איר אָפּגעשטאנענקייט און לאָזט זיך פון איר נאָכשלעפּן.

ס'באקומט זיך גראָד קאַפּויר, ווי די בירגערלעכע און קליינבירגערלעכע קריטיקער מיינען. דאָרט, ווו מענדעלעס „בארעדעוודיקייט" און „פּיקכעס" זיינען געמיינט אפ א שפּאס — דאָרט ווערן זיי טאקע אן ע ר נ ס ט, א הויך-קינסטלערישער ערנסט. דאָרט אָבער, ווו ער מיינט עס ערנסט מיט זיין דאָזיקער בארעדעוודיקער פּיקכעס — דאָרט ווערט עס א ש פּ א ס, לעכערלעך און נישטיק.

אזוי לאנג ער סטיליזירט פּאראָדיסטיש די „בארעדעוודיקייט" און „פּיקכעס" צוליב סאטירישער קריטיק — איז דאָס עמעס-ווערטפולער, עכטער קינסטלערישער ס ט י ל. דאָרט אָבער, ווו מענדעלע הייבט אָן מיט אן ערנסטער מינע אויסצוצאצקען פון דעם מאטעריאל א „נאציאָנאלן נוסעך" און מאכט פון די כויזעקדיקע דריידלעך ערנסט געמיינטע „אָרנאמענטן" — ווערט דאָס א פּוסטע, אופגעבלאָזענע, אימיטירטע סטיליזאציע אין ערגסטן באטייט פון וואָרט, א ניימאָדישער וואריאנט פון זיין אמאָליקער העברייישער מעליצעדיקייט, וואָס קאָוונער האָט פון איר אמאָל בא מענדעלען און אנדערע מאסקילים אזוי שארף און טרעפלעך אָפּגעכויזעקט. זיין ס ט י ל האָט דעריקער געדארפט באווייזן די אבסורדישקייט פון „היסטאָרישן יידנטום", זיין סטיליזאציע האָט זיך באמיט זי צו פארזיסן און צו פארפּוצן.

די „עטנאָגראפישקייט" אין מענדעלעס שאפן באקומט דעם עמעסן ווערטפולן באטייט ערשט דאָרט, ווו זי איז געווען געווענדט קעגן דער „עטנאָגראפישער" אָפּגעשטאנענקייט, ווו די עטנאָגראפישקייט אין זיינע ווערק איז אויסן צו נעגירן די דאָזיקע דערשיינונגען אינעם לעבן, ווו איר צוועק איז זיך צו ליקווידירן.

מענדעלעס עמעסער ווערט באשטייט אין דער באדייטנדיקער מאָס ניכטערקייט, מיט וועלכער ער האָט דערזען די ווירקלעכע לאגע פון די

ברייטסטע ייִדישע פאָלקס־מאסן אינעם איבערגאנג־פעריאָד פון פעאָדאלישער אָפגעשטאנענקייט צום קאפיטאליזם; ער באשטייט אינ דער סאָציאלער צילגעוועונדטקייט פון זײַנ שאפנ, אפ וויפל די דאָזיקע צילגעוועונדטקייט האָט אנטשפראָכנ דער *ווירקלעכקייט*, דה. צו דער היסטאָריש ווירקלעכ נויטווענדיקער פראָגרעסיווער טענדענצ פון דער געזעלשאפטלעכער אנטוויקלונג, אפ וויפל ער האָט געקעמפט קעגנ דעמ פעאָדאליזמ אונ זײַנע רעשטנ פאר א נײַער געזעלשאפטלעכער אָרדענונג. מענדעלע האָט מיט די ספעציפישע מיטלענ פון דער קונסט רעפראָדוצירט אינ זײַנע בילדער א שטיק דעמלטיק לעבנ, א באנומענס דורכ א דעמאָקראטישנ טעמפעראמענט. אינ דער גאנצער בירגערלעכער ייִדישער פראָזאיק איז מענדעלע געווענ דער גרעסטער געזעלשאפט־קריטיקער, זײַנע ווערק — אמיינסטנ אידייִש אונ סאָציאל צילגעוועונדט. זײַנ ווערט באשטייט אינ דער גאָר באדײַטנדיקער מאָס ריכטיקער, *עמעסדיק־קינסטלערישער* אָפשפיגלונג פון א שטיק דעמלטיקער געזעלשאפטלעכער סיטואציע מיט אירע ווידערשפרוכנ, אונ אינ דער מאָס פון זײַנ שטרעבנ צו ענדערנ די דאָזיקע סיטואציע אונ אויסצוקערעווענ איר אנטוויקלונג אינ א פאָרויסגייענדיקער ריכטונג.

דאָס איז עס, וואָס סע מאכט מענדעלענ פאר א מײַסטער. אונ דערמיט טאקע איז אויכ פארבונדנ דער באדײַטנדיקער דערקענטעניש-ווערט, וואָס מענדעלעס בעסטע ווערק האָבנ פאר אונדז, אפ צו דערקענענ א באשטימטנ כאראקטעריסטישנ אָפשניט פון דער פארגאנגענהייט, אונ מעמײַלע אויכ אפ צו באַרײַכערנ אונדזערע וואפנ פארנ קאמפ קעגנ די אָקשאָנעסדיקע, פארגיפטנדיקע איבערבלײַבענישנ אונ געשפענסטער פון דער פארגאנגענהייט, וואָס שטארצנ ארײַנ אינ א מער אָדער ווייניקער פארוואנדלטער אונ איבערגעניצעווטער געשטאלט ביז אינ אונדזער הײַנטיקנ טאָג, פארנ קאמפ, וואָס דארפ די דאָזיקע איבערבלײַבענישנ אויסראָטנ ביז צום וואָרצל.

מאָסקווע, אָקטיאבער 1933.

## אינהאלט